י. י. זינגער

# יאשע קאלב

ראמאן

דריטע אויפלאגע

פארלאג ח. בזשאזא, ווארשע, 1937

# ערשט קאַפּיטעל

אין גרויסען גאַליצישען גוט-אידישען הויף, בּיים רבּי'ן ר' מלך פון ניעשאַווע, האָט מען זיך געגרייט גאָר שטאַרק צו דער חתונה פון רבּינ'ס טאָכטער סערעלע.

דער רבּי ר' מלך האָט מיט דער חתונה פון זיין אינגסטער טאָכטער שטאַרק געאיילט.

ער איז געווען אַ איד אַ גיכער, דער רבּי ר' מלך. אַן עטליכע זעכציגער שוין, אַ בּאַלייבּטער, מיט אַ גרויסען בּויך, איבּער וועלכען דער לאַנגער טערקישער געלבּליכער טלית-קטן פאַרהויבּט זיך, ווי בּיי אַ אידענע אין די העכערע חדשים, איז ער פונדעסטוועגען געווען זעהר אַ היציגער. זיינע בּולט'ע אַרויסגעזעצטע בּיער-פאַרבּיגע אויגען האָבּען אַלץ אַזוי דורכדרינגליך דורכגענומען, ווי זיי וואָלטען וועלען אַרויסשפּרינגען פון די לעדלעך. דורך דעם גאַנצען געדיכטעניש פון זיין בּאָרד און פּיאות, פון דער גאַנצער האָריגקייט זיינער אויפן דיקען האַלז און אויפ'ן געפּאַלדעוועטען קאַרק, האָט געשפּראָצט מיט בּלוט, געזונדקייט און ענערגיע. אַ קאָכעדיגער, אַ טומלענדיגער, מיט אַ פּאָר אָנגעבּלאָזענע זינליכע ליפּען, וועלכע הערען קיינמאָל נישט אויף צו זויגען אַ גראָבּען ציגאַר, אַלץ איינס אַ בּרענענדיגען, צי אַ פאַרלאָשענעם, איז ער דערביי געווען אַ גוואַלדיגער תקיף. טאָמער האָט ער זיך אויף עפּעס פאַרלייגט, האָט ער אַזוי לאַנג געטריבּען, געיאָגט,

ביז ער האָט זיינס דורכגעפיהרט. און אויך מיט דער חתונה פון זיין טאָכטער האָט ער געאיילט, געטריבען. ער האָט אַפילו נישט געוואָלט איבערוואַרטען ביז נאָך שבועות, נאָר געגרייט זיך צו דער חתונה אויף ל״ג-בעומר, אין מיטען דער ספירה נאָך.

פון חתנ׳ס צד, פון ראַכמאַניווקער הויף אין רוסלאַנד, האָט מען זיך שטאַרק געגענגעשטעלט דעם ניעשאַווערס יאָגעניש.

איבער דעם גאַנצען יאָהר, וואָס עס האָט געדויערט די פאַר׳קנס׳ונג צווישען סערעלען, דעם ניעשאַווער׳ס טאָכטער, און נחום׳טשען, דעם ראַכמאַניווקער׳ס זוהן, זיינען יעדען טאָג גע-גאַנגען רעקאָמענדירטע בריף פון קיר״ה און צוריק. דעם ראַכ-מאַניווקער׳ס בריף, געשריבען מיט אַן אויסגעצירקעלטען לשון-קודש, אויסגעהאַלטען לויט דעם דקדוק, יעדער וואָרט אַ פּע-רעלע, האָבען געהאַט איין זין: אָפּצושלעפּען וואָס לענגער די פאַר׳קנס׳ונג און אָפּהאַלטען אויף עטליכע יאָהר די חתונה.

„זיין חויכער כבוד, זאָל לאַנג לעבען, ווייסט גאַנץ וואויל — האָט דער ראַכמאַניווקער געשריבען — אַז אי דער חתן, אי די כלה, זאָלען לעבען, זיינען יונגע קינדער, קוים פערצען יאָהר אַלט, און ביי אונז איז אַ מנהג נאָך פון זיידען, זיין זכות זאָל אונז ביישטעהן, אין אַזעלכע זאַכען נישט צוצו-איילען. דערצו האָט דער חתן אָנגעהויבען לערנען יורה-דעה ביים למדן ר׳ פּסחיה-זווילער און איהם איז אַ שאָד פּשוט איבערצורייסען אין דער מיט״.

אין ניעשאַווער׳ס הויף האָבען דעם רבינ׳ס אוראייניקלעך, די אינגלעך, מיט גרויס פרייד אַראָפּגעריסען פון די קאָנווער-טען די פּאָסט-מאַרקען מיט׳ן קאָפּ פון רוסישען קייזער. נאָך איידער דער רבי האָט געעפענט מיט׳ן פערלמוטערנעם מעסער די בריף, האָבען זיי מיט אָנגעשפיגענע פינגער אונטערגעהויבען די אויסלענדישע מאַרקעס.

— זיידע — האָבען זיי געפרעגט אַלע מיט אַמאָל — וועלכער קייזער איז שענער, אונזערער, ציי דער רוסישער?

— להבדיל — האָט דער רבי ר׳ מלך, אַ ליבהאָבער

פון עסטרייכישען מלכות, געשטופּערט בייז און געטריבען מיט׳ן ספּאָדיק די אייניקלעך פון זיך — לאָזט לייענען, געהט נישט ליידיג!

ער האָט נישט פאַרטראָגען דעם מחותנ׳ס בריף, דער רבי ר׳ מלך. ער האָט נישט פאַרטראָגען די שעהנע געציקעלטע אותיות, וואָס זיינען געווען אַזוי אויסגעפּוצט, אויסגעצערטעלט, ווי דער שרייבער זייערער, דער ראַכמאַניוועקער. ער האָט אַ סך ווערטער, ס׳רוב פון תנ״ך גענומען, נישט פאַרשטאַנען, און איבערגעהיפּערט זיי, ווי מען מיידט אויס אַפּיקורסות. נאָר איבערהויפּט האָט איהם בייז געמאַכט דאָס, וואָס פון יענעם צד וויל מען אָפּשלעפּען מיט דער חתונה. פאַר כעס האָט ער געפּאַטשט מיט די אָנגעבלאָזענע זינגלייכע ליפּען אויפ׳ן פייכטען פאַרלאָשענעם ציגאַר און געברענט אויפ׳ן גבאי, ישראל אביגדור, אַלמאי ער איז נישטאָ און צינדט איהם נישט אָן דעם ציגאַר יעדעס מאָל, ווען ער ווערט פאַרלאָשען.

— סרוצלוויגדער — האָט ער געשריגען, כאָטש יענער האָט נישט געהערט — סרוצלוויגדער, ען ׳על דעך אויסרייסען...

ניין, ער האָט נישט פאַרטראָגען דעם מחותנ׳ס בריף, דער רבי ר׳ מלך. דאָס אָפּשלעפּען די חתונה פון זיין טאָכטער האָט איהם שטאַרק מצער געווען. וואָרים שוין אַ יאָהר צייט, ווי ער, דער ניעשאַווער אַליין, איז געווען אַן אַלמן. דאָס דריטע ווייב זיינס, סערעלע׳ס מוטער טאַקע, נאָך אַ יונגע, קוים דרייסיג יאָהר אַלט, איז געשטאָרבען, צוזאַמען מיט איהר זויג-קינד, פון שאַרלאַך. דאָס קינד איז דעם רבי׳ן נישט קיין גרויסע שאָד געווען, וואָרים די ערשטע צוויי ווייבער זיינע, וואָס ער האָט געהאַט און באַגראָבען, האָבען איהם ביים לעבען אַ סך קינדער געבראַכט אויף דער וועלט. זיהן און טעכטער. מעהרסטענס טעכטער.

דער גאַנצער הויף איז געווען פול מיט קינדער, אייניקלעך, אוראייניקלעך. אַלע קינדער האָבען געוואוינט טאַקע אין דעם גרויסען געמויערטען רבישן הויף, וואָס האָט מיט זיינע

נאַקעטע ווענט און הויכע פענסטער, מיט בלעכערנע דרעה־ווענטילאַטאָרס אין די לעצטע שויבען, אויסגעזעהן ווי אַ קאַזאַרמע. רק מען האָט דאָ געהאַלטען אין איין צומויערען, צו־שטוקעווען, אַריינקוועטשען נייע דירות, גאָרענס, אַזוי עס זאָל קלעקען פאַר אַלעמען. די צוגעשטעלטע הייזלעך, גאַניקעס, שטאָקען, אָהן יעדער פאָרם און סטיל, האָבען זיך געטוליעט צו דער הויפּט־מויער און צום בית־המדרש, ווי אָפּגעריסענע קליינע בעטלערלעך צו אַן אַלטען צוואַקסענעם בלינדען בעטלער. שטענדיג זענען דאָ אין הויף פאָרגעקומען שמחות, חתונות, ברית׳ן, תּנאים׳ס, מזל־טוב׳ס, בר־מצוה׳ס, חומש־אָנהויבענס, שוהל־פיהרע־נישען. עס זענען געווען אין הויף אַזוי פיל אייניקלעך, אַז דער רבי אַליין, אַ איד מיט אַ שווערען קאָפּ, האָט אָפּט פאַרביטען די אייניקלעך זיינע, נישט געדענקט וועמעס פון זיינע קינדער זיי זיינען. דאָס האָט אַרויסגערופען ביי די הויפישע קינדער גרויס פאַרדרוס.

דאָס געשטאָרבענע זויג־קינד איז דעריבער דעם רבי׳ן קיין גרויסער שאָד נישט געווען. אַ שאָד איז איהם געווען די רביצין. מעהר פון די ערשטע צוויי ווייבער האָט ער די דריטע ליב געהאַט. אַ יונגע, אַ פרעהליכע, אַ וואַרימע, געדענקט זי דער רבי. איינמאָל, געדענקט ער, האָט זי אַפילו איהם בעת אַ טבילה־נאַכט געזאָגט מאָדנע ווערטער.

— ווען דו האָסט נישט אַזאַ גרויסע באָרד — האָט זי איהם געזאָגט — וואָלסטו נאָך געווען גאַנץ יונג...

אַן איינפאַל פון אַן אשה!

די דאָזיגע ווערטער, כאָטש נישט צניעה׳דיגע — די פרי־הערדיגע ווייבער האָבען פאַר איהם מורא געהאַט, גרויס דרך־ארץ אַרויסגעוויזען און בכלל גאָרנישט גערעדט מיט איהם — האָבען איהם אָבער מיט אַ סך פרייד אָנגעפילט. ער האָט זיי תּמיד געדענקט. און אַפילו ביי דער לויה איהרער, ווען ער האָט זי באַקלאָגט און גערעדט פאַר די חסידים וועגען איהר גאָטספאָרכטיגקייט און צניעות, זיינען איהם גראָד די דאָזיגע ווערטער איהרע געקומען אויפ׳ן זינען, און ער האָט זיך אַזוי

צוקלאָגט, אַז ס׳גאַנצע געדיכטעניש פון באָרד און פּיאות האָט זיך איהם געטרייסעלט. די חסידים האָבען געיאָמערט ווי די ווייבער. געמיינט האָבען אַלע, אַז נאָך איהר טויט וועט ער שוין מעהר נישט חתונה האָבען.

— קיין עין-הרע, אין ד׳י יאָהרען — האָבען דעם רביג׳ס זיהן גערעדט צווישען זיך, ווי שטענדיג עס רעדען צווישען זיך רבישע קינדער וועגען זייערע פאָטערס, וואָס זיצען שוין צו לאַנג אויף דער שטוהל.

אויך די טעכטער זיינע, דיקע אידענעס, צוגאָסענע, האָבען גערעדט מיט זייערע מענער וועגען דעם, נישט געגלויבט, אַז דער פאָטער זייערער זאָל נאָך איצט אַ שידוך טאָן. פון די ספרים׳לעך אין עברי-טייטש האָבען זיי געוואוסט, אַז אַ אידישע טאָכטער טאָר נישט חתונה האָבען מיט אַ מאַן, וואָס האָט דריי ווייבער באַגראָבען, אַז אַזאַ מאַן ווערט אָנגערופען „קטלן״, ווייבער-קוילער.

— עט — האָבען זיי באַרוהיגט זייערע מענער, וואָס האָבען באַצייטענס שוין מורא געקראָגען פאַר נייע יורשים, איבער הונדערט און צוואַנציג יאָהר — מיר גלויבען נישט... וועלכע אידישע טאָכטער וועט זיך גאָר וועלען איינשטעלען ס׳לעבען ?

אָבער ער, דער ניעשאַווער אַליין, האָט אַנדערע אויסרעכענונגען געהאַט, גאָר אַנדערע. ער האָט זיך געגרייט חתונה האָבען, און דוקא מיט אַ בתולה, וואָס ער האָט געהאַט אויפ׳ן אויג. צווישען די רבנים און רבישע אייניקלעך, וואָס פאָהרען קיין ניעשאַווע, איז אויך געווען ר׳ מעכעלע היוונעווער, אַ רבישער זוהן, וואָס האָט אַליין רבי געדאַרפט זיין. נאָר געווען איז ער אַ איד אַ שטאַמלער און אַ שוטה און זיינס אַ פעטער האָט איהם אַלע חסידים אויסגעכאַפּט. ער איז דעריבער אַרומגעפאָהרען איבער דער וועלט נאָך נדבות און פון צייט צו צייט זיך אויך אַראָפּגעכאַפּט קיין ניעשאַווע. אָט ביי דעם דאָזיגען ר׳ מעכעלע היוונעווער האָט זיך אויפגעהאַלטען זיינס אַ קרובה, אַ מיידעל אַ יתומה, אַ רבי׳ש אייניקעל, נאָר אָהן אַ נדן. יעדעס

מאָל, ווען ר׳ מעכעלע האָט, ביים געזעגענען זיך, דערלאַנגט דעם ניעשאַווער אַ קוויטעל, האָט ער דאָרט דאָס מיידעל, די יתומה, דערמאָנט.

„לשידוך הגון" — האָט ער אַריינגעשריבן אין קוויטעל.
און דעם ניעשאַווער איז עס אין זינען אַריין.
דעם שידוך האָט ער זיך אַליין גערעדט.

פלוצלינג האָט ער גענומען שטאַרק מכבד זיין דעם שטאַמלער ר׳ מעכעלע, אויף וועלכן ער האָט זיך קיינמאָל נישט רעכט אומגעקוקט. ער האָט איהם אונטערגערוקט ביים טיש גרויסע שטיקער שיריים, דערלאַנגט איהם עטליכע מאָל וויין, באַפוילען דעם גבאי, ער זאָל איהם אַוועקזעצען אויבען-אָן, צווישען די גרויסע מיוחסים. ביים געזעגענען האָט ער גאָר זיך פאַרשלאָסען מיט איהם אין אַ באַזונדערער שטוב, מכבד געווען איהם מיט אַ ציגאַר. דערביי האָט ער איהם שוין טאַקע אַוועקגעשאָנקען דעם בורשטינענעם ציגאַר-שפּיץ.

— רויכערסט מיט אַ פּראָסטען ציגאַר-שפּיץ, ווי אַ בע-דער — האָט ער געזאָגט — עט, ס׳פּאַסט גאָרנישט פאַר אַ רביש קינד...

און גלייך דערנאָך איז ער אַרויס מיט אָפענע דיבורים.

— עך בין נאָך, געלויבט דער אויבערשטער, אַ בעל-כח— האָט ער געזאָגט, בליצעגדיג אויף דעם אידען מיט די אויסגע-קוילערטע אויגען — זאָגט איהר, דער בתולה, אַז זי וועט נאָך האָבען, אם ירצה-השם, בנים-זכרים. און זאָל זי נישט מורא האָבען צו נעמען אַ „קטלן", ווייל דאָס איז נישט קיין דין, נאָר אַ מנהג, אַ נאַרישער מנהג. עך האַלט נישט דערפון, עך...

ער האָט עטליכע מאָל פרעהליך אַ טשמאָקע געטאָן מיט די ליפּען אין פאַרלאָשענעם ציגאַר, געכאַפּט דעם שטאַמלער ביים אויסגעקראָכענעם בערדעל, און געזאָגט גיך:

— און איהר וועט זיין ביי מיר, מחותן. איהר וועט זיין ביי מיין טיש, מחותן.

דאָס וואָרט „מחותן" האָט דעם אָרימען קאַליקע אַזוי

גערירט, אַז ער האָט זיך געלאָזט פירען ביי דער באָרד פון צוישאַכמערטען רבי'ן ר' מלך. פון שמחה איז ער געלאָפען הין און צוריק איבער דער שטוב, דער רבי ר' מלך, נישט אַרויסלאָזענדיג דעם איד'ס באָרד פון דער האַנט.

— עך מיין טאַקע, אַז ס'איז אַ גלייכע זאַך — האָט דער שטאַמלער אַרויסגעזאָגט אין איין אָטעם, גאָרנישט פאַרהיקענדיג זיך.

דאָס האָט איהם צוגעגעבען מוט און ער האָט געוואָלט צוגעבען דערצו אַ פיינעם משל, וואָס ער פלעגט איהם הערען פון זיין פאָטער, ווען מען האָט איהם פאָרגעלעגט אַ גלייכע זאַך: אַ כשר'ער טאָפּ און אַ כשר'ע שיסעל...

נאָר דאָ האָט ער זיך שטאַרק פאַרהיקעט, שיער זיך נישט דערוואָרגען מיט די שווערע רייד. האָט איהם דער רבי ענדליך אָפּגעלאָזט די באָרד און גענומען די אייגענע באָרד אין דער האַנט אַריין.

וועגען פרעגען דאָס כלה-מיידעל איז דעם רבי'ן אַפילו נישט איינגעפאַלען. ער האָט געוואוסט, אַז זי איז אַ יתומה, אָהן אַ קרייצער נדן, וואָס האַלט זיך אויף ביי אַ פעטער אַן אָרימאַן, און זי וועט עס האַלטען פאַר אַ גליק צו ווערען די ניעשאַווער רביצין.

די איינציגע מניעה איז געווען פאַר'ן רבי'ן ר' מלך די יונגסטע טאָכטער, סערעלע, די בת-יחידה פון דריטען פאַרשטאָרבענעם ווייב. חתונה האָבען פאַר איהר האָט ער נישט געקענט. דאָס וואָלט דעם הויף, די זיהן און די טעכטער, גאָר צורייצט און אויפגעקאָכט. אויך די חסידים וואָלט עס נישט געווען צום האַרצען. זיי וואָלטען נישט גערעדט, חלילה! זיי וואָלטען פאַרשטאַנען, אַז מסתמא דאַרף אַזוי זיין, אָבער צום האַרצען וואָלט עס זיי נישט געווען. און ער האָט זיך דעריבער געאיילט וואָס גיכער אַ שידוך צו טאָן מיט סערעלען, כדי באַלד נאָך איהר חתונה — צו געהן אַ פערט מאָל צו דער חופּה מיט דער יתומה דער בתולה.

— אַ יפת-תואר — האָט איהם דער שטאַמלער געזאָגט

וועגן מיידעל — שעהן ווי די וועלט, זאָגען די ווייבער...

כאָטש ער האָט זי נישט געזעהן, דער רבי ר' מלך, האָט ער זי זיך פאָרגעשטעלט אין געדאַנק, געזעהן זי ווי זיין לעצט-פאַרשטאָרבען ווייב און געבענקט נאָך איהר.

ער האָט דערפיהרט צום שידוך מיט זיין טאָכטער מיט גרויס ברען.

ער האָט אַליין אָנגעשלאָגען דעם ראַכמאַניוווקער רבי'ן דעם שידוך אין אַ בריף צו איהם. אַז דער ראַכמאַניוווקער האָט געענטפערט מיט האַלבע ווערטער, האָט ער זיך נישט געפוילט און אָוועקגעפאָרען קיין קאַרלסבאַד, וואוהין דער ראַכמאַניוווקער קומט יעדען זומער היילען זיינע גאַלשטיינער. געהייסען האָט עס, אַז ער פיהלט זיך נישט מיט אַלעמען, דער ניעשאַווער, אַז ער דאַרף וואַרמבעדער. דאָרטען, אויף דעם שפּאַציר צום קוואַל, האָט ער אַזוי לאַנג אַריינגערעדט דעם ראַכמאַניוווקער, מיט אַזאַ ברען, עקשנות זיך איינגעגעסען אין איהם, ביז ער האָט ביי איהם מיט געוואַלד אַרויסגעריסען זיין וואָרט.

ער האָט אַפילו נישט געגוג אָפּגעהיטען זיין אייגענעם כבוד, דער ניעשאַווער. אַן עלטערער פון ראַכמאַניוווקער, אַ רבי פון אַ סך מעהר חסידים ווי יענער, האָט ער זיך ביי יענעם גע-בעטען, צוגעזאָגט אַ סך מעהר נדן ווי ער האָט געגעבען אַנ-דערע טעכטער זיינע.

— מילא — האָט ער געזאָגט זיפצענדיג — זאָל שוין זיין נאָך טויזענט רייניש. אַז איהר האָט דעם בחור, זענט איהר אויפ'ן פערדעל...

דער ראַכמאַניוווקער האָט זיך ביי די ווערטער פאַרקרימט.

— אויפ'ן פערדעל... עט... — האָט ער געמורמעלט שטיל, אַזוי אַז דער ניעשאַווער זאָל יאָ און נישט הערען — נישט קיין דיבורים...

ער איז געוועזן פונקט דער היפוך פון ניעשאַווער.

אַ דינער, מיט אַ שיטער שוואַרץ-גרויליך בערדעל, וואָס גלאַנצט פון זויבערקייט און דינקייט, מיט טיפע, שוואַרצע, מיסטישע אויגען, מיט אַ דורכזיכטיג קרענקליך געשניצט פנים,

וואָס דערמאָנט אין איילבּירטען, מיט לאַנגע, דינע פינגער׳ וואָס שפּילען זיך נערוועז און געלאַסען גלייכצייטיג מיט אַ קליין גאָלדען טאַבּעק-פּושקעלע, מיט אַ שניי-ווייסען געפּרעסטען רבּישען קראַגען איבּער דער מאַט-זיידענער גוט-גענעהטער קאַפּאָטע, האָט ער זיך שטאַרק אונטערשיידעט פון זיין מחותן דעם ניעשאַוער. פּונקט ווי דער ניעשאַוער האָט מיט זיין באַוואַקסענקייט און מגושמ׳דיגקייט אַרויסגערופען בּיי שקצים געלעכטער און זיי האָבּען איהם נאָכגעשריען:

— בּאָק! מעע...

אַזוי האָט דער ראַכמאַניווקער אַרויסגערופען באַוואונדערונג. יונגע בלאָנדע וויענעריננס האָבּען זיך נישט געקאָנט אין איהם זאַט אָנקוקען.

— אַך, ווי הערליך דיעזער וואונדער-ראַבּי זיעהט אַאוס! — האָבּען זיי געזאָגט איינע דער צווייטער — אַ מאַן מיט אַזעלכע שוואַרצע אויגען מוז קאָנען גוט ליבּען... ניכט וואַהר?

דער ראַכמאַניווקער האָט נישט פאַרטראָגען דעם מחותן זיינעם. ער האָט זיך אַפילו געשעהמט מיט איהם. ער האָט נישט פאַרטראָגען זיינע ווילדע האָוואַיעס, זיין פּאַטשען מיט די ליפּען דעם ציגאַר, זיין אָפּט שפּייען אויף דער ערד, זיין צוכראַסטעטע אַטלעסענע זשופּעצע, די פאַרקאָלטענטע באָרד און פּיאות, זיין הייזעריגליך קול, זיין וואַרפען מיט די הענט, זיינע נישט-איידעלע ווערטער, דעם גאַנצען האָריגען פליישיגען קערפּער זיינעם, וואָס פיהלט זיך מיט שאַרפע ריחות פון שווייס, מקוה, ציגאַרען-רויך, רצועות, מילכיג-געבּעקס און מעד.

ער האָט געוואָרפען מיט די הענט, דער ניעשאַוער, בּיים רעדען, אָנגעטראָטען דעם ראַכמאַניווקער אויף די פיס, צוגעשפּאַרט איהם אַלע מאָל צו אַן אַנדער בּוים מיט׳ן דיקען בּויך, געכאַפּט איהם בּיי די קנעפּלעך, געשטאָרקעט מיט די עלענבּויגענס, צוגעשפּאַרט איהם, כאָטש עס איז געווען גענוג פּלאַץ, אונטערגעשלאָגען איהם די זייטען, איבּערגע׳חזר׳ט צעהנדליגער מאָל דעם זעלבּען געדאַנק, געשלונגען האַלבּע ווערטער,

געשפּריצט פון מויל און געכאַפּט איהם כסדר ביים אויסגעצער־
טעלטען בערדעל.

צוליב דעם אַליין, אַבי פּטור צו ווערען פון איהם, איז ער, דער ראַכמאַניוּוקער, איינגעגאַנגען אויפ׳ן שידוך. ער האָט שוין נישט מעהר געקענט פאַרטראָגען זיין דינגען זיך איבער נדן און מתנות, זיין ווילדע התפעלות, איבערהויפּט דעם ריח זיינעם. איבער דער גאַנצער צייט, וואָס דער ניעשאַוואָער האָט מיט איהם איינגעג׳טענה׳ט, האָט דער ראַכמאַניוּוקער נישט אַוועק־געלעגט אפילו אויף קיין ווייל׳ע דאָס גאָלדענע טאַבעק־פּושקעלע פון זיין דינער נאָז.

— א, א — האָט ער זיך געקוויקט — אַ מעדן פון אַ טאַבעק.

ער האָט דעם שידוך געטון, אָבער אָפּשטעלען אַ זמן־חתונה האָט ער זיך נישט געאיילט. און דער ניעשאַוואָער האָט איהם נישט אויפגעהערט באַוואַרפען מיט בריף. דער ראַכמאַ־ניוּוקער האָט געוואוסט גאַנץ גוט דעם ניעשאַוואָערס יאָגעניש. זיין גבאי, מאָטיע־גדול, אַ איד מיט אַ שאַרפער נאָז, ווי ביי אַ רויב־פויגעל, אַ לשון־הרע׳ניק און אַ שונא פון די גאַליצישע גוטע־אידען, האָט יעדעס מאָל, ווען ער האָט דעם רבי׳ן זיינעם דערלאַנגט דעם ניעשאַוואָער׳ס בריף, געמאַכט וויצען אויפ׳ן רבי׳נס מחותן.

— ער איילט זיך צו דער חופה, דער ניעשאַוואָער — האָט ער געזאָגט — די בתולה לאָזט איהם נישט רוהיג תורה זאָגען... נישט קיין וואונדער... נאָך דריי רבי׳צינס... מיט אַ חזקה...

דער ראַכמאַניוּוקער האָט מאָטיע־גדול אָנגעזידעלט.

— מאָטיע — האָסט אַ גרויס מויל — האָט ער איהם געמוסר׳ט - דיין מויל וועט דיך אין גיהנום פאַרפיהרען.

נאָר מאָטיע־גדול האָט געוואוסט, אַז דער רבי איז פון די ווערטער זיינע אין דער אמת׳ן צופרידען. דער רבי האָט אפילו נישט געוואָלט אַליין לייענען דעם מחותנ׳ס בריף, נאָר געהייסען, ער זאָל זיי איהם איבערלייענען. אגב, האָט ער איהם

טאַקע נישט פאַרגונען דעם שידוך, דעם אַלטען. ביי אַזאַ עלטער אַ יונגע בתולה!

— לאָמיך נישט זינדיגען מיט די רייד — האָט ער געזאָגט צו דער רבי׳צין זייגער, אַ אידענע אַ קרענקליכע, אַ בלייכע, אַ נערוועזע, מיט אַ פּנים פון פאַרמעט און מיט דער גאַנצער קרענקליכער ירושה פון דורות מיוחסים — וואָס ברענט ער אַזוי, דער מחותן? ס׳וואָלט פּאַסען פאַר אַ יונגען אַלמן...

דערביי האָט ער עטליכע דריבנע קרעכצעלעך געגעבען.

די רבי׳צין, אַ חכמה, אַ אידענע מיט אַ מאַנסבילשען קאָפּ, האָט מיט דער סאַמע דינסטער אייטעלקייט, וואָס איז אַזוי שטאַרק ביי קרענקליכע ווייבער, דערפיהלט אין מאַנ׳ס רייד אַ קנאה צום מחותן זייגעם. דאָס האָט איהר אַ שטאָך געטון אין איהר קנויל נערוועז. זי האָט פאַרביסען אַ בלאַסע ליפּ און געזאָגט שטיל:

— זאָל ער זיך טון, וואָס ער וויל. איך וועל מיין נחום׳טשען נישט שיקען קיין גאַליציען. ער איז נאָך אַ קינד... נישטאָ וואָס צו יאָגען.

דער ראַכמאַניווקער האָט צוריקגעשריבען צום מחותן צי־קעלדיגע בריף, יעדעס וואָרט אַ פּערעלע. ער האָט זיך באַמיהט נישט אַרויסצווייזען זיין ווידערגעפיהל, נאָר פאַרקעהרט, באַשאָטען איהם מיט גרויסע טיטולען, איבערגעטריבענע, און מיט פאַרשידענע פּסוקים און קלוגע ווערטלעך פון דער גמרא אַרויסגעדרעהט זיך פון געבען אַן ענטפער.

ביידע, דער פאָטער, ווי די מוטער, האָבען געוואוסט, כאָטש זיי האָבען עס נישט געזאָגט, אַז נחום׳טשען איז נאָך צו פריה חתונה צו מאַכען. אַ דינער, אַ שלאַנקער, ווי דער פאָטער, אַ צאַרטער, ווי אַ יונג מיידעל, איז נחום׳טשע געוועזען נערוועז און עמפּינדליך, פּונקט ווי די מוטער זיינע, פּונקט ווי אַלע פריהערדיגע דורות, די אויסגעאיידעלטע מיוחסים פון דער מוטער׳ס זייט. דערצו האָט ער זיך אַריינגעלאָזט אין הימלישע זאַכען, אין קבלה. וויפיל דער פאָטער זיינער האָט מיט איהם נישט איינגע׳טענה׳ט, געגעבען איהם צו פאַרשטעהן, אַז אַ בר־

מצוה אינגעל דאַרף בעסער לערנען אַ בלאַט גמרא, האָט נחום׳-טשע נישט נאָכגעגעבען. ער האָט זיך באַהאַלטען אין באַזונ-דערע שטובען, אָפּגעשלאָסען זיך, קיינער זאָל איהם נישט שטע-רען, און פאַרטיפט זיך אין די געהיימע, מיסטישע לעהרעס. ער האָט בכלל געהאַט מאָדנע גענג, דער נחום׳טשע. ער איז געווען אַ שווייגער, אַ באַהאַלטענער, פלעגט קוקען מיט גרויסע אָפענע אויגען אַרום זיך, דערביי אָפט נישט געזעהן דאָס מינדעסטע, וואָס טוט זיך אַרום איהם. ער האָט אַפילו געגרייט זיך בסוד צו גרויסע זאַכען. ער האָט געלייענט וועגען דעם א״רי, אַז ער פלעגט דורך קבלה באַשאַפען טויבען, און ער האָט עס געוואָלט נאָכטון. ער האָט זיך דערצו אָפט גע׳טובל׳ט אין מקוה, אויסגעלערנט זיך אויסטערלישע נעמען פון מלאכים, און אַ סך מאָל נישט געוואָלט איבערבייסען.

דער פאָטער האָט איהם פרובירט אָפּהאַלטען דערפון. אַליין אַ וועלט-מענש, אַ געניסער, אַ שטיק עולם־הזה׳ניק, אַ בעלן אויף שעהנע און גוטע זאַכען, האָט ער נישט געקאָנט פאַרשטעהן דעם אינגעל׳ס אָפּגעשלאָסענקייט, באַהאַלטענקייט און עקשנות.

— ווייסט, נחום׳טשע — האָט ער געזאָגט — דער זיידע, זכרונו-לברכה, פלעגט זאָגען, אַז אפילו אין הימעל אַליין האָט מען אויך פיינט אַ שוטה...

ער האָט שטאַרק קיין חשק נישט געהאַט איהם צו שי-קען קיין ניעשאַווע, צו די שרייערס און פרומאַקעס. ער האָט מורא געהאַט, אַז דאָרט וועט דאָס אינגעל גאָר אַרויס פון די כלים, וועט אויסוואַקסען אַ פרא-אדם.

דער מוטער זיינער, דער רבי׳צין, איז אויך נישט געווען דער שידוך צום האַרצען. זי האָט אַזוי אויך אָפטמאָל געלאָזט טרערען אין איהר זיידען טיכעל יעדעס מאָל, ווען נחום׳טשע האָט נישט געוואָלט איבערבייסען, אָדער ער איז אַרומגעגאַנגען ווי אַ פאַרבלאָנזשעטער. דערצו האָט זי שוין געהאַט געזעהן אין אויסלאַנד די כלה סערעלע. געראָטען אין טאַטען אַריין, איז זי ביי דרייצעהן יאָהר שוין געווען אַ גרויסע, אַ פליישיגע,

מיט פעסטע פיס, מיט אַ רויטען קאָפּ האָר, מיט געזונטע צייהן, און אַפילו מיט אַ רייפען בוזעם, וואָס זי, די רבי׳צין, האָט אפילו ביים זויגען נחום׳טשען נישט געהאַט אַזעלכען. זי געדענקט עס גאַנץ גוט. זי האָט דאָס כלה-מיידעל נישט אויפגעהערט עסען מיט די אויגען, מיט די נישט-פאַרגינערישע אויגען פון גייסטיגע מיוחס׳דיגע ווייבער, וואָס פאַרגינען נישט די פּראָסטע זייער ווייבערישקייט. זי האָט זי אָפּט אָפּגעבלאָזען פאַר אַ שלעכט אויג.

— טפו, טפו, טפו — האָט זי געמאַכט זיך שפייען — קיין בייז אויג נישט...

זי האָט פאַרגלייכט זי מיט נחום׳טשען, דעם איידעלען, צאַרטען נחום׳טשען, און איהר מאַמיש האַרץ האָט געווייטיגט.

— הלואי ס׳זאָל זיין מיט מזל — האָט זי געמורמעלט — אַזאַ קינד, נעבעך...

זי האָט געוואָלט רעדען מיט איהר מאַן פשוט׳ע ווערטער. אָבער צו אויסגעאיידעלט איז מען דאָ אין שטוב געווען, צו איבערשפּיצט, מען זאָל אָנרופען זאַכען ביים נאָמען. מען האָט זיך פאַרשטאַנען שווייגענדיג. זי האָט אַפילו געוואַגט, די ראַכמאַניוועקער רבי׳צין, צוצושרייבען עטליכע ווערטער צום מחותן וועגען איהר צוגעבונדענקייט צום „קינד”. אין אַ שעהנעם לשון-קודש, ווי אַ מאַנסביל אַ למדן, האָט זי געשריבען וועגען איהר נחום׳טשען, און פאַרענדיקט האָט זי מיט אַ פּסוק— מיט דעם פּסוק, וואָס יהודה האָט געזאָגט צו זיין ברודער יוסף דעם שני-למלך וועגען בנימינ׳ען, וואָס יוסף האָט פאַרהאַלטען אין מצרים.

„ונפשי קשורה בנפשו” — האָט זי פאַרענדיקט איהר צושרייבען.

אָבער דער ניעשאַווער האָט אפילו נישט געוואָלט לייענען, וואָס אַ אידענע שרייבט.

— זיין כבוד ווייסט — האָט ער געשריבען בלויז צום מחותן, נישט דערמאָנענדיג אַפילו מיט קיין איינציג וואָרט וועגען דער רבי׳צינס עטליכע ווערטער — זיין כבוד ווייסט —

האָט ער געשריבן מיט גראָבע, קרומע קאָטשערע־אותיות, פונקט אַזעלכע צוכראַסטעטע און מגושמ׳דיגע, ווי ער אַליין, און מיט אָהן אַ שיעור גרייזן, פּעהלערן און האַלבע ווערטער — אַז ביי אונז איז אַ מנהג פון זיידעס נישט אָפּצולייגן דעם זמן־חתונה שפּעטער ווי אַ יאָהר. און וואָס שייך דעם יורה־דעה, וואָס דער חתן, זאָל לערנען, האָט אַנגעהויבן לערנען מיט זיין מלמד, קאָן עס קיין אָפּהאַלט נישט זיין, וויל, ער־שטענס, פּעהלען, ברוך־השם, נישט אין ניעשאַוועֶ קיין אידען לומדים, צווייטענס, קען דאָך דער מלמד זיינער מיטקומען מיט׳ן חתן שליט״א און זיצען מיט איהם צוזאַמען אין ניע־שאַווע, ווי לאַנג עס וועט געפעלען ווערען אין זיינע אויגען, אויף קעסט פון הויף״.

צו דעם בריף איז צוגעקומען אַ גאָלדענער זייגער פאַר׳ן חתן, אַ שווערער גראָבער זייגער מיט אַ דאָפּעלטער קייט, ווי עס טראָגען אויפגעקומענע גבירים אויף גראָבע בייכער.

ביידע האָבען זיי זיך געוואַרט, די מחותנים, געזידעלט איינער דעם אַנדערען הינטער די אויגען, געשריבען זיך אי־בערגעטריבענע ליבע־בריף און פאַרשטאַנען זיך געגענזייטיג אויף דעם געגענזייטיגען נאַרען זיך. נאָר קיין ברירה איז נישט געווען. דער נישאַוועֶר, אַ ווילדער עקשן, אַן איינעסעדיגער, האָט נישט געלאָזט לעבען. ער האָט געשיקט טעלעגראַמעס, שילוחים. אָפּלאָזען דעם שידוך האָט מען נישט געקענט. וואָס וועט זאָגען די וועלט? און דער ראַכמאַניוווקער, אַ שטילער, אַ זיידענער, אַ געניסער, אַ מענש, וואָס האָט פיינט זיך קווע־לען, מיד פון ניעשאַוועֶר׳ס טומעל, האָט זיך אונטערגעגעבען און איינגעאַנגען צו אַ גיכער חתונה.

— גלייכער שניידען פאַרמעט — האָט ער געזאָגט צו דער רבי׳צין — איידער שניידען פאַפּיר...

ער האָט איהר, דער חכמה, נישט געדאַרפט געבען צו פאַרשטעהן, אַז דאָס מיינט מען — בעסער זיך גט׳ען איידער אָפּשיקען די תנאים.

זי האָט כאָטש געוואָלט איין זאַך, די רבי׳צין, אָפּלייגען

די חתונה ביז שבת-נחמו אַמוועניגסטענס, כדי פריהער אַריינצוכאַפּען די וואַרמבעדער אין אויסלאַנד צוזאַמען מיט'ן חתן, שטאַרקען איהם אַביסעלע און אין איינוועגס טאַקע צופאָהרען מיט איהם קיין וויען צו אַ פּראָפּעסאָר, כדי זיך צו באַראַטען וועגען איהר קינד. נאָר אַפילו דערויף האָט ער אויך נישט געוואָלט נאָכגעבען, דער ניעשאַווער.

— זיין כבוד ווייסט — האָט ער געשריבען — אַז ביי אונז איז אַ מנהג פון זיידעס צו פּראַווען חתונות אין ל"ג בעומר".

און די חתונה איז אָפּגעלייגט געוואָרען אויף ל"ג בעומר.

## צווייט קאפיטעל

שוין באַלד נאָך פּסח, עטליכע וואָכען נאָך פאַר דער התונה, האָב זיך אין ניעשאַווער הויף גע׳רעש׳ט, געטומעלט.

די ישיבה-בחורים אין בית-המדרש האָבען באַצייטענס, ווי תּמיד פאַר אַ שמחה, אויפגעהערט לערנען, אַרומגעגאַנגען ליידיג און גערעדט צווישען זיך נבול-פּה. נאָר ווען מען האָט זיך געריכט אויפ׳ן רבי׳ן, פאַר מנחה, האָבען זיי זיך געכאַפּט צו די צוריסענע גמרות און גענומען מאַכען קולות:

— לימא מתניתא דלא כסומכוס — זאָל מען זאָגען, אַז די מתניתא וועט נישט אויסקומען ווי סומכוס...

די לאַפּיטוטען אין הויף, די „יושבים" האָבען אויפגעלעבט, תּקיף געוואָרען ביי זיך. זיי האָבען געריסען געלט ביי דאָרפס-אידען, וואָס זענען געקומען צום רבי׳ן געהאָלפען ווערען. זיי זענען באַפאַלען ווייבער, אַרויסגעהענדיגע פון רבינ׳ס שטוב, און מיט קולות „צ׳זאָלט האָבען גע׳פועל׳ט אַלדאָס-גוטס" געמאַכט אַזאַ טומעל, אַז די ווייבער האָבען אין זייערע אויגען אַריינ-געשטעקט די הענט אין די בוזימ׳ס, פאַרהויבען די קליידלעך און פון די פאַרדרעהטע זאָקען, ווי די בייגעל, די קניפּלעך אַרויסגעשלעפּט, און זיי נדבות געגעבען.

— גייט שוין גייט! — האָבען זיי געשריגען — וואָס געט עטץ, קרייצערס? וואוע...

דינגענדיג זיך און ווינשענדיג, האָבען זיי ביי די ווייבער

צוגענומען דאָס לעצטע, אַפּילו נישט איבערגעלאָזט עטליכע קריי־צערס אויף צו באַצאָהלען דעם באַלאַגאָלע פאַר הוצאות. זיי האָבען ביי קאַרגע קעסט־איידעמלעך אַרויסגע׳גנב׳עט די טלית־זעקלעך, פאַרזעצט זיי ביים שענקער אויף מעד. און זיי האָבען כסדר זיך געדרעהט ביי די קיכען אין הויף, גרייט אויף אַ כאַפּ.

עלטערע יושבים, אידען מיט גראָבע בייכער און געדיכטע בערד, האָבען שוין אַפּילו אין מיטען דער וואָך נישט אויסגעטון די צופליקטע שבת׳דיגע אַטלעסענע זשופּעצעס און די דריי־צעהן־שפּיציגע שטריימלעך און געגאַנגען אין זיי אין מיטען דער וואָך, ווי אין יום־טוב. דערביי האָבען זיי געטראָגען די שטריימלעך אין אַ זייט, מעשה קאָזאַק.

געדאַווענט האָט מען איינס אין צוויי, דורכגעלאָזט שטי־קער, ווי אין שמחת־תורה. קיין „תחנון“ פלעגט מען בכלל דאָ נישט זאָגען. שטענדיג איז שוין געווען אַ שמחה׳לע. פון שטעט און שטעטלעך זענען שוין באַצייטענס געקומען קעסט־קינדער. אידען ליידיגגעהער האָבען אויסגענוצט די געלעגענהייט, פאַר־לאָזען ווייב און קינדער און געקומען קיין ניעשאַווע זיך לאָזען וואוילגעהן.

— מזל־טוב — האָבען זיי זיך געוואונשען מעשה־מחותן ביי יעדען טרונק בראָנפען, ביי יעדער גלעזעל מעד — מען זאָל טאַקע געהאָלפען ווערען.

אין די הויפישע קיכען האָט געראַכערט, געפּרעגעלט זיך, געשמאָלצען. דעם רבי׳נס זיהן האָבען אויסגענוצט די בהלה, דעם עולם, און יעדער האָט פאַר זיך געפּראַוועט רבי׳טסטווע, געפיהרט טיש פאַר חסידים, געטיילט שיריים, געטרונקען וויין און גע־זאָגט תורה. יעדער האָט געזעהן, וואָס מעהר מענשען אַריבערצוציהען אויף זיין זייט. יעדער האָט געהאַט שטעהן שמשים אויף דער וואַך, דער פאָטער זאָל נישט אַמאָל אַריינפאַלען און דערזעהן, ווי ביים לעבען נאָך טיילט מען זיך שוין מיט דער רבי׳טסטווע. די דינסטען האָבען געמוזט אַ סך קאָכען, האָרעווען. האָט זיי ישראל־אביגדור דער גבאי געגעבען צו הילף אַ חברה אָרימע

קבצנישע נישט בכבוד׳ע יושבים׳לעך, אידען נע-ונד׳ניקעס, וואָס טויגען זיך נישט צום עסק, קליינע, דאַרע אידעלעך מיט גלאַטע פּיאות, מיט שיטערע בערדלעך און מיט דאַרע פאַרשמאָלצעוואַטע קאַפּעלאַטשען.

— אין קיך אַריין! אין קיך אַריין! — האָט זיי ישראל-אביגדור דער גבאי געשלעפּט פון בית-המדרש ביי די קעלנער פון די זשופּעצעס — דער רבונו-של-עולם האָט שוין גענוג אייער תהילים-זאָגען! געהט אין קיך אַריין שיילען קאַרטאָפּ-לעס.

זיי האָבען געשלעפּט האָלץ פון די קאַמערס, געטראָגען וואַסער פון ברונים, אָפּגעשאָבען די האָר פון קעלבערנע פיס-לעך, געוואַשען אָקסישע מאָגענס, געריבען האַרבען כריין. פון זייערע רויטע אויגען זיינען געפלאָסען טרעהרען איבער די איינגעפאַלענע באַקען. די דינסטען, צושויבערטע עלטערע מיידען מיט ריזיגע ברוסטען, וואָס רייבען אויס לעכער אין די בלוז-קעס, און מיט וויגענדע היפטען אויף קורצע אידישע פיס, האָ-בען געגלאַנצט אינגאַנצען פון קאָכען און פון איבערזעטיגקייט. זיי האָבען געשאַרט מיט די פעטע פאַרקאַשערטע הענט אין גרויסע טעפּ, אין אויפגעיורענע טייגען, זיי האָבען געבלאָזען אין פייער, געכאַפּט פון די טעפּ, געבריהט זיך און אויסגעלאָזט דעם כעס צו זייערע העלפערס, די יושבים׳לעך, און צו די הינט און חזירים אין הויף, וואָס האָבען נישט געוואָלט אָפּטרע-טען, כדי צו כאַפּען ביינער און קישקעלעך פון עופות. וויפיל הייסע און קאַלטע פּאָמעשאַפּס אומריין וואַסער די דינסטען האָבען נישט אויף זיי געגאָסען, האָבען זיי זיך בלויז אָפּגע-טרייסעלט און וויי‍טער עקשנות׳דיג געוואַרט.

— „יושבי׳קעס״ — האָבען די מיידען געמאַכט קולות — פאַרטרייבט די הינט מיט די חזירים, מאַנסבילען!

נאָר די מאַנסבילען האָבען מורא געהאַט צוצוגעהן צו די הינט און גע׳מיאוס׳ט זיך צו דערנעהנטערען צו די חזירים. זיי האָבען בלויז געשריגען פון דערווייטענס:

— אַ טשו... פּודזשאַס...

און ישראל-אביגדור דער גבאי איז גאָר געווען אין זי-בעטען הימעל.

אַ קורץ-געפּאַקטער, מיט אַ פּנים פול מיט קלייען און זומער-שפּרענקעלעך, מיט אַ רויטער פייערדיגער באָרד און פיאות, האָט דורכ'ן גאַנצען זייד און אַטלעס זיינעם אַרויסגעקוקט דער עם-הארץ, דער געוועזענער משרת-יונג, וואָס האָט אַזוי פאַרשטאַנען אַריינצונעמען דעם הויף אין די הענט, אַז ער איז דערגאַנגען ביז הויפּט-גבאי. די היפּשע נאָז-לעכער זיינע זענען ביי איהם שטענדיג פול געווען מיט שמעק-טאַבעק, די רויט-האָריג באַוואַקסענע הענט זיינען אומעטום געווען פול. דאָ האָט ער אַ אינגעל אָנגעדרעהט אַן אויער, אַלמאַי ער זיצט נישט און לערענט, דאָ האָט ער אַ קבצן אין בית-המדרש אַראָפּגערוקט דעם קאַפּעלאַטש איבער די אויערען, דאָ איז ער אַרויפגעקראָכען אויפ'ן טיש מיט די פאַרבלאָטיגטע שטיוול צווישען די ספרים, געוויזען דעם משרת, אַז די לאָמפּען-גלעזלעך זיינען פאַרקאָפּטשעט.

— באַטיאַר — האָט ער געוואָרטשעט — אַזוי פּוצט מען אַ גלעזעל? אַהער קום, וועל איך דיך לערנען פּוצען גלעזלעך...

דערביי האָט ער גענומען אַ פאָלע פון משרת'עס זשופּעצע און דערמיט אויסגעווישט די סאַזשע פון גלעזעל.

דאָ פלעגט ער שטראָפען די בחורים, אַלמאַי זיי לערנען נישט, און דערביי האָט ער געשאָטען מיט פאַרדרעהטע גראָב-יונגישע פסוקים. און דאָ פלעגט ער גאָר אַריינלאָזען זיך אין קיך, געכאַפּט אַ בליק אין די גרויסע טעפּ, אַ פאַרקריך געטון פלינק מיט אַ האַנט צו אַ דינסט-מוידישען פעטען הינטער, און דערביי געמאַכט זיך געטריי דעם הויף.

— מעהר וואַסער גיסט אין די באָבעלע-יושקע! — האָט ער געשריגען צו די דינסטען — נישט אַזעלכע געדיכטע זופּען מאַכטס! די יושבים'לעך, די פרעסערס, וועלען זיך נאָך די צייהן צוברעכען מיט אַזאַ געדיכטער יושקע...

צום רבי'ן האָט ער נישט אַריינגעשמעקט, סיידען, ווען מען האָט געדאַרפט אַריינלאָזען חסידים מיט פדיונים און דערביי אָפּלעקען אַ ביין. וויפיל מאָל דער רבי האָט איהם גערופען,

ווען עס האָט זיך איהם פאַרלאָשען דער ציגאַר, איז ער נישט געווען. דער רבי האָט זיך געקאָכט, געשריגען, אז ער וועט איהם אַרויסטרייבען, נאָר ישראל־אביגדור האָט זיך דערפון ווייניג געמאַכט.

דער רבי האָט איהם געדאַרפט מעהר, ווי ער דעם רבי׳ן.

קיינער האָט נישט געקענט אַזוי אויסגעבונדען דעם הויף, ווי ישראל־אביגדור. קיינער האָט ביים טיש נישט געקענט אַזוי דעם גאַנצען עולם, ווי ער. ער האָט געוואוסט, וויפיל פלעשער ווײן אַריינצושטעלען יעדען טיש־זיצער, צי מען וויל יאָ, צי מען וויל נישט. ער האָט געוואוסט אויסצוזעצען יעדען ביים טיש, דער עיקר די גבירים, אַז קיינער זאָל נישט זיין באַליידיגט. ער האָט געוואוסט, וועמען מען דאַרף געבען אַ בכבוד׳ע פּאָרציע און וועמען אָפּ׳פטר׳ען מיט אַ קלייניגקייט. ער האָט געקענט אָפּהאַלטען דעם גרעסטען עולם ביים רבינ׳ס טיר און אַריינלאָזען נאָר די גבירים און מיוחסים. אומפאַרבייטליך איז ער געווען אין וועג, ווען דער רבי האָט זיך אַרויסגעלאָזט זאַמלען געלט. ער האָט געקענט אַזוי אָפּשרעקען די חסידים, שטעלען אַזעלכע פּרייזען, אַז זיי האָבען גאָרנישט געוואַגט זיך געגענצושטעלען.

— עך זאָג דיר, אַז דו האָסט געכאַפּט אַ מציאה, ווי עך בין אַ איד געבוירען — האָט ער איינגערוימט יעדען אַ סוד — מעגסט מיר שטעלען אַ פלעשעל מעד...

אויך ביי דעם מלכות האָט ער זיך געטויגט. ער האָט אַלעמאָל אַרויסגעקראָגען פאַר׳ן רבי׳ן אַ ספּעציעלען קופּע אין וואַגאָן. ער האָט אויך געקראָגען ביי פּריצים קאַרעטעס פאַר׳ן רבי׳ן. טאָמער איז ער געפאָהרען מיט׳ן רבי׳ן אויף אַ שמחה צו אַנדערע גוטע־אידען, האָט ער, ישראל־אביגדור, זיך אַזוי ברייט אַוועקגעשטעלט, געמאַכט אַזאַ טאַראַראַם, אַז גלייך איז דער רבי זיינער געוואָרען אין דער פרעמד דער באַלעבאָס און די הייהיימישע רבי׳ס מיט זייערע גבאים האָבען אַ פּנים געהאַט ווי אורחים. ער פלעגט זיך שאַפען מיט די גבאים ווי מיט משרתים,

נאָר וויכטיגער ווי אַלץ איז געווען דאָס, וואָס ער האָט שוין געוואוסט צופיל פון הויף, געוואוסט פון אַלע אַרומרייסענישען, סודות, שטוב־זאַכען, משפחה־עסקים. ער האָט זיך אַזוי אומעטום אַריינגעשאַרט, אַריינגעקראָכען, אַז ער האָט איינמאָל אין אַ שבת נאָכמיטאָג, טאַקע גלייך נאָך דעם טיש, געטראָפען דעם רבי׳ן מיט דער דריטער רבי׳צין זיינער אין שטייגער פון מאַן און ווייב.

ביי קיין זינד האָט ער זיי נישט געטראָפען, חלילה. מאַן און ווייב! אָבער פון דעמאָלט אָן האָט ער אָנגעהויבען קוקען דעם רבי׳ן גלייך אין די אויגען אַריין מיט גניבה׳שע בליקען און איהם אויפגעהערט צו באַדינען, נישט געמאַכט זיך הערענ־דיג זיינע קולות:

— סרועלוויגדער, עך על דעך אויסרייסען...

איצט, פאַר סערעלעס חתונה, האָט ער גאָר אָפגעלאָזט די פליגעל. ער האָט צום רבי׳ן נישט אַריינגעשמעקט, געהייסען די אַנדערע שמשים זאָלען צו איהם געהן. ער האָט כסדר גע־טרונקען מעד מיט חסידים, געשמעקט שאַרפען טאַבעק און גע־דרעהט זיך אין קיך צווישען די מיידען אַזוי קונציג, אַז קיינער זאָל עס נישט מערקען.

אין ל״ג־בעומר, דעם טאָג פון דער חתונה, זענען זיך טויזענטער חסידים אָנגעקומען. קראָקעווער חסידים נגידים האָ־בען אָפגעדונגען וואָגאָנעס, געדאַווענט אין באַהן מיט מנין, גע־טאַנצט, געזונגען, געטרונקען משקה און דערצעהלט זיך חסידי׳שע מעשיות. קיין גוים און געגאָלטע בערד האָט מען אין די וואַ־גאָנעס נישט אַריינגעלאָזט. די קאָנדוקטאָרען האָבען מיטגעטרונ־קען און געוואונשען לחיים. נישט נאָר די אידישע קאָנדוקטאָרס זענען איבערגעגאַנגען פון דייטש אויף עכט גאַליצישען אידיש, מיט אַלע „עכ׳ען״ און מעכ׳ען״, נאָר אויך די פּאָליאַקען און רוטענער האָבען גערעדט אידיש. אָרימע חסידים האָבען זיך גע־שלעפּט צופוס און מיט באַלעגאָלישע וועגעלער, כאַפּענדיג פון די באַלאַגאָלעס קללות און אַמאָל אַפילו אַ בייטש אויך. אַלע ניעשאַווער אכסניות, פריוואַטע שטובען, שטאַלען, קאַמערען,

בוידעמס האָבען אויפגענומען אורחים. בעטלער האָבען זיך געשאַרט פון אַלע וועגען.

די בית-המדרש בחורים האָבען זיך שוין נישט געקענט דערוואַרטען ביז שבועות און אין ספירה געלאָזט זיך צום טייך באָדען. גוטע שווימערס האָבען געלייגט קלאַפטער, וואַסער-טריט און געמאַכט קולות, ווי אין באָד.

— איי, אידען, גוט, גוט, אַ מחיה...

באַלד נאָכ'ן באָדען זיינען זיי אַוועק אין הויף צו דער גרויסער סוכּה, זיך איבערצוטון פאַר קאָזאַקען. אויף יעדער הויפישער חתונה אין ניעשאַווע האָבען בחורים און יונגעלייט פאַרשטעלט זיך פאַר קאָזאַקען, אויפגעזעצט זיך אויף פערד און ענטקעגענגעריטען דעם חתן צו דער באַהן, וואָס ליגט עטליכע קילאָמעטער אין אַ זייט פון שטאָט.

אין דער הויפישער סוכּה, צווישען אַלטען סכך און אָנגעוואָרפענע טישען און בענק, האָבען זיך געוואַלגערט גאַנצע פּעק אוניפאָרמען, וואָס פון איין חתונה ביז אַ צווייטער ליגען זיי און שימלען. די בחורים זיינען אַריינגעקראָכען אין לאַנגע, שמאָלע הויזען מיט לאַמפּאַסען, האָבען אַרויפגעצויגען אויף זיך הוזאַרישע רעקלעך, וואָס מיט זייערע געפלאָכטענע שנורען, גלאַנציגע קנעפּ און גרעלער באַפּוצונג האָבען זיי פאָרגעשטעלט אַ מיש-מאַש פון פאַרשיעדענע סטילען, עפּעס אַ געמיש פון אונגאַרישע רייטער, אָפּערעטישע הוזאַרען און אַלט-פּוילישע פּוסגעהער פון מלך סאָביעסקי'ס צייטען. גאָר פאַנטאַסטיש זענען געווען די היט, הויכע פוטערנע היט מיט שוואַרצע פערדישע ווידלען אין דער הויך. מיט נאָכהענגענדיגע פּיאות, מיט די צופלאָסענע בערדלעך און ישיבה-בחור'שע פיגורען, אויף וועלכע אַלץ שווימט און רינט, האָבען זיי אויסגעזעהען ווי די טערקען, וואָס מען ווייזט אין קליינשטעטלדיגע וואַנדער-קינאָמאַטאָגראַפען, וואָס מען צאָהלט אַ גראָשען פאַר אַ קוק אין אַ לעכעל און אינגלעך רופען עס „קוקע ד'לאָכע".

אַלע באַלעגאָלעס און פּראָסטע אידען, וואָס האַלטען פערד, האָבען געבראַכט זייערע קליאַטשעס פאַר די קאָזאַקען. די

פערדלעך, מידע, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און פאַרקלעפּטע נאָזילעכער, נאָר וואָס אָוועקגענומענע פון געשמאַקען קלעביגען „אָבראָק״, האָבען נישט געלאָזט די קאָזאַקען אַרויפקריכען צו זיך אויף די שאַרפע הויקערדיגע רוקענס, נישט געוואָלט געהען. די קאָזאַקען האָבען געריסען ביי די לייצעס און פעסט זיך געהאַלטען ביי די פערדישע גריוועס, כּדי נישט אַראָפּצופאַלען. עטליכע חסידים האָבען אַריינגעטראָגען אין דער ליידיגער סוכּה אַ פאַס, אין וועלכען מען זייערט איין באָרשט אויף פּסח. אַנדערע האָבען געבראַכט עמערס הייס וואַסער פון קיך און געגאָסען אין פאַס אַריין. און די סאַמע חשוב׳ע לייט, די נגידים און די לומדים, האָבען געשיילט ציטרינען, געקוועטשט דעם זאַפט איבער די פינגער אין הייסען וואַסער און געשאָטען זעקעלעך מיט צוקער. דאָס האָט מען געמאַכט דעם „פּונש״, דעם ניעשאַווער פּונש צו דער חתונה. אידען האָבען זיך געקריגט, געריסען, יעדער האָט געהאַלטען, אַז נאָר ער אַליין איז דער אמת׳ער פּונש-מייסטער.

— בהמה, לאָז מען צו! — האָט מען זיך געזידעלט און נישט באַליידיגט.

אַלע האָבען געגאָסען וואַסער, געקוועטשט ציטרינען, פאַרזוכט און געשמאַקעט מיט די ליפּען.

— אידען, טעם גן-עדן...

אויפ׳ן הויף איז פאַרפאָהרען אַ קאַרעטע אין פיר שימלען געשפּאַנט „נאַשפּיץ״. דאָס האָט דער גראַף אַלכאַ צוגעשיקט אויף יעדער הויפישער חתונה זיין קאַרעטע מיט די פיר ווייסע פערד, אויף ענטקעגענצופאָהרען דעם חתן. דערפאַר האָט דער ניעשאַווער געהייסען זיינע חסידים, וועהלען דעם פּריץ אין עסטרייכישען פּאַרלאַמענט. דער קוטשער, אַ גוי אַ ריעז, מיט אַ פּאָר לאַנגע העלע וואָנסען, וואָס פאַראייניגען זיך מיט די באַקען-בערד, האָט פאַרביסען פון לעקעך און בראָנפען, וואָס מען האָט איהם פון הויף אַרויסגעטראָגען, און מיט קוראַזש געגעבען אַזאַ קנאַל מיט דער לאַנגער בייטש איבער אַלע אַלטע

קאָזאַקישע קליאַטשעס, אַז זיי האָבן זיך צולאָזט, ווי אין די גאָר יונגע יאָהרען.

— זשיווא, זשידאָווסקע וואָיסקאָ! — האָט ער געשריגען אויף די צושראָקענע קאָזאַקען, וואָס האָבן זיך געקלעמערט אין די פערדישע גריוועס — הע, טאַטעלע, מאַמעלע, מאַרש!...

ער האָט אַזוי געיאָגט איבער דעם שאָסיי, אַז אַלץ איז פאַרשלונגען געוואָרען אין שטויב און אין זון. מען האָט נישט געזעהן מעהר די דערשראָקענע אויגען פון די רייטער, ביי וועמען די קליינע פערד זענען אין רייטען גוואַלדיג הויך אויסגעוואַקסען. מען האָט נישט געהערט די קולות פון די יונגעלייטלעך, וואָס האָבן פון שרעק געשריגען שמע-ישראל. אַלץ איז פון די פערדישע פאָדקאָוועס און פון די בייטשישע קנאַלען פאַרטויבט געוואָרען. ווען די באַהן איז אָנגעקומען, האָבן די קאָזאַקען זיך אַ לאָז געטון מיט אַ געזאַנג צום חתן.

— מזל-טוב, חתן! — האָבן זיי געשריגען און געשטעקט הענט — שלום-עליכם!...

אַ מידער פון וועג, אַן אומרוהיגער פון דעם פרעמדען, נייעם, דערשטוינט פון די פאַרשטעלטע ברואים, וואָס אין ראַכמאַניוווקע האָט מען קיינמאָל אַזעלכע נישט געזעהן, איז דער חתן געשטאַנען אַ פאַרלוירענער, אַ בלאַסער. מיט גרויסע שוואַרצע אויגען, וואָס זעהען נאָך גרעסער אויס אין די ברוין-אונבלויע ראַמען, אין די אונטערשטע רעדער זייערע, האָט ער געקוקט אויף דעם פרעמדען טומעל, געדראַנג, און זיך פאַרשעהמט, פאַרשעהמט זיך פאַר די כיבודים, וואָס מען טיילט איהם צו, פאַר דעם שטופעניש, וואָס מען מאַכט אַרום איהם. ער איז מיד געוואָרען פון די פילע הענט, הייסע, שווייסיגע, וואָס האָבן איהם שלום-עליכם'ס אָפגעשטעקט. ער האָט בלויז מיט די שפיץ-פינגער פון זיין לאַנגער אינגלערישער האַנט די מאַסע הענט באַריהרט.

— פאַמעליך, פאַמעליך! — האָט געוואָרענט דער גבאי מאָטיע גדול פון ראכמאַניוווקע, וואָרפענדיג בייזע בליקען אויף דעם עולם.

אַ שונא פון קירה׳שע גוטע-אידען און חסידות, האָט ער שוין באַצייטענס געקוקט מיט אויגען פול מיט שנאה אויף די קירה׳שע צלאָפּעס. די שאַרף-אויסגעבויגענע נאָז זיינע האָט זיך ביי איהם געשפּיזט, ווי ביי אַ שפּאַרבער, ווען ער דערזעהט רויב פון דערווייטענס. זיי האָבען איהם נישט געהערט, די קאָזאַקען, און זיך שטאַרקער געשטופּט, און מאָטיע-גדול האָט זיי געגומען לערנען דרך-ארץ.

— פּרא-אדם׳ס, שטופּט זיך נישט! — האָט ער געפּייערט — שקאָצים!

ישראל אביגדור האָט גלייך אויפגעכאַפּט דעם פּרעמדען׳ס „שקאָצים״ און גלייך אָפּגעהאַקט די פליגעל דעם רוסישען דבר-אחר, וואָס קומט קיין ניעשאַווע הערשען.

— דרך-ארץ פאַר אידען! — האָט ער אויסגערופען — אין ראַכמאַניוועקע זענען דאָ שקאָצים, אין ניעשאַווע זענען דאָ שעהנע-אידען, כשר׳ע, יראים-ושלמים.

ביידע גבאים האָבען געפּלאַמט. ביי מאָטיע-גדול איז די נאָז געוואָרן אַזוי רויט ווי ביי ישראל אביגדור׳ן די באָרד. זיי האָבען באַצייטענס געפּייערט, געקוקט אויף זיך ווי די הענער פאַר׳ן שלאָגען.

— אַ וואַרע מאַכט! אַ וואַרע! — האָט מאָטיע-גדול גע-געבען באַפעהלען.

דער חתן האָט געפּלאָנטערט מיט די טריט, געקוקט מיט די גרויסע קינדערישע דערשראָקענע אויגען און פאַרלוירען זיך אינגאַנצען. דאָס קורצע זיידענע קאַפּאָטקעלע זיינס, נעט גע-מאַכט, די קליינע געפּאַסטע גלאַנציגע שטיוועלעך, דער ווייכער שניי-ווייסער איבערגעלעגטער אויסגעפּרעסטער קראַגען איבער׳ן גלאַנציג-שוואַרצען זיידענעם מלבוש׳ל, דאָס האַלב-רבניש, האַלב-דייטשיש קאַפּעליושעל אויפ׳ן קאָפּ האָבען איהם געמאַכט נאָך שמעלער, קינדערישער, ווי ער איז געווען.

די מוטער זיינע, די ראַכמאַניוועקער רבי׳צין, שטאַרק מאָדיש געקליידעט, אין אַ הוט מיט פעדערען, ווי אַ פריצה׳טע, איז צוגעגאַנגען צום חתן-בחור און איהם אָפּגעווישט מיט אַ

זיין ווייבעריש טיולעז טיכעלע דעם שווייס פון פנים אַזוי צערטליך און מאַמיש, נישט ווי ער וואָלט געווען אין טאָג פון זיין חתונה, נאָר ווי ער וואָלט געווען אַ קינד.

— נחזום׳טשע — האָט זי געזאָגט — מיר זאָל זיין פאַר ד׳יר, קינד מיינס.

די חסידים האָבען עס געהערט, גוט געהערט, און זיי זענען געווען באַליידיגט, באַליידיגט פון דער רבי׳צינס גויאישען הילוך, וואָס אין ניעשאַווע איז אַזוינס נישט צו זעהן נישט נאָר ביי רביים, נאָר אַפילו ביי פשוט׳ע אידען; נאָך מעהר — פון איהר באַגעהן זיך מיט׳ן חתן.

„ליטוואַקעס״ — האָבען געטראַכט גאַליציאַנער אידען, וואָס אַלע פון יענער זייט גרעניץ זענען ביי זיי ליטוואַקעס.

אויף אַ ווייליע האָט זיי אַפילו אַ געדאַנק אָן עגבער גע־טון, אַ געדאַנק געגען ניעשאַווע, וואָס איז זיך משדך מיט רוסלאַנד. נאָר מען האָט געשוויגען, געגלויבט, אַז מסתמא דאַרף אַזוי זיין.

בלויז דער גוי, דער קוטשער, האָט אויסגעצויגען די וואָנסען, באַטראַכט דעם חתן מיט אַ מבינ׳יש אויג און אַרויס־געזאָגט זיין מיינונג וועגן איהם הויך, אויפ׳ן קול.

— טאָ דאָפּיראָ באַזשעטשאָני — האָט ער געזאָגט צו די באַהן־קאָנדוקטאָרען און טרעגערס, צושאָקלענדיג מיט׳ן קאָפּ אויף רעכטס און לינקס — אַ יונגיטשקער אַזאַ, די מאַמע וועט איהם מוזען די פּלודערען אָפּשפּילען...

— כאַ, כאַ, כאַ! — האָבען די גוים געלאַכט, צולאַכט זיך האַרציג, שטאַרק, דערמאָנט אין פּלאַצען פון טרוקענע פּע־סער אין הייסע טעג. דאָס געזאַנג פון די פאַרשטויבטע קאָ־זאַקען האָט איבערגעריסען דאָס הילכיגע געלעכטער.

— אין כאלוהינו — האָבען געזונגען די קאָזאַקען — אין כמלכינו.

## דריט קאַפּיטל

אַ גאַנצן גרויסן זומער-טאָג האָט חתן-כּלה געפאַסט.

אויף סערעלען, דער כּלה, האָט מען דעם תּענית נישט אָנגעזעהן. זי איז געווען הונגעריג, אָבער רוהיג, געזעצט. קיין איין שאָטען פון אומרוהיגקייט האָט נישט פאַרוואָלקענט איהר געמיט.

פאַר דער גאַנצער צייט פון דער פאַר׳קנס׳ונג האָט זי זיך רוהיג פאַרהאַלטען, געטון אַלץ, וואָס מען האָט פון איהר פאַרלאַנגט, נישט ווי זי וואָלט געווען אַ יונג כּלה-מיידעל, נאָר אַן אַלטע פאַרזעסענע מויד, וואָס פאַקט אויף דער עלטער אַ שידוך. זי האָט רוהיג, נישט פרעגענדיג זיך אפילו אויף דעם חתן, אויסגעהערט דעם פאָטער׳ס נייעס, אַז זי ווערט אַ כּלה פון ראַכמאַניווקע. זי האָט רוהיג אויפגענומען די כּלה-מתּנות, וואָס מען האָט איהר געשיקט אין אַטלעס-אויסגעבעטע צירונג-שאַכטעלעך.

— אוי, ווי שעהן! — האָט זי בלויז געזאָגט.

זי האָט פּונקט אַזוי רוהיג, גלייך, אויסגעהערט די ערשטע דינים פון אַ כּלה, וואָס די שוועסטער איהרע, צעיורענע אידענעס, וואָס שטאַמען פון אַנדערע מאַמעס, האָבען גענומען מיט איהר לערנען געצעהלטע טעג פאַר דער חתונה.

זיי האָבען געפּרואווט רעדען, די שוועסטער, מיט׳ן יונגען מיידעל זעהר סודות׳דיג און מיט אַ סך אָנצוהערענישען

וועגן די נייע וויבערישע דינים און מצוות, אזוי אַז די פאַר־צען־יעהריגע כּלה זאָל זיך נישט שעהמען.

— סערעלע — האָבען זיי איהר געזאָגט — קיין תּורה לערנען דאַרפען מיר, נקבות, נישט. דאָס האָט דער אויבער־שטער געגעבען בלויז די מאַנסבילען. אָבער דערפאַר מוזען מיר אונזערע מצוות און דינים אָפּהיטען, וואָס איז אַזוי גוט ווי תּורה לערנען.

זיי האָבען געבראַכט משלים פון דער תּורה, פון די היי־ליגע מוטערס, פון שרה, רבקה, רחל און לאה, די סאַמע איי־דעלסטע ווערטער אויסגעזוכט, אַבּי סערעלען נישט צו פאַר־שעהמען. אָבער דאָס איז געווען איבּריג.

זי האָט געטון, די גרויסע, געוואוקסיגע, פליישיגע סערעל, אַלץ פּשוט, גלייך. קיין איין איינציגע שעהמעוודיגע רויטקייט האָט נישט באַגאָסען איהרע פולע באַקען, קיין איין איינציגער שמייכעל האָט נישט אויפגעלויכטען אין איהרע קאַלטע אויגען. אַ רוהיגקייט איז געלעגען אויף איהר, אַ רוהיגקייט פון אַ ווייב, וואָס גרייט זיך צו איהר ניי לעבען מיט חוב און מיט זי־כערקייט.

מיט דער זעלבער רוהיגקייט איז זי געגאַנגען אַ נאַכט פאַר דעם חופּה־טאָג אין דער הויפּישער מקוה, וואוהין עס האָ־בען זי געפיהרט אַלע איהרע שוועסטער, פל׳ערליי גבאי׳טעס, לאַפּיטוטניצעס, באַגלייט מיט דער שרייענדיגער מוזיק פון דער שטאָטישער קאַפּעליע. די שוועסטער האָבען געקוקט מיט קנאה אויף דעם יונגען, פעסטען מיידעלשען לייב, אויף איהרע רייפע ענטוויקעלטע היפטען און בּרוסטען און זי אָפּגעשפּיגען:

— טפו, טפו, קיין בייז אויג...

זיי האָבען איהר צוגעטראָגען פּאָמעראַנצען, דערקוויקעני־שען, ווי מעהרסטענס כּלות, וואָס ווערען אָפּגעשוואַכט פון וואַ־סער און פון די דינים.

— עס, כּלה — האָבען זיי איהר צוגעטראָגען — דאָס האַרץ איז דיר מסתּמא אָפּגעשוואַכט.

נאָר זי האָט עס נישט געדאַרפט. זי האָט זיך געפיהלט גוט, קרעפטיג.

מיט דער זעלבער געזעצטקייט האָט זי באַגעגענט די טו-קערין, וואָס איז געקומען איהר אָפּגאָלען די האָר פון קאָפּ.

אין ניעשאַווע האָט מען אָפּגעגאָלט כלות די האָר פון די קעפּ נישט צומאָרגענס נאָך דער חתונה, נאָר אין טאָג פון דער חופּה. די שוועסטער האָבען סערעלען געגומען צוגרייטען. פון די מיידעלשע יאָהרען, וואָס ווייבער האָבען אַזוי ליב צו האַל-טען אין זכרון, האָבען זיי נאָך געדענקט די שרעק פאַר׳ן גאָ-לען. זיי האָבען דעריבער גענומען פלוצלינג צערטלען סערעלען דעם קאָפּ, פיהרען מיט די פינגער אין איהרע געדיכטע האָר, צעפּ פלעכטען און פראַווען קאָמפּלימענטען.

— אַזאַ וואַלד אַ געדיכטער — האָבען זיי געזאָגט סודות׳-דיג, מיט דער סודות׳דיגקייט פון ווייבער, וואָס אין פלעכטען פון כלה׳שע צעפּ דערמאָנען זיי זיך אין ערשטען גליק און אין שפּעטערער וועלקונג — זאָל עס זיין ווי אַ קרבן, סערעלע, ווי די ערשטע שניט, וואָס די אידען אין ירושלים האָבען געבראַכט צו גאָט.

אָבער ביי סערעלען איז עס גאָר קיין קרבן נישט געווען. זי האָט געוואוסט, אַז אַזוי דאַרף מען, און זי האָט עס געטון, ווי מען טוט יעדער אַנדערען דינג. די טוקערין האָט זיך גאָר-נישט געקאָנט גענוג אויסלויבען זי פאַר איהר פרומקייט און צדקות.

— אַזאַ כשר׳ע נשמה — האָט זי געזאָגט, טונקענדיג לעקעך אין בראָנפען, וואָס מען האָט פאַר איהר געשטעלט — די זון זאָל נאָך איהר אַזוי לייכטען, ווי עס לייכטען איהרע רויטע באַקען, טאַקע קאָכאַנעדיגער אין הימעל.

מיט אַ גרויסער שער האָט זי געשניטען איהרע האָר, גע-שניטען קרום, געמאַכט טרעפּ, און דערנאָך האָט זי אַ בליץ מיט׳ן גאָל-מעסער געגעבען און גענומען קראַצען דעם דין-גע-שוירענעם מיידעלשען קאָפּ, וואָס איז צו אַ שעפּסען-קאָפּ עהנליך געוואָרען.

— מזל־טוב! מזל־טוב! — האָבען די שוועסטער געוואונ־שען און סערעלען אַ ווייס אַטלעסען טיכעל אויפ׳ן קליין־גע־וואָרענעם קאָפּ אָנגעטון.

— מזל־טוב! — האָט סערעלע געענטפערט, בינדענדיג די שפּיצען פון טיכעל אונטער׳ן קין, ווי אַ אידענע אין די יאָהרען.

די טוקערין איז געגאַנגען פון מחותנת׳טע צ׳ו מחותנת׳טע נאָך גאָל־געלט.

— אַ קרייצער פאַר יעדער – האָר האָט זי געזאָגט, צוקומענדיג צו דער כּלה – „מערצישעם" אויף אַ ברית ביי דיר...

— אם ירצה השם, ביי אייערע טעכטער — האָט סערעלע, אָהן בושה, צוריקגעוואונשען.

פונקט אַזוי אָהן בושה איז זי געזעסען שפּעטער אין דער כּלה־שטוב און געלערנט די כּלה־דינים פון נייעם קרבן־מנחה־סידור, וואָס האָט געהאַט העלפאַנדביינערנע טאָוולען און אַ גילדערנעם שלאָס.

— אונ זיא זאל בוויליגט ווערונ אין דער בהפטינג — האָט זי געלייענט אויפ׳ן קול מיט אַ ניגון פון תחינות — אונ איהם ניט אנטהאענ חס ושלום קיינ צער נור אדרבה איהם ליבשהאַפט דרווייזונ און איהם ווילליק זיין אין דער מצוה ווי דר מנהג דרום וועלון גיבורן ווערונ בנים־זכרים מיט הילף פון געאַכפּערטנ...

גאָרנישט רוהיג האָט זיך געפיהלט נחום׳טשע, דער חתן.

אַ גאַנצען גרויסען זומער־טאָג מיט אַ קנאַפּער נאַכט דער־צו האָט ער זיך געמאַטערט אין די שווערסטע יסורים אין טאָג פון זיין חתונה. אַ גאַנצען מעת־לעת איז ער געפּאָהרען אין באַהן פון ראַכמאַניווקע דורך דער גרענעץ ביז ניעשאַווע. ער האָט געדאַרפט רוה, מנוחה. אָבער מען האָט איהם אויף קיין רגע קיין מנוחה נישט געלאָזט. קודם־כל איז דער עולם געקומען צו איהם שלום־נעמען. טויזענטער איד׳ען זענען אויף דער חתונה געקומען, יעדען האָט מען די האַנט געמוזט געבען, „עליכם־שלום" ענטפערען. נחום׳טשען האָט די האַנט גלייך אָנגעהויבען שמערצען. אין האַלז איז איהם טרוקען געוואָרען.

אַז ר'איז פאַרטיג געוואָרען מיט'ן עולם, האָט דער מחותן זיינער, דער ניעשאַווער, איהם אַריינגעבעטען צו זיך און אָפּגעהאַלטען לאַנג. ער האָט שוין, דער ניעשאַווער, עטליכע מאָל אין דעם טאָג לעקעך און בראָנפען מיט אָנגעפאָהרענע גוטע-אידען און מחותנים געטרונקען. ער איז געוועזן נישט שיכּור, אָבער אַביסעל פאַרנעפּעלט, בגילופין. איהם האָט זיך געגלוסט רעדען, אַ סך רעדען. גערעדט האָט ער גיך, געשלונגען האַלבע ווערטער, דערצו האָט ער צוגעזונגען, אויפ'ן גאַליצישען רבּי'שען שטייגער, און נחום'טשע דער ראַכמאַניווקער האָט זעלטען אַ וואָרט פאַרשטאַנען. דער רבּי האָט אויך געוואָלט דעם חתן באַווייזען זיין לומדות. טאַקע דערפאַר, ווייל ער איז קיין גרויסער למדן נישט געווען, האָט זיך איהם שטאַרק געוואָלט ווייזען לומדות. ער האָט געדענקט עפּעס אַ פּשט'על נאָך פון זיין ערשטער חתונה, וואָס ער האָט אפשר מיט פופציג יאָהר צוריק געזאָגט פאַר אַן עולם, און ער האָט עס אינגאַנצען איבערגעזאָגט פאַר נחום'טשען. ער איז דערפון אַריין אין ווילדער התפעלות, געכאַפּט דעם אינגעל ביים קין, גלייך ער וואָלט שוין געהאַט אַ באָרד, ער האָט געפּאַטשט מיט די הענט, צוגעשטיקט איהם, אין די זייטען איהם געשטאָרקעט, אָפּגעשפּריצט און צעהנדליגער מאָל איבערגע'חזר'ט דאָס זעלבע:

— פאַרשטייסטו מעך, צי נישט? האַ, וואוע...

דערביי האָט ער איהם אָנגעפּיפּקעט פולע אויגען מיט שאַרפען ציגאַרען-רויך. אויף דעם אינגעל'ס ניכטערען מאָגען האָט זיך דער רויך געלעגט ביטער. אין האַלז האָט געשטיקט. ער האָט געהוסט. נאָר דער מחותן האָט עס נישט געהערט. ער האָט בכלל קיינמאָל נישט געהערט יענעם, נאָר בלויז זיך אַליין, אַליין אַלץ גערעדט, אַליין אויף אַלץ זיך אָנגעוואָרפען.

— פאַרשטייסטו מעך... פאַרשטייסטו מעך? האַ, וואוע...— האָט ער גיך געברומט דורך דער קאָלטענעוואַטער באָרד און וואָנסען.

אַז ר'איז קוים אַרויס פון מחותנ'ס שטוב, האָבען איהם דעם רבּינ'ס זיהן, פונקט אַזעלכע שווערע און טעמפּע אידען

ווי דער פאָטער זייערער, געגומען פיהרען פון שטוב צו שטוב, אומעטום האָט מען געטרונקען בראָנפען, געוואונשען זיך לחיים, לעקעך געגעסען און אפילו וועגען זיין תענית נישט געטראַכט.

— לחיים, לחיים, ס'זאָלען זיין שמחות ביי אידען — האָט מען איהם געוואונשען און לאַנג געטרייסעלט מיט זיין האַנט.

דערצו האָט זיך צו איהם ביי איינעם פון דעם רבינ'ס זיהן אין שטוב צוגעטשעפעט אַ יונגערמאַן אַן עלוי, דאָס שיינ-דעל פון די ביעשאַוער חסידים, וואָס האָט געוואָלט אַרויסווייזען לומדות. דאָס איז געווען אַ יונגערמאַן אַ קרומער קאָפּ, אַ וויל-דע בריאה, אַ שטיק באָק. אַפילו אין זיינע באַוועגונגען, אין זיין אָנשטויסען מיט'ן קאָפּ תמיד, ווען ער האָט אַ קשיה צו פרעגען, איז געווען באָקישעס. די צוואַכמערטע פיאות זיינע זענען געשטאַנען אין דער הויך, ווי הערנער.

— צוריקגעשמועסט — האָט ער געהאַט אַ טבע צו זאָגען אויף אַלץ — צוריקגעשמועסט קען מען זאָגען פונקט פאַרקערט...

וואָס נחום'טשע איז שוין מיט איהם פאַרטיג געוואָרען, האָט ער געגומען זאָגען פונקט פאַרקעהרט. נחום'טשען האָט אַ שווייס באַגאָסען.

די מקוה, וואָס מען האָט פאַר דעם חתן צוגעגרייט, איז נישט געווען קיין קאַלטע, נאָר אַ גוט אויסגעהייצטע, כאָטש די זון האָט געברענט אין דרויסען. דער ריח פון איהר פאַרדומ-פענקייט האָט געדריקט ביז חלשות.

דער פאָטער זיינער האָט עטליכע מאָל גערעדט מיט איהם, ער זאָל אָנבייסען, כאָטש אַ שטיקעל לעקעך, געווייקט אין זי-סען בראָנפען, נעמען.

— רבי'שע קינדער — האָט ער געזאָגט — פאַסטען נישט אין חופה-טאָג...

נאָר נחום'טשע האָט נישט געוואָלט נאָכגעבען. די מוטער איז געקומען און געוואָלט אויף איהם גוזר זיין.

— קינד מיינס — האָט זי גע'טענה'ט — פאָלגען אַ מאַמען איז מעהר מצוה ווי פאַסטען. זיי מקיים כיבוד-אם.

אָבער ער האָט איהר נישט געלאָזט רעדען אַפילו.

— מאַמע — האָט ער זיך געבעטען — זײַ מיך נישט מצער, איך װעל נישט עסען.

ער האָט פּסדר געלערנט אין אַ קבלה־ספר, װאָס ער האָט נישט אַרױסגעלאָזט פון די הענט. דער מלמד זײַנער, ר' פּתחיה זװילער, װאָס איז מיט איהם מיטגעקומען אויף דער חתונה, אַ איד אַ למדן, אַ מרה־שחורה'ניק, האָט איהם פּלעמאָל אויף ס'ניי פאַרהערט די דרשה, װאָס ער דאַרף זאָגען בײַם טיש.

— זעה־זשע, חתן — האָט ער איהם געמוּנטערט — זאָלסט נישט מבייש זײַן דעם טאַטען, זאָל לעבען. ס'װעט זײַן אַ טיש מיט לומדים.

די לופט אין בית־המדרש, װאו מען האָט די טישען געדעקט, איז געװען געדיכט, ממש אָנצוטאַפּען. די חסידים האָבען פאַרשטעלט אַלע פענסטער, טירען. יונגעלייט זענען געלעגען אונטער די טישען, אָנגעהאָנגען זיך איבער די בענק, צוגעדריקט זיך פּלײצע צו פּלײצע, אָרעם צו אָרעם. בחורים האָבען זיך צוגעבונדען מיט גאַרטלען צו די זײַלען פון בית־המדרש, געהאָנגען אין דער לופט. אינגלעך זענען אַרײַנגעקראָכען מיט די פּיס צו אידען אין די הינטערשטע קעשענעס פון די זשופּיצעס, אַבי כאַפּען אַ בליק צום חתן. קרומע זײַלען שטױב האָבען זיך געלײגט איבער די קעפּ, װי ברעטער.

די מאַסען ליכט אין די זילבערנע מנורות, שאַבאַשניקעס, קאַנדעליאַבּרעס, לײַכטער האָבען געװיכערט, געשמאָלצען זיך, געטריפט. די מענשען האָבען געשװיצט, געקלעבט צו זיך. די גאַנצע היץ האָט צוגעשלאָגען אויבען־אָן, װאו דער חתן איז געזעסען, אַרומגערינגעלט מיט מחותנים און געסט.

דער קאָפּ האָט נחום'טשען געגליהט, שװער געװען. אַ חוץ דער יאַרמעלקע, איז געזעסען אויף זײַן מידען קאָפּ אַ שטרײַמעל, אַ הויך האָריג גלאַנציג שטרײַמעל, װאָס האָט געדריקט, געהיצט, די שלייפען מיד געמאַכט. טראָפּענס שװײס האָבען זיך געגאָסען פון די געקרײַזעלטע פּיאות זײַנע און באַפלעקט דעם אויסגעפּרעסטען שניי־װײַסען איבערגעלײגטען קראַגען.

אין די ווייבערישע שטובען ביי דער כּלה איז געווען גרוים, לופטיג. מיידלעך מיט מיידלעך האָבען געטאַנצט, פאַר-הויבענדיג די שלעפּס פון די ברייטע אָנגעבלאָזענע קליידער, און גערעדט מיט די קלעזמער דייטשמעריש.

— הערר מוזיקאַנט, שפּיעלען זי פּרווינדליכסט איין שער...

קעלנער אין קורצע קליידער, מיט קליינע יאַרמעלקעלעך אויף די שפּיץ קעפּ, האָבען זיך מיט קאַלטע געטראַנקען געשאַרט איבער די שטובען און, מיט עלעגאַנץ פון פּראָווינצער אָפּערע-טען-ליבהאָבער, צוגעטראָגען כּיבוד צו די ווייבער.

— וואָללען זי עטוואַס געניסען...

קליינע מיידלעך מיט ריזיגע שלייפען און קאָקאַרדעס אין די קאַרבירטע צולאָזענע האָר האָבען קניקסען געמאַכט, מיט די וואַכלערס געפּאָכעט. ווייבער מחותּנת׳טעס האָבען געבליצט מיט גאָלד און ציהרונג, געשאָקעלט מיט אַלע קאַרשען און גרעלע בלימעלעך פון די קאָפּקעס, שלייערלעך און הייבלעך. אַ בדחן מיט אַ צוקאַמטער פּריצישער באָרד און מיט אַ מין גלח׳ישער יאַרמעלקע אויפ׳ן שפּיץ קאָפּ, האָט אין הוילען דייטש, מיט פּסוקים פאַרבראָקט, מיט ציטאַטען פון שילער און לעסינג באַ-ווירצט, גראַמען געפּלאָכטען. ער האָט געוואָרפען מיט די הענט, געבליצט מיט די אויגען, געמאַכט קונצען פון אַ ברעטעל-זינגער, וואָס ער האָט אַמאָל אין אַ שטאָטישער שענק געזעהן, און געוואָרפען אויגלעך בגנבה צו די מיידלעך.

אָ, הערען זי מאַהל אויס, האָכגעשעצטע בראַאוט אונד איהרע ליעבע מעדכען,

שרה, רבקה, רחל אונד אויך ראָזע אונד גרעטכען.

דאַס שטערבען, חלילה, אונד די הייראַט קאָן ניעמאַנד מיידען,

דען די ליעבע איזט דאָך פיר די יונגע לייטע איין וואַהרעס גן-עדן.

די ראָזען דופטען, ווען זי פריש זינד, זאַגט דער גראָ-סע דיכטער,

דאָרום פרעהט אייך אונד ליעבקאסט אייך, איהר שעה־
נע געזיכטער.

אונד ווי די ליעבע זאָננע, כּלה, זאָל דיין ליכטיג מזל
שיינען,

אונד ביים רבונו־של־עולם איין גליקליכעס שיקזאַל אויס־
וויינען...

אָבער ביי די מענער אין בית־המדרש איז געווען ענג,
דערשטיקט צו ווערען. אַלע מאָל האָט אַן אַנדער חסיד געָ־
חלש׳ט פון היץ. אידען האָבען איהם ביים קאָפּ און פיס אָנ־
גענומען און צום הויפישען ברונים אַוועקגעטראָגען. דאָרט האָ־
בען איינגלעך אויף דעם פאַר׳חלש׳טען אַזוי לאַנג געגאָסען וואַ־
סער פון פּלומפּ, ביז ער איז געקומען צו זיך.

— ביער, גיט מיר אַ גלעזעל ביער — האָבען אידען
געבעטען זיך רחמים ביי די משמשים, וואָס האָבען געצאַפּט
ביער פון גרויסע פעסער.

— שאַ זאָל זיין! — האָט ישראל־אַביגדור געשריגן —
דער חתן געהט זאָגען די דרשה. שטיל זאָל זיין, ווי אין אַן
אויער. דרך־ארץ!

נחום׳טשען איז געווען טרוקען אין האַלז, די צונג האָט
געקלעבט צום גומען, ווי אַ פרעמדע זאַך. די שלייפען האָבען
איהם געבריהט, די אויגען האָבען געשמערצט. נאָר דאָס אַלץ
האָט נישט געקאָנט זיין קיין אָפּהאַלט פון דער דרשה. טויזענ־
טער אידען האָבען אויסגעשטעלט אויערען. רביים, רבנים,
לומדים, שעהנע־אידען, עלוים, אַלע האָבען זיך צוגעבויגען,
אַבי דעם חתנ׳ס וואָרט אויסצוהערען.

— נו, חתן — האָט דער מלמד זייגער דער מרה־שחורה׳־
ניק געזאָגט — אַן עדה אידען וואַרט אויף דיין וואָרט.

ער איז אַזוי פאַרמאַטערט געוואָרען פון דער שעה דרש׳ע־
נען, אַז צום באַדעקען די כּלה האָט מען איהם געמוזט אונ־
טערפיהרען. ער האָט אַפילו אַרויסגעלאָזט דאָס וויס־זיידענע דעק־
טיכעל פון האַנט, ביים אַרויפוואַרפען עס אויף דער כּלה׳ס פּנים.

— אוי! — האָבען די ווייבער אַרויסגעקרעכצט, ווי מען וואָלט אַראָפּגעלאָזט אַ ספר-תּורה.

דאָס איז געווען אַ שלעכטער סימן.

ביי דער גילדערנער יויך האָט ער גאָרנישט געקאָנט עסען. די כּלה האָט געגעסען מיט גרויס אַפּעטיט. זי האָט נישט גערעדט מיט איהם. זי האָט שטאַרק געוואָלט איהם זאָגען, ער זאָל עסען, אָבער זי האָט זיך געשעמט, געפלאַמט פון בושה פאַר דעם פרעמדען אינגעל, וואָס זי האָט איהם דאָס ערשטע מאָל געזעהען, און זי האָט שווייגענדיק געגעסען. נחום'טשע האָט בלויז גענומען איין לעפעל יויך פון דעם גילדענעם שותּפות'דיגען שיסעלע, וואָס איז פאַר חתן-כּלה געגרייט געוואָרען, און גלייך אַוועקגעלייגט. ער איז געווען אַזוי דערשלאָגען, אַז ער האָט אַפילו אויף זיין באַשערטער קיין קוק נישט געטון.

און דערנאָך, שפּעט ביינאַכט, אַז צוויי שעהנע-אידען, זקנים, האָבען איהם גענומען אונטער די הענט, גערעדט צו איהם אַ סך וועגען דער ערשטער מצוה און איהם פלוצלינג אין אַ פרעמדער שטוב פאַרלאָזט, פאַרהאַקענדיג הינטער זיך די טיר, — האָט ער זיך דערפיהלט אַזוי הילפלאָז, פאַרלאָזען, ווי אַ קינד, וואָס די מאַמע האָט עס אונטערגעוואָרפען.

פון נייעם בעטגעוואַנט, פון דעם ים איבערבעטען און קישענס, האָבען אויף איהם געקוקט אַ פּאָר אויגען, אַ פּאָר אָפענע אויגען. ער האָט מיט שטאַרע בליקען אַ קוק געטון אויף דעם בעטגעוואַנט, אויף דעם קאָפּ, אויף דעם פרעמדען ווייבערישען קאָפּ אין אַ וויסען טשיפּיק מיט רויטע בענדער. דאָס רויטקייט האָט געבלענדט אין די אויגען. אין דער אַרומיגער ווייסקייט האָבען אַ פּאָר רויטע, פולע באַקען געגלאַנצט, באַקען פרעמדע, אָנגעבלאָזענע, שטאַרק-צעפלאַמטע. אַ קאַלטער שווייס האָט איהם מיט אַמאָל באַדעקט. איהם איז נישט-גוט געוואָרען.

— מאַמע — האָט ער גערופען שטיל און מיט אָהן אַ שיעור צער און בושה — מאַ-מע...

---

צומאָרגענס האָט איהם דער שווער אַרייגעפּיהרט צו זיך אין שטוב און איהם אָנגעוויזען אַ שטוהל צו זיצען. דער ניעשאַווער האָט זיך אָוועקגעזעצט געגענאיבער, און דאָס גאַנצע געדיכטעניש זיינס, די באָרד, פּיאות, ברעמען און אַפילו די בינטלעך האָר פון די אויערען האָבען זיך געטרייסעלט ביי איהם פון צאָרן.

— עט — האָט ער געזאָגט — עך הויב נישט אָן צו פאַרשטעהן אַזעלכע געננ... אין ניעשאַווע ווייסט מען נישט אַזוינס... עט...

נחום׳טשע איז געוואָרען נאָך שמעלער, דינער. דאָס לשון איז איהם אָפּגענומען געוואָרען. בלויז אַ מורא האָט איהם אָנגעפּיהלט, אַ באַהאַלטענע מורא פאַר אַלץ, פאַר דעם שווער, פאַר זיינע פאַרקאָלטענטע באָרד און פּיאות, פאַר די פרעמדע אידען און אַפילו פאַר דעם קאָפּ אין בעטגעוואַנט, וואָס ער האָט איהם נישט געדענקט, וואָס בלויז די בלענדעניש פון רויטע בענדער און דאָס פאַרפלאַמטקייט פון אַ פאָר אָנגעבלאָזענע באַקען אין ווייסקייט שווינדלען איהם נאָך פאַר די אויגען.

— מאַ-מע — האָט ער גערופען מיט ליפּען, וואָס לאָזען קיין קלאַנג נישט אַרויס, ווי אַ קינד אין גרויס שרעק — מאַמע...

## פערט קאַפּיטעל

די זיבען טעג שבע-ברכות זענען פאַר נחום׳טשען געווייןן ווי זיבען טאָג שבעה-זיצען.

נאַכט ביי נאַכט האָט מען אַרום איהם געמאַכט שבע-ברכות, סעודות, געטרונקען וויין. דער שווער האָט איהם באַ-פוילען זאָגען פשט׳לעך. די חסידים האָבען זיך געשטופּט צו איהם מיט שווייסיגע הענט, ווינשען לחיים. און דערנאָך האָ-בען אים ווידער אַמאָל אויף ס׳ביי געגומען אונטער די הענט די זעלבע צוויי זקנים, געדזשאַמדזשעט איהם אין די אויערען ציינלאָזע רייד, וואָס האָבען איהם באַגאָסען זיין איילבירט פּנים מיט רויטקייט, און דערנאָך פאַרהאַקט הינטער איהם די טיר פון סערעלע׳ס שלאָף-צימער.

באַלד אין דער פריה נאָך, פאַר׳ן דאַוונען, האָט שוין דער רבי ר׳ מלך געשיקט זיין עלטסטע טאָכטער, אַ גרויסע אומגעלומפּערטע אידענע, זי זאָל געהן זיך איבעררעדען מיט׳ן ווייבעל.

די אידענע איז געגאַנגען צו דער שוועסטער און דער-נאָך געשאָקעלט מיטביידע שפּיצען פון איהר שוואַרץ-זיידע-נעם קאָפּ-טיכעל, ווי מיט צוויי פליגעל.

— עט — האָט זי געזאָגט — גאָרנישט...

פאַר כּעס האָט דער רבי אפשר צעהן מאָל געפּאַטשט מיט די ליפּען אין פאַרלאָשענעם ציגאַר.

— רחמנא ליצלן! — האָט ער געשריגען.

נאָך דעם לעצטען טאָג פון די שבע-ברכות האָט דער רבי געשיקט נאָך סערעלען.

זי איז געקומען אין אַ לאַנג קלייד פון געלען זייד. אויף איהר געגאָלטען קאָפּ איז געזעסען אַן אַטלעסענער טשיפּיק מיט אַ גאַנצען גאָרטען פון קאַרשען, ציטער-נאָדלען, גריגע בלעטער און גרעלע בלימעלעך. דער טשיפּיק איז געווען גרויס און אַראָפּ-געגליטשט זיך איבער די אויערען. דער פאָטער האָט איהר גע-הייסען זעצען זיך אויף דער הילצערנער שטוהל, וואָס איז אַוועקגעשטעלט פאַר חשוב'ע חסידים. ער אַליין האָט זיך צע-זעצט בּרייט אויף דעם לעדערנעם נידריגען פאָטעל. זיינע אויס-געקוילערטע אויגען האָבען דאָס יונגע ווייבעל אַזוי דורכגענו-מען, אַז זי האָט אַזש דערפיהלט אַ קעלט אין דער ברוסט און זי צוגעדעקט מיט אַ האַנט. דער רבי האָט אויסגעזעהן פונקט אַזוי שטרענג און אומ'ברחמנות'דיק, ווי בעת ער וויל אַרויס-טרייבען אַן איינגעשפאַרטען דיבוק פון אַ דאָרפישער מויד און יענער, דער דיבוק, הערט איהם נישט.

— נו? — האָט ער ענדליך אַ פרעג געטון מיט אַ גמרא-ניגון.

סערעלע האָט געשוויגען.

— וואָס 'עט זיין דער תכלית? — איז ער איבערגעגאַנ-גען שוין אין אַ ניגון פון אַ איד אַ סוחר.

סערעלע האָט געקוקט מיט שטאַרע בליקען.

— ער איז געווען ביי דיר?

— ניי-ן-ן-ן — איז סערעל אַרויס מיט אַ געוויין, מיט אַ מגושמ'דיג געוויין, אין וועלכען נישט נאָר די אויגען, נאָר אפילו מויל און נאָז וויינען.

— געה שוין, געה, שוטה... — האָט זי דער פאָטער גע-טריבען פון שטוב, אונטערשטופּענדיג זי צו דער טיר — נו געה, נו...

ער האָט געהייסען דעם משמש, דערלאַנגען זיך עטליכע פון די גרויסע לעמבערגער שולחן-ערוך'ס, געבונדענע אין זאַק-

לייוועגט און צעפליקטע. ער האָט זיך האַסטיק אָוועקגעזעצט ביים טיש, ער האָט געגומען זוכען מיט די גרויסע אויסגעקוי־לערטע אויגען אין די קליינע געדיכטע שורה׳לעך, אין די דינים פון מאַן און ווייב.

ער האָט אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַוועקצושרייבען אַ בריף צום מחותן זיינעם, דעם ראכמאניווקער, וואָס איז באַלד צומאָר־געגנס נאָך דער חתונה, נישט איבערוואַרטענדיג אַפילו ביז צו די אַנדערע שבע-ברכות, אַוועקגעפאָהרען, צוזאַמען מיט דער רביצין, אַהיים. ער האָט איהם געוואָלט דערצעהלען וועגען נחת, וואָס ער האָט פון דעם זוהן זיינעם, און טאַקע דערביי אַריינ־וואַרפען אַ וואָרט מכח אַ גט. אָבער דערצו האָט ער געדאַרפט וויסען פריהער די דינים וועגען אַזאַ פאַל, וויסען וויפיל עס קומט פון מאַנ׳ס צד קנס פאַר דעם ווייב׳ס בושה און פאַר אומזיסטע הוצאות, אַזוי אויך וואָס מען זאָל טון בנוגע נדן און מתנות.

אַ גאַנצען מעת-לעת צייט האָט ער געזוכט, געגישטערט אין די גרויסע אָרומגעפליקטע ספרים. קיין גרויסער למדן איז ער קיינמאָל נישט געווען. זייט יאָהרען, זינט ער האָט געפיהרט רבי׳טסטווע, האָט ער בכלל קיין גמרא, קיין לומדיש ספר נישט אָנגעקוקט. ער האָט בלויז געלערנט פון צייט צו צייט אַ ביסעל קבלה, זוהר, כדי אויסצוזוכען נייע תורה׳ס, צו זאָגען ביים טיש. ער איז אַפילו געווען, אַ חוץ רבי, אויך רב אין שטאָט. אָבער ער האָט קיינמאָל קיין שאלה נישט גע׳פסק׳ענט, נישט געקאָנט פסק׳ענען. דאָס אַלץ האָט געטון פאַר איהם אַ איד אַ למדן, אַ פאַרטרעטער, וואָס מ׳האָט איהם דערפאַר גע־רופען די „מינקת”, דעם רבינ׳ס אַם.

פרעגען ביי דער „אַם” האָט ער נישט געוואָלט. צו וואָס דערצעהלען פון הויף? און ער האָט שטאַרק זיך געמאַטערט אין די גרויסע שולחן-ערוך׳ס, פאַרבלאָנזשעט זיך אין די פיל פירושים, וואָס זענען מיט קליינטשיגע שווערע ווערטער און אָנצוהערענישען אָנגעפיקעוועט. ער האָט געשוויצט, ווי אין באָד.

ער איז ענדליך אַרויסגעקראָכען, דער ניעשאַווער. נאָך

לאַנגער מיה האָט ער זיינס דערגרייכט. ער האָט גוט אויסגע־פּשט׳עלט ווי אַזוי דעם מחותן דעם בעל־גאוה׳ניק אָנצולערנען, ווי אַזוי צווינגען דעם יונגענמאַן צו אַ גט, און דערביי איהם אַהיימשיקען ווי ער געהט און שטעהט, אָפּנעמען אַלץ ביז אַ פאָדים ביי איהם, דעם רוסישען נחת... ער האָט פאַרקאַשערט די ברייטע אַרבעל פון דעם זיידענעם גרעל־געבלומטען שלאָפ־ראָק און טאַקע שוין אויפ׳ן אָרט גענומען שרייבען אַ בייזען בריף צום מחותן, אַ בריף מיט קאָטשערע אותיות און מיט האַלבע ווערטער. ער האָט שוין דעם גרויסען טיטול אָנגעשריבען, כדי באַלד דערויף צו שרייבען הארבע ביטערע רייד, ווי פּלוצלינג איז די עלטסטע טאָכטער, פיהרענדיג סערעלען ביי דער האַנט, אַריינגעפאַלען אין רבי׳נ׳ס שטוב און אויסגערופען הויך:

— מזל־טוב, טאַטע! מזל־טוב!

דער רבי האָט אַזוי אויסגעקוילערט די אויגען זיינע פון חידוש, אַז עס האָט אויסגעזעהן, ווי אָט, אָט, דרעהען זיי זיך ביי איהם איבער, ווי ביי אַ ליאַלקע, וואָס מען שטעלט אויפ׳ן קאָפּ.

— ס׳הייסט? — האָט ער געפרעגט.

— נעכטען איז ער ביי איהר געוועזען — האָט די טאָכטער געזאָגט — גאָר אומגעריכט. דערצעהל, סערעלע, דעם טאַטען, שעהם זיך ניִשט.

סערעלע האָט מיט שטאַרקע פאַרבען אין קאַלטען פנים דערצעהלט אַלץ פשוט.

— נו, מילא, געלויבט דער אייבערשטער! — האָט גע־זאָגט דער רבי און געשמייכלט מיט׳ן גאַנצען געדיכטעניש פון זיין האָריגקייט — אַן עין־הרע געוועזען. געדאַרפט באַלד אָפּ־שפּרעכען. געלויבט דער אייבערשטער דערפאַר.

און גלייך דערויף האָט ער, ווי אַלעמאָל, גענומען אַרויס־שטופען די נקבות פון שטוב.

— נו, געה, געה, שוטה׳לע — האָט ער געטריבען דאָס יונגע ווייבעל — געה, און זיי אַ כשר׳ע אידישע טאָכטער, אַודאי אַזוי...

אָנשטאָט פֿאַרענדיגען דעם בריף צום מחותן, האָט ער אָנגעשריבען אַ בריף צום שטאַמלער, דעם פעטער פון דער יתומה. ער האָט איהם געשריבען, אַז באַלד, תיכף-ומיד טאַקע, ווי נאָר ער וועט דערהאַלטען דעם בריף זיינעם, זאָל ער שוין קומען צופאָהרען קיין ניעשאַווע, כדי אָפּצורעדען די חתונה, אם ירצה השם, צווישען איהם, דעם רבי'ן, און דער בתולה מלכה'לע, זאָל לעבען. כדי נישט צו פֿאַרלענגערען קיין אומזיסטע צייט, האָט ער געשריבען, וועט מען נישט מאַכען די תנאים באַזונדער און די חתונה באַזונדער, נאָר ביידע צוזאַמען, און דערווייל בלויז מאַכען אַ וואָרט. צום בריף האָט ער צוגעלעגט אַ פּאַפּירענעם צוואַנציגער רייניש פֿאַר'ן שטאַמלער אויף הוצאות. ער האָט זיך פֿאַרטראַכט אויף אַ ווײַלע, צי עס איז נישט אַמאָל צופֿיל. אפשר גענוג זיין פֿאַר דעם קבצן פופצען? נאָר פלוצלינג איז איהם געקומען אויפ'ן זינען דעם איד'ס רייד:

— אַ יפת-תואר, דאָס מיידעל. אַזוי זאָגען די ווייבער...

און ער האָט אַרויסגענומען פון גרויסען לעדערנעם ביי-טעל נאָך אַ פּאַפּירענעם פינפערעל און צוגעלייגט, מיט אַ קרעכץ פון קאַרגשאַפט און פֿאַרגעניגען צוזאַמען, צום פריהערדיגען צוואַנ-ציגער.

— זאָל ער האָבען — האָט ער גערעדט צו זיך אַליין — פֿאָרט אַ בן-קדושים, נעבעך...

דערנאָך האָט ער זיך דערמאָנט צוצושרייבען, אַז וואָס עס געהער זיך אָן כלה-מתנות, וועט ער, מיט גאָטס הילף, די כלה נישט פֿאַרשעהמען, נאָר אדרבה, באַשיינען און באַצירען זי, ווי עס איז שעהן פֿאַר אַ כלה. אויך מיט קליידער וועט ער זי אויסשטאַטען גאָר ברייט, ווי עס שטעהט אָן אַ אידישע טאָכטער אַ מיוחסת, אַ רבי'ש איינִיקעל. און צום סאַמע סוף האָט ער נאָך עטלעכע קליינע שורה'לעך אַריינגעקוועטשט, אַז זי זאָל נישט מורא האָבען פֿאַר מחלוקת און אַרומרייסעניש אין הויף, וואָרים ער וועט זי באַשיצען מיט זיינע פליגעל און אויסשפּרייטען אויף איהר זיין מאַנטעל פון כבוד. און הגם ער אַליין וואָלט געקאָנט איינגעהן אויף אַ שטילע חתונה, אָבער

אַזוי ווי די כּלה איז אַ בתולה און איהר קומט לויט׳ן דין און שטייגער פון דער וועלט אַ שמחה און אַ חתונה ווי אַלע איי־ דעלע אידישע טעכטער, וועט ער, מיט גאָט׳ס הילף, פאַר זיין געלט לאָזען פראַווען אַ גרויסע חתונה מיט געסט און קלעזמער אויפ׳ן גרויסען שטייגער אין דער שטאָט פון דער כּלה, ווי עס איז דער מנהג, מיט דער הילף פון אויבערשטען, זאָל זיין גע־ לויבט זיין נאָמען.

ער האָט זיך אונטערגעשריבען מיט׳ן נאָמען פון פאָטער, זיידע, עלטער־זיידע און עלטער־עלטער־זיידע. און מיט די גראָבע ליפּען האָט ער שטאַרק גענעצט דעם קאָנווערט, ער זאָל זיך גוט צוקלעפּען. ער האָט אַריינגערופען אַן אייניקעל און איהם געגעבען אָנצושרייבען דעם אַדרעס, ווייל ער אַליין האָט קיין גוי׳איש נישט געקאָנט. ער האָט באַוואונדערט דעם אייניקעל׳ס שעהנע גוי׳אישע האַנדשריפט און איהם דערפאַר געגעבען אַ ריינ׳יש.

דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אַ צופרידענער אויף דעם ווייכען פאָטעל, פאַרשניצט אַ פרישען ציגאַר און גערופען:

— סרועלוויגדער! סרועלוויגדער!...

איצטיגעס מאָל איז ישראל־אביגדור, דער גבאי, גלייך אַריינגעקומען און דערלאַנגט דעם רבי׳ן פייער. ער האָט נישט בלויז געדאַרפט דערלאַנגען דעם רבי׳ן פייער, האָט ישראל־ אביגדור געוואוסט. עס איז געווען אַ וויכטיגערע זאַך. מען האָט געדאַרפט אַריינלאָזען דעם קיעווער גביר ר׳ פלטיאל הורוויץ, וואָס איז ספּעציעל געקומען פון קיעוו איבער דער עסטרייכי־ שער גרעניץ קיין ניעשאַווע אויף דער חתונה.

ר׳ פלטיאל הורוויץ, אַ גרויסער וואַלד־סוחר, אַ חשוב ביי גרויסע לייט, אַן צריינגעהער צו גובערנאַטאָרס, אַ באַלעבאָס פון אַ גרויסער צוקער־פאַבריק און אַ געוואַלדיגער רוסיש־רע־ דער, איז דערביי געווען אַ פאַרברענטער חסיד פון ניעשאַווע. עטליכע מאָל אין יאָהר האָט ער גענומען קינדער און אייניק־ לעך, געמאַכט אויסלענדישע פּעסער און געפאָהרען צום רבי׳ן.

צו דער חתונה פון דעם רבי׳נ׳ס יונגסטער טאָכטער האָט

פלטיאל הורוויץ געבראַכט גאַנצע טויזענט רובעל, אַ חוץ מתנות פאַר׳ן חתן, אַ גרויסען זילבערנעם חנוכה-לאָמפּ און אַ טייער שטריימעל. אויך די קינדער זיינע, די אייניקלעך אפילו, האָבען געבראַכט מתנות. אָבער דער רבי ר׳ מלך האָט געוואָלט גאָר עפּעס אַנדערש. ער האָט איהם דערצעהלט, פלטיאל הורוויץ, אַז איהם שטעהט פאַר צו קויפען ביי אַ גענעראַל אין פּאָ-לעסיע אַ וואַלד, וואָס קאָן ברענגען אַ פאַרמעגען. אָבער עס איז נישט עפּעס גלאַטיג מיט׳ן קויפען, פאַרהאַן עפּעס אַ שטערונג מצד דער רעגירונג, און אויב אידען וועלען מסר׳ען, און מסר׳ען וועלען אידען אודאי, קאָן מען אַמאָל אַריינפאַלען און, חלילה, געהן אין קרימינאַל, אַפילו אויף שווערע טורמע, באַהיט זאָל מען ווערען. דעריבער האָט ער געפּרעגט דעם רבי׳ן, וואָס ער הייסט איהם טון.

דעם רבי׳ן ר׳ מלך האָט גלייך אַ שטויס געטון אין קאָפּ, אַז עס וואָלט גלייך געווען, ווען דער פלטיאל הורוויץ זאָל איהם צונעמען פאַר אַ שותּף. גראָר איצט, ווען ער האַלט ביי חתונה האָבען, ער דאַרף אַ סך געלט, צאָהלען אַלץ פאַר כלה׳ס צד אַליין, קויפען מתנות, וואָלט איהם דאָס שותּפות שטאַרק צונוץ געקומען, גאָר שטאַרק. פאַרשטעהט זיך, אַז פלטיאל וועט פון איהם, דעם רבי׳ן, קיין געלט אין געשעפט אַריין נישט פאַרלאַנגען. חלילה! נישט איינמאָל האָבען איהם שוין חסידים אַריינגעצויגען אַלס שותּף אין מסחרים. אָבער דאָסמאָל איז דאָס געשעפט צו גרויס אָפּצוגעבען אַ שותּפות. דאָס איז צו שטאַרק, האָט ער געטראַכט, דער ניעשאַוווער. עס קאָן נאָך פלטיאל׳ן פאַרדריסען און מען קאָן איהם אינגאַנצען אָנווערען, וואָס עס וואָלט געווען אַ גרויסער שאָדען, גאָר אַ גרויסער. אָבער פון דער אַנדערער זייט איז פלטיאל אָנגעשראָקען. דאָס מסחר איז מיט אַ שטערונג, ס׳האַלט, חלילה, ביי תּפיסה, און זיין, דעם רבי׳נ׳ס צוזאָג, אַז אַלץ וועט געהן, מיט גאָט׳ס הילף, אויפ׳ן גלייכען וועג, וועט פלטיאל׳ן שטאַרקען.

ער האָט דעריבער גענומען פלטיאל׳ן אָפּשלעפּען, האַלטען איהם וואָס מעהר אין ניעשאַווע, נישט געוואָלט געזעגענען

איהם. דאָס, האָט ער געוואוסט, ברענגט חסידים אַלעמאָל אַריין אין אַ צורודערונג, איבערהויפּט חסידים גבירים, פאַרנומענע מענשען, אַזעלכע, וואָס האַנדלען גרויס, מיט גענעראַלען און שׂררות, און האָבען מורא פאַר מסירות. דאָס שרעקט זיי, ווייסט ער, דאָס וואַרפט זיי אַראָפּ פון קוראַזש, פון דער זיכערקייט, פיהלט זיי אָן מיט מורא, זיי ווערען ווייכער און געהען איין אויף אַלץ.

וויפיל מאָל פלטיאל הורוויץ האָט אַריינגעשיקט ישראל אַביגדורן צום רבי'ן, אַז ער וויל זיך געזעגענען, האָט דער רבי איהם געלאָזט זאָגען:

— עט, וואָס איילט ער זיך אַזוי, פלטיאל?

פלטיאל הורוויץ האָט זיך שיער נישט געעקט פון צרות.

אויף איהם האָבען אין דער היים געוואַרט געשעפטען, מענשען. טאָג-טעגליך האָט ער געקראָגען טעלעגראַמעס פון זיינע פאַרוואַלטער, ער זאָל שוין קומען אַהיים. ער האָט זיך געבעטען ביי ישראל אביגדור'ן, אָנשטופּענדיג איהם אין דער האַנט רייניש'ען אומגעצעהלט:

— ישראל אביגדור, געה אַריין און זאָג דעם רבי'ן, אַז כ'מוז אַוועקפאָהרען. גענעראַלען וואַרטען אויף מיר. אַזוי זאָלסטו זאָגען — גענעראַלען.

נאָר דער רבי האָט נישט געוואָלט הערען.

— עט — האָט ער געזאָגט — כ'וועל איהם שוין אַליין רופען, ווען מ'וועט דאַרפען...

פלטיאל הורוויץ'ען האָט שוין אַפילו דער עסק אָנגעהויבען פאַרדריסען.

ביי זיין גאַנצער חסידות, איז ער געווען אַ איד אַ תקיף, אַן אַריינגעהער צו גרויסע לייט. ער האָט אַפילו שוין נישט איינמאָל געהאַט געטרונקען ווין צוזאַמען מיט פריצים און אָפי-צירען, אַפילו אַמאָל עפּעס געגעסען אויך, און טאַקע אין בלויזען קאָפּ, און אַפילו נישט גאַנץ כּשר. אין פּעטערבורג פלעגט ער אפילו מיטגעהן אין טראַקטירען, נישט אַלע מאָל אָפּגעהיט געווען אין אידישקייט. און אין די וועלדער, אין וועג, אַז אַ

יונגע גוֹיע, אַ ווייב פֿון אַ וואַלד־וועכטער, פֿלעגט צו איהם זיס שמייכלען ביים אַראָפּציהען די שטיוועל פֿון די פיס פאַר׳ן שלאָפֿען געהן און געבעטען אַ העכערען לוין פאַר׳ן מאַן, האָט ער נישט אָפּגעזאָגט, ניין. מיט גרויס פאַרגעניגען האָט ער זיך געלאָזט קושען פאַר דאַנקבאַרקייט די האָריגע גבירישע האַנט און געהייסען פאַרלעשען דעם לאָמפּ...

די דאָזיגע זינד, אויף וועלכע ער פֿלעגט נישט איינמאָל אַ שווערען זיפֿץ געבען, האָבען אָבער אויך אין זיין גלויבען אַריינגעטראָגען אַ שטיקעל צומישונג, אַפילו הפקרות אויף אַ ווייל. איהם האָט גענומען פאַרדריסען אפילו אויף דעם רבי׳ן זיינעם. וואָס רבי איז רבי — איז איהם געקומען אַ געדאַנק אין קאָפּ — און געשעפט איז געשעפט. ער האָט זיך געבונטעוועט.

— נישט איז נישט! — האָט ער אפילו אין כעס אַ זאָג געטון ישראל אביגדורן. — וועל איך פאָהרען אומגעזעגענט.

אָבער באַלד האָט ער חרטה געהאַט. ער האָט זיך דער־מאָנט, אַז די געשעפטען זענען נישט אַלע מאָל גאַנץ אין אָרד־נונג, אַז אידען מוסרים, נישט־פאַרגינערס, פעהלען נישט. דער־צו טאַקע איז דער גיהנום אויך נישט קיין קליינигקייט. מען ברענט און מען בראָט, טאַטע געטרייער אין הימעל. לערנען קאָן מען נישט, אַ דאַוונען מוז מען אויך אַמאָל אַראָפּשלינגען. אין וועג קומט אַלץ אויס, נישט נאָר אַ מנחה, נאָר טאַקע אַ טלית־און־תּפילין אויך. זינד איז אויך דאָ. איי, וואָסערע זינד, גאָט אין הימעל!... און גאָט געדענקט אַלץ, פאַרצייכענט אַלץ. ער איז אַ נוקם ונוטר, גאָט, ער רעכענט זיך אָפּ אַפילו פאַר זינד פון די עלטערען אויף קינדער. מען דאַרף רחמים, אַ בעטער פאַר זיך, אַ צדיק. גאָט האָט ליב זיינע צדיקים, און די, וואָס האַלטען אויס זיינע צדיקים, פאַרגיט ער, דער אויבער־שטער. אמת, זיי דאַרפען אַ סך, די צדיקים זיינע. זיי דאַרפען פאָהרען אין וואַרמבעדער, זיי און זייערע ווייבער, קינדער און אייניקלעך, זיי דאַרפען זייד און אַטלעס און סאַמעט און פו־טערס. זייערע ווייבער דאַרפען צירונג, גאָלד. אויך האָבען זיי

קינדער אַ סך, די צדיקים. זיי מאַכען שטענדיג שמחות, ברוי-כען זילבער, בריליאַנטען, פערל. אָבער זיי זענען ווערט. עס איז דאָ אויף וועמען זיך צו פאַרלאָזען, ביי וועמען צו בעטען, ביי אַ קראַנקהייט, חלילה, צי ביי אַ מסירה. ס'איז דאָ אויף וועמען זיך אָנצושפּאַרען. עס איז גוט זיך אָנצושפּאַרען, אַפילו ווען מען איז אַ גביר, אַן עושר. וואָס איז דען דער מענש, מ'שטיינס געזאָגט!...

און ער האָט באַדויערט זיינע שלעכטע געדאַנקען, חרטה געהאַט אויף זיינע שאַרפע רייד. ער האָט אַראָפּגעבויגען דעם קאָפּ, איבערגעקלערט, איבערגעטראַכט, אפשר איז דאָ עפּעס אין דעם, וואָס דער רבי וויל איהם נישט געזעגענען. אפשר זעהט ער עפּעס. מעגליך אָ געפאַהר, אָ מסירה, חלילה, אפשר גאָר אַ רציחה, באַהיט זאָל מען ווערען. די גאַנצע וועלט איז פול מיט מוסרים, גזלנים, נישט-פאַרגינערס. און אַז נאָך אַ גאַנצער וואָך איבערטראַכטען און ציטערען איז ישראל אביגדור ענדליך גע-קומען צו איהם מיט אָ פייערליך פּנים און סודות'דיג געזאָגט:

— ר' פּלטיאל, דער רבי לאָזט אייך רופען!

איז פּלטיאל הורוויץ אַריין אַן אונטערטעניגער, אָ גע-האָרכזאַמער, אַ גלויביגער, גרייט צו טון אַלץ, וואָס דער רבי וועט פון איהם פאַרלאַנגען.

דער רבי האָט פּלטיאל'ן אויפגענומען מיט שמחה.

— זיץ, פּלטיאל — האָט ער איהם ענטקעגענגעשמייכעלט — זיץ!

אַליין איז ער צוגעגאַנגען צום שענקעל, ער האָט אַרויסגע-נומען לעקעך און ווייַן און אָנגעגאָסען פּלטיאל'ן אַ פולען זיל-בערנעם בעכער.

— רבי — האָט זיך פּלטיאל געוועהרט — דער רבי אַליין איז זיך מטריח?

נאָר דער רבי האָט איהם נישט געהערט און אַזוי ברייט אָנגעגאָסען, אַז ר'האָט אַ סך איבערגעגאָסען איבער'ן טיש. פּלטיאל האָט אין דעם געזעהן אָ גוטען סימן, אָ סימן פון מזל, גוטס, אָ סך געלט.

דערנאָך האָט דער רבי איהם דערלאַנגט די האַנט. ער האָט געהאַלטען דעם גביר׳ס האָריגע, פעסטע האַנט אין זיין ווייך גוט-אידישער האַנט און געזאָגט האַסטיג:

— מילא, כ׳זעה דאָך, פלטיאל, אַז דו ביסט דערשראָקען, איז כדי זאָלסט נישט מורא האָבען, וועלען מיר איהם נעמען שותפות דעם וואַלד. כ׳זעה דאָך, אַז ס׳איז מן-השמים...

פלטיאל האָט אָפילו קיין וואָרט נישט גערעדט אַנדערש.

— זאָל זיין מיט גליק — האָט ער געוואונשען, געשאָקעלט דעם רבינס האַנט און געטרונקען דעם שלעכטען וויין, וואָס דער גבאי ישראל-אביגדור מאַכט אַליין און פאַרקויפט איהם ביים טיש פאַר אונגער-וויין.

נאָך פלטיאל׳ס געזעגענען, האָט דער רבי ר׳ מלך מיט גרויס חשק פאַררויכערט אַן האַוואַנאַ-ציגאַר, וואָס דער גביר האָט איהם איבערגעלאָזט, און געלאָזט געדיכטע קנוילען רויך. ער האָט מיט הנאה אַנגעריבען עטליכע מאָל די הענט און געברומט:

— געלויבט זיין ליבער נאָמען.

דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעזעצט צום טיש, אַליין אויסגעטרונקען אַ בעכער וויין און פאַרביסען מיט לעקעך. דאָס האָט איהם אַריינגעבראַכט אין אַ געהויבענער שטימונג, דערמאָנט איהם אין שמחות, דערמאָנט איהם אין דער גיכער חתונה זיינער מיט דער בתולה דער יתומה.

ער האָט פאַרצויגען דעם שטערען, וועלענדיג זי זעהען כאָטש ער האָט זי נישט געקענט. ער האָט דעריבער אַרויסגערופען אין זכרון זיינעם דאָס צעשוואומענע בילד פון זיין דריט פאַרשטאָרבען ווייב.

דערנאָך האָט ער האַסטיג גענומען טינט און פעדער און, כאָטש ער האָט נאָר וואָס געהאַט אַוועקגעשיקט אַ בריף צום מיידעל׳ס פעטער, האָט ער שוין נאָכגעשריבען אַ צווייטען, אַז אויב אַפילו ער, דער פעטער איהרער, דאַרף פאָהרען אין וועג, זאַמלען געלט, זאָל ער עס אָפּלייגען אויף אַן אַנדערש מאָל

און שוין קומען קיין ניעשאַווע. דעם שאָדען וועט ער איהם באַצאָהלען, מיט גאָטס הילף, דאָפּעלט, כפל־כפלים.

איצט מעג ער עס זיך פאַרגינען — האָט ער געטראַכט, געדענקענדיג אין שותפות'דיגען וואַלד. עס וועט, מיט דעם אויבערשטענס הילף, זיין גוט — האָט ער געהאַט בטחון — און אידען וועלען נישט מסר'ען. חלילה! אידען זענען, ברוך השם, אידען.

## פינפט קאַפּיטעל

נחום׳טשע איז אין ניעשאַווער הויף אויף קעסט געווען איינזאַם, עלענד.

קיין טענות האָט מען צו איהם מעהר נישט געקאָנט האָבען, ניין. נאָך די ערשטע טעג קינדערישער דערשראָקענקייט, האָט ער זיך פּלוצלינג אַרויסגעוויזען פאַר אַ מאַן.

די טאָג-טעגליכע שמחות פון די חתונה-טעג ביז איבער די שבע-ברכות, די צוויי ציינלאָזע זקנים מיט זייער דזשאַמדזשען איהם סודות אין די אויערען, דאָס זינגעניש פון די חסידים, די זיפּצענדיגע אומפאַרשעהמטע בליקען פון די מחותנתטעס, די בייזע גראָבע ברומערייען פון שווער, דאָס גאַנצע ערוואַרטעניש פון אַלע זייטען — האָט דעם עמפּפינדליכען פערצעהן-יעהריגען יונגערמאַנטשיקעל דערדריקט, געלייגט זיך שווער אויף איהם, ווי אַן אונגעהויערער באַלאַסט, געפּייניגט זיין געמיט און איהם אַזוי צערייצט, אַז בלייבענדיג פּלוצלינג אַריינגעשטויסען צו סערעלען אין צימער, הינטער אַ האַסטיג-פאַרהאַקטער טיר, האָט ער נישט געזעהען סערעלען זיין יונג ווייבעל אין קלאָרען שימערירנדיגען בעטגעוואַנט, נאָר אַ ווייסען נאַכט-טשיפּיק, רויט-בלענדענדע בענדער און אַ פּאָר פאַרפלאַמטע באַקען, וואָס האָבען איהם אָנגעפיהלט מיט שרעק, מורא, פרעמדקייט, בושה און הילפלאָזיגקייט. אַ חוץ צער האָט ער גאָרנישט געפיהלט אין די שלאָפלאָזע נעכט.

סערעלע האָט אויף נחום'טשען געוואַרט, באַגעהרט. אָבער אין איהר וואַרטען, באַגעהרען, איז נישט געווען גאָרנישט קיין מורא'דיגס, אונערוואַרטעטעס, סודות'דיגס, ציטערדיגס, וואָס ניהט אַזוי צו, איבערהויפּט עמפּפינדליכע אינגלעך אין דער ערשטער אויפוואַכענדער רייפקייט. עס איז בלויז געווען דאָס שטומע וואַרטען פון אַ זי, דאָס געדולדיגע וואַרטען פון אַ באַשעפעניש אין זיין רייפקייט, דער קאַלטער דראַנג פון אַ פיש, וואָס יאָגט אין די וואַסערען, כדי אויסצושפּייען די רויגען.

אַ געזונטע, אַ פריה-רייפע, ווי מעהרסטענס אידישע מיידלעך, אַ גרייטע מוטער שוין, פאַרטיג צו פרוכפּערונג און צו ברענגען דורות, אַ צוגעגרייטע דורך די שוועסטער איהרע און דורך די ווייבערישע דינים, האָט זי מיט שטאַרקען באַגעהר אָפּגעוואַרט איהר באַשערטען אָהן יעדען ווידערשטאַנד, אָהן יעדער קאַפּריז אַפילו. זי האָט נישט פאַרמאָגט גאָרנישט אַזוינס ווי אַזוי צו דערנעהנטערען צו זיך דעם באַשערטען איהרען, קיין שום ליב וואָרט, קיין ווייבערישען בליק, קיין באַוועגונג אפילו, וואָס זאָל צוציהען, לאָקען, צערטלען, פאַרשפּרעכען. זי האָט בלויז געוואַרט, אונטערטעניג, שוויגענדיג, שווער, אונטער דעם פולען פּאַק בעטגעוואַנט, ביז זי איז איינגעשלאָפען און גערעדט דערנאָך פון שלאָף אומגעלומפּערטע, שווערע, אומפאַרשטענדליכע רייד, וואָס האָבען דערמאָנט אינגאַנצען אין די ווערטער פון איהר טאַטען. דאָס האָט דעם וואַכען נחום'טשע נאָך מעהר דערווייטערט.

ערשט שפּעטער, פּלוצלינג, ווען אַלע אין הויף האָבען שוין געהאַט אָנגעוואוירען די האָפנונג צו דערלעבען פון איהם נחת און דער רבי האָט זיך שוין גענומען גרייטען רעדען וועגען אַ גט, ערשט דעמאָלט, ווען קיינער האָט זיך אויף איהם מעהר נישט אומגעקוקט, נישט געפיהרט איהם, נישט אונטערגעזאָגט איהם, נישט געשטאַנען אויף דער וואַך הינטער דער טיר, נישט פאַרהאַקט די טיר הינטער איהם, נישט געקוקט איהם אין די אויגען — איז מיטאַמאָל געוואָרען רייף ביי איהם עפּעס, האָט אין איהם אויפגעוואַכט אַ שטאַרק געפיל, וואָס האָט איהם

אָנגעגאָסען מיט אַזאַ אונערוואַרטעטער קראַפט, מיט אַזאַ לעכ-צענדער זיסער שטאַרקקייט, אַז ער האָט אַליין דערפיהלט דעם פראָצעס פון וואַקסען, געפיהלט ווי די ברוסט זיינע וואַקסט זיך פאַנאַנדער, די אָרעמס פיהלען זיך אָן מיט קראַפט, די אָדע-רען אין די פיס ציהען זיך אָן און די בלוטען אַרבייטען היי-סער, שנעלער.

אויך די אויגען זיינע האָבען אָנגעהויבען אַנדערש זעהן. אָנשטאָט זייער פריהערדיגער פאַרנעפעלטקייט, ווען זיי האָבען בלויז געזעהן דעם שטיק ווייסען טשיפּיק און די רויטע בענ-דער, זעגען זיי איצט געווען קלאָר, ריין ווי אַ שויב, וואָס מען ווישט אויס פון פאַרלאָפענקייט, און דערזעהן האָבען זיי צום ערשטען מאָל אַ פרוי, נישט קיין אויסגעפּאַנטאַזירטע ביי די גמרות, נישט קיין פאַרנעפּעלטע, דורכזיכטיגע ביי די קבלה-ספרים, נאָר אַ פרוי פון בלוט און פלייש, פון לייב, וואָס שניידט זיך אַרויס פון קלאָר-שימערדיג בעטגעוואַנט.

דער פלוצלינגדיגער ערוואַכענדיגער באַגעהר צו באַהער-שען, באַזיצען, איז ביי איהם געווען אַזוי שטאַרק, אַז ער איז אין זיין ערשטען געבאָט געווען זיכער, גאָרנישט ווי קיין שע-מעוודיג אינגעל, נאָר ווי אַ געניטער רייפער מאַן. זי האָט איהם גלייך ליב געקראָגען, סערעלע, שטאַרק ליב, ווי אַ מאַן און אַ קינד צוזאַמען. זי איז צוגעבונדען געוואָרען צו איהם מיט דער גאַנצער ליבע פון אַ שטאַרקער פרוי, וואָס זוכט אין איידעלען צאַרטען מאַן נישט אַזויפיל דעם מאַנסביל, ווי דאָס קינד, דאָס קינד צו צערטלען און צו אָפּפערען זיך דערפאַר.

סערעלע׳ס עלטערע שוועסטער האָבען געגלאַנצט מיט שמאַלציגע אויגען, הערענדיג די פריהמאָרגען-באַריכטען פון סערעלע׳ן ביים אָנטוען זיך, אַזוי אַז זיי האָבען שוין אפילו אָנגעהויבען צופיל מורא האָבען פאַר דעם דאָזיגען אומפּאַר, שטענדליכען נחום׳טשע, מורא געהאַט איהם אָנטרויען אידישקייט-טרויען די שוועסטער, און אָפּגעמאַכט צו היטען זי, שלאָפען מיט איהר צוזאַמען, ביז ווי לאַנג עס וועט אויסקומען נאָכ׳ן דין.

— געדענק, סערעלע — האָבען זיי איהר געוואָרענט —

זיי אַ כשר׳ע אידישע טאָכטער. וואָרים איבער דריי זאַכען גע-
העבן יונגע ווייבער פּריה פון דער וועלט ביי דער קינפּעט — צוליב
נישט נעמען חלה, צוליב נישט צינדען ליכט און צוליב נישט
אָפּהיטען טהרה. סטרעלע, אַ מאַן דאַרף מען ליב האָבען,
אָבער די הייליגע תורה דאַרף מען נאָך ליבער האָבען. זאָלסט
זיך האַלטען פון דער ווייטענס, נישט לאָזען אָנריהרען זיך...

סטרעלע האָט צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, כאָטש זי האָט
געוואוסט ביי זיך, אַז זי וואָלט פאַר קיין פאַל נישט אימשטאַנד
געווען אַפילו איין איינציג וואָרט זאָגען איהר נחום׳טשען ענט-
קעגען. מיט דער גאַנצער אונטערטעניגקייט פון פּראָסטע פשוטע
ווייבער האָט זי שוין געקוקט אויף נחום׳טשען, אויף דעם לייכ-
טען, געשניצטען, שוואַרץ-אויגיקען מאַן, אין וועלכען זי האָט
געזעהן אַ סך, אַ סך העכערס פון זיך. ניין, זי וואָלט נישט
אימשטאַנד געווען אָוועקצונעמען די האַנד, ווען ער, נחום׳טשע,
זאָל נאָר וועלען זי ביי דער האַנד נעמען.

אָבער אַלע אָנזאָגענישען זענען געווען איבעריג. נחום׳טשע
האָט אַפילו נישט פּרובירט ווען עס איז צוצוגעהן צו איהר
נעהנטער, ווען עס איז אויסגעקומען צו זיין אַליין ביי זיך אין
שטוב. אַפילו ביים עסען האָט ער געשוויגען. יעדעס מאָל, ווען
זי האָט איהם צוגעלעגט נאָך אַ היהנעריש פליגעלע פון איהר
טעלער אין זיינעם, האָט ער עס איהר צוריקגעגעבען שוויי-
גענדיג, אַפילו נישט קוקענדיג אויף איהר.

ער האָט זי נישט ליב געהאַט, נחום׳טשע, פון דער ער-
שטער מינוט אָן. זי איז איהם געווען דערווידער מיט איהר
שווערקייט, מיט איהרע פּראָסטע ווייבערישע רייד, מיט איהר
שווער אָטעמען, מיט איהר אָפּט רעדען אין שלאָף, מיט איהרע
תחינות, וואָס זי האָט שוין, ווי אַן עלטערע אידענע, געזאָגט
אָפּט און מיט אַ ניגון, און מיט איהר גאַנץ שווער, אָנגעבלאָזען
רויט-באַקיג טעמפּ פּנים, וואָס איז נאָך מגושמ׳ער געוואָרען אין
דעם הויכען אַטלעסענעם טשיפּיק מיט דעם וואַלד קאַרשען,
בלימעלעך און ציטער-נאָדלען, וואָס האָבען געפלאַטערט ביי

יעדער באַוועגונג איהרער און זיך אַראָפּגעלאָזט אויפ'ן געגאָלטען קאָפּ.

ער האָט זיך איבערהויפּט געפיהלט פרעמד, עלענד און איינזאַם אין ניעשאַווע, פול מיט בענקשאַפט נאָך דער היים אין ראַכמאַניוווקע.

די היים איז איהם כסדר געשטאַנען פאַר די אויגען, אויף קיין רגע איהם פון זינען נישט אַרויס. ער האָט געזעהן פאַר זיך דעם ראַכמאַניוווקער גרויסען אויסגעקאַלכטען הויף מיט דעם פלומפּ אין סאַמע מיט, אַ גרינער ברונים, וואָס פון זיין ליי־בישען געשניצטען קאָפּ, פון ברייט־געעפענטען מויל, רינט שטענ־דיג קלאָר קאַלט וואַסער און פאַלט מיט אַ ראַשיגער שמחה אויף די קלאָרע ווייסע שטיינער, אויסגעוואַשענע און אויסגע־ריבענע פון שטענדיגען וואַסער־פליסען. די שטובען זענען הויכע ביי זיי אין דער היים, ברייטע און שטאַרק ליכטיגע. די פענס־טער קלאָרע, לויטערע, פאַרהאָנגען מיט שניי־ווייסע לויטערע פאָרהענגלעך. איצט זענען זיי מסתמא האַלב געעפענט און דער לייכטער ווינד שפּילט זיך מיט זיי. נאָך סוכּות וועט דער הויף־משרת, נפתלי, אָנשיטען געל זאַמד צווישען די דאָפּעלטע פענס־טער און די דינסט, מאַריאַשקע, וועט אויסשניידען פון רויט פּאַפּיר הויכע שקאָרמיצלעך און פאַרשטעקען זיי אין געלען זאַמד. זי וועט אויך אָנוואַרפען שטיקלעך ווייסע וואַטע, ווי שניי־פליטערלעך.

ביים פאָטער אין שטוב זענען די ווענט אויסגעקלעפּט מיט טאַפּעטען אין גילדערנע בלעטער. אין שטוב שמעקט מ'ט שטאַרקער שמעקעדיגער טהע, וואָס דער פאָטער טרינקט אַ סך פון אַ רויט־געמאָלט גלאָז. ער רויכערט דינע פּאַפּיראָסלעך, שמעקעדיגע, וואָס לאָזען זעהר דינע, געדרעהטע בלויליכע קנוי־ליכלעך רויך. די צוריבענע נעגעלעך און בשמים רייסען זיך דורך די עטליכערליי זילבערנע בשמים־ביקסען, קריכען דורך דער באַגלאָזטער טיר פון דעם רויט־מאַהאָניענעם שויבען־שענ־קעל. ער זינגט מסתמא אַ לידעלע, דער פאָטער, אַ זעהר שטיל זמר'על, אַ האַרץ־נאָגענדעס. יעדעס מאָל, ווען ער זעהט איהם

נחום׳טשען, שמייכעלט ער איהם ענטקעגען, נישט ווי אַ פּאָטער, נאָר ווי אַ חבר.

— נוּ, וואָס, נחום׳טשע? — פרעגט ער גלאַט אַזוי זיך. — לערנסט?

אויף דעם ערשטען שטאָק איז דער מוטער׳ס וואוינונג. די שטובען זענען ברייטע, נאָר טונקעלע, די פענסטער זענען פאַרהאָנגען מיט שווערע גאַרדינען און פּליושענע פּאָרטיערען. אַ גלאַנציגער בייכיגער סאַמאָוואַר אויף אַ גרויסער טאַץ זידט געמיטליך. פון די טירען אויף די קליידער־שענק קוקען אַרויס גרויסע לייבען־קעפּ מיט קייעכדיגע רינגען אין די מיילער. זיי זענען נישט בייזע, די לייבען־קעפּ, כאָטש זיי האָבען גע־דיכטע געשניצטע גריוועס און קייטען צווישען די צייהן. זיי זענען היימישע לייבען, שטוביגע, געמיטליכע. פון אַלע זייטען שימערירט זילבער, לייכטער און קאַנדעליאַברעס, זילבערנע בע־כערס, בעכערלעך, טעצעלעך, קוישעלעך, קרוגען, פאַרביג גלאָז־וואַרג, קריסטאַלען.

די מאַמע, אין אַ ברוין טיכעל אויפ׳ן קאָפּ, אַרומגענומען ביז צו די ברעמען, איז אַפילו אָפּטמאָל נישט ביים געזונט. זי ליידט אויף קאָפּ־וועהטאָג. אָבער איהר וועהטאָג איז אַ שטילער, אַ היימישער, אַ צוגעוואוהנטער. זי זיצט שטענדיג כמעט אויף דער אָטאָמאַנע, מיט די פיס באַהאַלטען אין זיידענעם קלייד. בלויז דינע, זעהר דינע שפּיצלעך פון די קליינע אַטלעס־שוואַר־צע שיכלעך קוקען אַרויס. ס׳רוב לייענט זי.

אין שטוב איז כמעט תמיד דאָ עפּעס אַ ווייטע קרובה, אַ גרויסאַרטיגע קרובה, עפּעס אַ רבי׳שע טאָכטער אַ גרושה, וואָס האָט נישט געקענט אויסקומען מיט איהר מיוחס׳דיגען מאַן, טאַקע צוליב איהר גרויסאַרטיגקייט, און געקומען דערפאַר קיין ראַכמאַניווקע, אין דעם הויף, וואו מען קען אַלץ פאַרטראָגען, מוחל זיין און מען מישט זיך נישט צו קיינעם.

אָפּגעשלאָסען איז מען אין הויף, אָפּגעזונדערט פון אַרו־מיגען שטעדטעל, ווי אין עפּעס אַ פריצישען שלאָס. דער ער־שטער שטאָק, די רבי׳צינס וואוינונג, געהער זיך גאָרנישט אָן

מיט׳ן אונטערשטען, מיט׳ן רבי׳נס שטובען און מיט די חסידי׳ם. אַפילו מאָטיע גדול באַווייזט זיך דאָ נישט. בלויז נאָר אַמאָל, ווען עפּעס גאָר אַ רייכער, קורץ-געקליידעטער גרויס-שטאָטי-שער חסיד קומט אַראָפּ פון פּעטערבורג אָדער פון מאָסקווע, געהט ער אַרויף מיט אַ וויזיט צו דער רבי׳צין. די רביצין איז מכבד מיט גוטען וויין, מיט זיסיגקייטען און, צוזאַמען מיט דער פרעמדער קרובה איהרער, זיצט זי ביים טיש. זיי קוקען מיט נייגעריגע אויגען אויפ׳ן פרעמדען גרויס-שטאָטישען מאַן און הערען נייעס פון דער גרויסער וועלט.

— וואָס-זשע — פרעגט די קרובה ביים פרעמדען — פּע-טערבורג שטעהט טאַקע נאָך אַלץ אויפ׳ן אייגענעם אָרט? האַ?..

ער, נחום׳טשע, איז שוין אַ דערוואַקסענער. ר׳ פּתחיה זווילער לערנט שוין מיט איהם שווערע גמרות, וועגען חתונות און גט׳ען. מען רעדט איהם שוין שידוכים, איהם ציהט שוין אַפילו צו קבלה. אָבער די מאַמע זיינע כאַפּט איהם נאָך צו זיך אויפ׳ן שויס, גלעט איהם דעם קאָפּ און זינגט איהם אַ וויג-לידעלע, אַ מאָדנע לידעלע. ער געדענקט עס גאַנץ גוט, די ווערטער און די מעלאָדיע.

דער פויגעל איז געפלויגען אַ טאָג מיט אַ נאַכט,
אַ טאָג מיט אַ נאַכט,
געטראָפען ביי דער מלכּה די לאָדען פאַרמאַכט.
שטעה שוין אויף, גילדענע צורה,
כ׳האָב דיר געבראַכט פון מלך אַ בשורה...

ער רייסט זיך פון דער מאַמע׳ס הענט. עס פּאַסט איהם נישט. נאָר די מוטער וויל איהם נישט אַרויסלאָזען.

— נחום׳טשע — זאָגט זי צערטליך — קינד מיינס, זיי נישט מצער די מאַמען, לאָמיך דיר זינגען אַזוי. ביסט מקיים כיבוד-אם.

ער שעהמט זיך, אָבער עס איז איהם גוט, ווייך און וואַ-רעם. און אָפּטמאָל כאַפּט איהם גאָר די קרובה, די גרושה, צו זיך און קושט איהם אויס מיט גיריגקייט די אויגען זייגע. וואָס

מעהר ער רייסט זיך פון איהר, אַלץ האַסטיגער נעמט זי איהם אַרום, קושט איהם ווילד און לאַכט.

— חמור-אייזעל — זאָגט זי — וואו האָסטו גענומען אַזעלכע וואונדערליכע אויגען, נחום׳ניו, פרינץ שעהנער ?..

וויפיל ער זאָל זיך נישט באַמיהען, נחום׳טשע, צו פאַר־געסען אין דער היים, אין הויף, אין די שטובען, קאָן עס איהם פון זינען נישט אַרויס. ער פרובירט זיך פאַרטיפען אין די ספרים, פאַרמאַכען די אויגען. אָבער וואָס מעהר ער שליסט די אויגען, אַלץ שאַרפער שטעהט פאַר איהם די היים, יעדע שטוב, יעדער ווינקעלע. און אַלץ דאָ, אין גיעשאַוועס, איז איהם פרעמד, דערווידער, אָפּשטויסענד, עקעלדיג אַפילו.

ער פאַרטראָגט נישט דעם גרויסען, שווערען הויף, מיט די אומגעלומפּערטע געביידעס, וואָס קוקען מיט אָפּגעריסענע ווענט און מיט לאַטעס אַרום זיך. ער ליידט נישט דעם ברונים מיט דער פאַרראָסטעטער קייט, וואָס האַלט אין איין סקריפּען ביים אַרויפציהען וואַסער. עס דערקוטשען איהם די קופּעס מיסט, וואָס ליגען כמעט ביים בית-המדרש און זענען שטענדיג באַזעצט מיט קעץ, הינט, חזירים און קראָהען. איהם איבעלט דער ריח פון מקוה און באָד-בעזעמלעך, וואָס דרינגט אַריין אומעטום, דורך טיר און פענסטער. עס רעגען איהם אויף די צוקאָלטענטע „יושבים" און חסידים מיט די צוריסענע טיזליקעס, פאַרפּעצטע קאַפּעלאַטשען און פאַרקאָלטענטע בערד, די אידען, וואָס די בלאָטע ליגט זיי ביז די קעלנער פון די זשופּיצעס און וואָס אַזעלכע האָט מען נאָך קיינמאָל אין ראַכמאַניווקע נישט געזעהן. רק זיי שטעהען מיט די צושפּרייטע פּאָלעס ביי די מויערען פון הויף, אונטער אַלע פענסטער, טירען, און טוען אָפּ אַ מענשליך געברויך.

איהם איז דערווידער דאָס גרויסע פּאָס, וואָס שטעהט אין מיטען הויף, אויף צו וואַשען די הענט — נאָר קיין וואַסער איז דערין קיינמאָל נישטאָ, בלויז אויף׳ן דנאָ שווימט אַרום אַ ביסעל אַלט, געדיכט און עיפּוש׳דיג פייכטקייט, צו וועלכען די אידען בויגען זיך איינגאַנצען אַריין, אַבי אָפּצוטינקען די הענט

און אַביסעל דערפון אַריינצוגיסען אין די הויזען, כדי צו מעגען דאַוונען מיט אַ רוהיג געוויסען... איהם איז שווער איבערצוטראָגען דאָס גרויסע בית-המדרש, וואָס איז נאַקעט, אָהן יעדער באַפּוצונג. בלויז לאַנגע, שווערע הילצערנע טישען און בענק שטעהען אין די זייטען, און צוריסענע ספרים, צופליקטע, זאַקגעבונדענע, אָפּגעשיילטע, וואַלגערען זיך אָדער ליגען פאַנאַנדערגעוואָרפען, אָהן אַ סדר, אין די שווערע פאַכען ביי די ווענט. ער קאָן נישט סובל זיין דעם גרויסען אומגעלומפּערטען אויוען, הינטער וועלכען עס רייסט די נאָז מיט הקדש, מיט שמאַטעס, מיט ברודיגע שווייסיגע קערפּערס פון קבצנים און וואַנדערער, וועלכע האַלטען זיך דאָרט אויף, שלאָפען, רויכערען, צעהלען נדבות און עיפּוש'ען. פרעמד זענען איהם די דאַוועגענדיגע אידען מיט זייער שפּרינגען, טאַנצען, מאַכען קולות, שלינגען ווערטער, וואַרפען זיך און מיט זייער משונה'דיגען זינגען. מיאוס זענען איהם די סעודות אין בית-המדרש, די שווערע טישען, ברודיגע טישטעכער, איבער וועלכע ישראל-אביגדור קריכט אַרום מיט די פאַרבלאָטיגטע שטיוועל, נעמט אין די פאַרטאַבעקטע הענט פיש און פלייש פון רבינ'ס האַנט אַרויס און טיילט עס צו די חסידים. וויפיל מאָל דער רבי אַליין דערלאַנגט איהם, נחומ'טשען, אַ שטיקעל פיש מיט די הענט, בלייבט עס איהם שטעקען אין האַלז פון עקעל. ער קען נישט ליידען דעם קלעביגען וויין, וואָס ישראל-אביגדור מאַכט אַליין, רופט איהם אונגער-וויין און טיילט איהם ביים טיש. ער שרעקט זיך פאַר די אַלע רבי'שע קינדער, אייניקלעך און משפחה, אידען און יונגעלייט, פליישיגע, האָריגע, מגושמ'דיגע און שלעכטע, וואָס קוקען אויף איהם מיט בייזע, שלעכטע אויגען.

ער קאָן נישט פאַרטראָגען די שטובען זיינע, וואָס זענען באַשטעלט מיט שווערע שאַפעס, האַרטע לעדערנע שטולען און ריזיגע בעטען, מיט אַ סך, אַ סך בעטגעוואַנט. עפּעס שטענדיג פליהען דאָ די פעדערען, אַלץ איז פאַרפעדערט. ער קאָן נישט ליידען דאָס עסען, דאָס אויסגעווייקטע פלייש, די שלעכט-אָפּגעזונקטע היהנערישע פליגעלעך, די שלעכט אָפּגעקראַצטע

וואַרימע קעלבערנע פּיסלעך, די געפּאַלדעוועטע גריישלעך, וואָס זענען קלעפּיג, נישט-געשמאַק און געדיכט. ער קען נישט טרינקען די טהע, וואָס מען גיט דאָ אין גראָבע גלעזער, אָפּטמאָל נישט איבעריג ריינע, און וואָס דערמאָנען מיט זייער ריח אין דער מקוה און אין די באָד-בעזעמלעך. ביי קיין פאַל איז זיך פון דעם ריח נישט צו באַפרייען. און איהם איז אויך פרעמד און דערווידער דאָס אייגענע ווייב, די צעוואַקסענע סערעל, וואָס שטענדיג ליגט איהר דער לויזער טשיפּיק איבער די אויערען, די קליידער שווימען אויף איהר און די שיך איהרע, די שווערע, אומגעלומפּערטע, קלאַפּען איבער דער זעלטען-געוואַשענער פּאָדלאָגע.

זי פלאַמט מיט די באַקען יעדעס מאָל, וואָס ער קומט אַריין. זי פּאָרעט זיך, שטעהענדיג אויף אַן אָרט, און ווייזט אַרויס אַ סך אומטערטעניגקייט. אָבער אויסרעדען אַ וואָרט קען זי נישט. די איינציגע צערטליכקייט, וואָס זי ווייזט איהם, איז דאָס, וואָס ביים עסען נעמט זי אַרויס מיט די הענט אַ פליגעלע פון איהר טעלער און וואַרפט עס אַריבער צו זיינעם.

און ער וואַרפט איהר צוריק מיט ווידערווילען דאָס שלעכט-אָפּגעזענקטע פליגעלע, און אַ בענקשאַפט, אַן אומגעהויערע בענקשאַפט נעמט איהם אַרום, ווי מיט רייפען. ער בענקט נאָך טאַטע-מאַמע, נאָך דער פרעמדער קרובה, נאָך די ליכטיקע שטובען, נאָך דעם ברוגים אין הויף מיט דעם גרינעם לייבישען קאָפּ, וואָס גיסט וואַסער אויף אויסגעריבענע שטיינער, נאָך דעם בלאַנקענדען זילבער, נאָך די בלויע קנוילעכלעך רויך פון פּאָטער׳ס דינע פּאַפּיראָסלעך, נאָך דעם געשמאַקען גערוך פון שטאַרקער רויטער טהע און נאָך די פּאַר׳שיכור׳ענדע ריחות פון נעגעלעך און בשמים, וואָס טראָגען זיך פון די זילבערנע בשמים-ביקסלעך איבער אַלע שטובען.

די ריחות קיצלען איהם אַזש אין דער דינער געשניצטער נאָז.

# זעקסט קאַפּיטעל

די חתונה פון רבי ר' מלך פון ניעשאַווע מיט דער יתומה מלכה'לע איז געפּראַוועט געוואָרען מיט גרויס פייערליכקייט באַלד נאָך שבת-נחמו.

גלייך נאָך תשעה-באב איז דער רבי מיט טויזענטער חסידים אַרויסגעפאָהרען קיין קיטעווע, אַ שטעטעלע אין די קאַרפּאַטען-בערג, וואו די חתונה האָט געדאַרפט פאָרקומען. מלכה'לע, די כלה, האָט נישט געוואָלט, דער חתן זאָל קומען צו איהר קיין פּרעמיסלע אויף דער חתונה. דער פעטער איהרער האָט איהר אויסגעמאָלט דעם כבוד, וואָס זי וועט האָבען מיט דעם אָנקומען פון דעם ניעשאַווער מיט אַ סך רבנים, חסידים און גבירים. אָבער זי האָט נישט געוואָלט הערען דערפון. זי האָט זיך געשעהמט פאַר איהרע חבר'טעס מיט דעם אַלטען חתן איהרען און זי האָט געסטראַשעט צו אַנטלויפען אין טאָג פון דער חופה, אויב מען וועט נישט מאַכען די חתונה ערגעץ־אַנדערש.

איהר פעטער, דער שטאַמלער, האָט שטאַרק געציטערט. פון איין זייט האָט ער מורא געהאַט פאַר'ן ניעשאַווער'ס צאָרן; פון דער צווייטער זייט האָט ער נאָך מעהר מורא געהאַט פאַר דעם כלה-מיידעל. ער האָט גוט געקענט מלכה'לע מזיק, געוואוסט וואָס פאַר אַ מרשעת און הפקר-מויד זי איז. נישט איינמאָל איז זי שוין געהאַט ענטלאָפען פון שטוב. קוים מען האָט זי צוריק-

געבּרענגט. ער האָט דעריבּער אין זעהר איידעלע ווערטער און אָנצוהערעניש׳ען פּרוּבּירט אויפקלערען דעם ניעשאַוער די זאַך. דאָס האָט זיין שטאַמלען נאָך מער פאַרשטאַרקט, אַזוי, אַז אַ שווייס האָט אים אַזש באַגאָסן. אָבּער דער ניעשאַווער האָט זיך גאָרנישט געבּייזערט.

— מילא — האָט ער געזאָגט — אַ קינד נאָך, מען דאַרף איר צוליבּ טוּן.

און ער האָט אויסגעקליבּן פאַר זיין חתונה קיטעווע, אַ שטעטעל אַ זייטיגס, וואָס ליגט אין דער מיט וועג, איינגעפאַסט צווישען הויכע בּערג, אַ שטעטעלע, וואו אידען זענען פּראָסטע אָבּער גלוּבּיגע. דערצוּ נאָך איז דאָס שטעטעלע אַ הייליגס. אויף די אַרוּמיגע בּערג האָט אַמאָל דער בּעל-שם געגראָבּען ליים און געפירט מיט אַ פערד און וועגעלע צוּ פאַרקויפען. אויך אין טייכעל, וואָס שניידט דוּרך דאָס שטעטעל, האָט זיך דער בּעל-שם געבּאָדען. אַ פלאַכּס איז עס, דאָס טייכעל, אַ קלאָרס, אָבּער זייער אַ רוישיגס, אַ פלאַפּעלדיגס, וואָס לויפט מיט אַ סך שוים און זילבּער איבּער די שפּיציגע שטיינער, וועלכע בּאַגלייטען עס פון בּיידע בּרעגען. אויף איין אָרט איז דאָס פלאַכע טייכעל טיף, דערגרייכט אַ מענש בּיז איבּערן האַלז. אויף דעם דאָזיגען אָרט האָט דער בּעל-שם געוואַשען דעם צוּגעקלעפּטען ליים פון זיין קערפער. קראַנקע ווייבּער, עקרות, קוּמען דאָ זיך בּאָדען און געהאָלפען ווערען. און אויך דער רבּי ר׳ מלך האָט געוואָלט זיך דאָ טוּבל׳ען פאַר׳ן פּערטען מאָל חתוּנה האָבּען. ער פיהלט זיך נאָך אַפילוּ בּיי די כּחות, דאַנקען גאָט אין הימעל, אוּדאי, אָבּער עס מאַכט נישט אויס צוּ בּאָדען זיך אין אַזאַ הייליגען קוואַל, דערצוּ נאָך, ווען מען וויל בּרענגען אַ בּן-זכר אויף דער וועלט.

די חתוּנה איז געפּראַוועט געוואָרען גרויס. אַ חוּץ טויזענטער חסידים, זענען אַ סך בּערג-לייט אָנגעקוּמען, „גאַזדעס" פון די אַרוּמיגע בּערג, בּאַפּעדערטע שקאָצים, בּרייט-אַרבּעלדיגע שיקסעס, מיט פאַטשערקעס בּאַהאָנגען, זענען מיט היי-וועגעלעך אָנגעפאָהרען, געטאַנצט אין אידישע שענקען און געשאָסען אויף

„וויוואַט". הינקענדיגע פּאַסטוכער מיט זייערע סטאַדעס שאָף האָבּען זיך פאַרהאַלטען. אויסגעדאַרטע לאַנג-וואָנסענדיגע פויערען מיט געלאַטעטע קניהען האָבען פערד אָפּגעריסען פון דער פעלד-אַרבּייט, אויסגעבעטע די וואָגענס מיט שטרוי און געפיהרט חסידים. צוליב די גוטע פאַרדינסטען, האָבען זיי טרוקענע צווייגען אָנגע-לייגט און פייערען לכבוד דער חתונה געצונדען. צוזאַמען מיט עטליכע קאַפּעליעס אידישע קלעזמער און בדחנים, איז אויך אַ גוי'שע קאַפּעליע געקומען, אַ קאַפּעליע פון פידלען, פאַסטוך-פלייטען און אַ קאָבּזאַ, אַן אָנגעבלאָזענע ציגען-פעל, אויף וועל-כער אַן אַלטער און אויסגעטרוקענטער באָרוועסער זקן אין אַ שעפּסען-פעל האָט געשפּילט.

צומאָרגענס נאָך דער חתונה איז צוריק קיין ניעשאַווע אַ קאַראַוואַן מיט פוהרען אַהיימגעפאָהרען. בלויז אויף אַהיימצו-פיהרען מתּנות און דרשה-געשאַנק האָט מען עטליכע פויערישע וועגעלעך געדאַרפט דינגען. נאָך זיי איז דער רבי מיט זיינע נאָהענטע אין אַ קאַרעטע געפאָהרען. בריטשקעס מיט נגידים, שטרוי-וועגעלעך מיט באַלעבאַטישע חסידים און פוס-געהער אָרימעלייט האָבען זיך לאַנג געצויגען איבער די באַרגיגע שטוי-ביגע וועגען און שליאַכען. פון הינטען איז דאָס יונגע ווייבעל מיט אַ סך ווייבער, מחותּנת'טעס, דינסטען און משרתים געפאָה-רען, חסידים האָבען געזונגען.

אָבער דאָס אַלץ איז נישט געווען אימשטאַנד צו דער-פרעהען דאָס האַרץ פון עטליכע-און-זעכציג-יעהריגען חתן, דעם רבי ר' מלך.

אַ טרויעריגער, נישט אַזוי ווי ער זאָל צוריקפאָהרען פון אַן אייגענער חתונה, נאָר ווי פון אַ לויה נאָך אַן אייגענעם, איז דער רבי געזעסען אויף דער אויסגעבעטער קאַרעטע, אַרומגע-רינגעלט מיט די משמשים. די געזאַנגען פון די חסידים האָבען איהם גערייצט, אויפגעוועקט.

ער האָט געהאַט צוליב וואָס טרויעריג צו זיין, דער רבי ר' מלך.

שוין אין טאָג פון דער חופה האָט מלכּה'לע, די כּלה, באַוויזען גאָרנישט קיין שעהנע זאַכען.

דער מנהג איז געווען אין ניעשאַווע אָפּצוגאָלען דער כּלה די האָר נישט צומאָרגענס נאָך דער חופּה, נאָר אין טאָג פון דער חופּה. דאָס איז געווען הייליג, און קיינער פון ניעשאַווער הויף האָט נישט געוואַגט זיך געגען דעם געגענצושטעלען. אויך צו מלכּה'לען זענען אין חופּה־טאָג געקומען צוויי ווייבער מיט דער טוקערין פון שטעטעל, כּדי דורכצופיהרען מיט גרויס פּאַראַד די אָפּגאָלונג. אָבער מלכּה'לע האָט זיך איינגעקלאַמערט מיט ביידע הענט אין איהרע געדיכטע שווארצע האָר און נישט גע-לאָזט צו זיך צוגעהן.

— נישקשה, זי וועט בעסער ווערען — האָט די טוקערין, אַ בייזע אידענע מיט אַ שפּיציגען שלעכטען קיהן און מיט איין גרויסען צאָהן אין ליידיגען מויל, געזאָגט — אַלע זענען זיי אַזוי, אָבער עס העלפט זיי נישט...

דערביי האָט זי אַ בליץ געטון מיט איהר גאָל-מעסער:

— עך זאָל שוין האָבען אַזוי פיעל ריינישען, טאַטע גע-טרייער אין הימעל, וויפיעל שעהנע קאָפּ האָר עך האָב שוין אָפּגעגאָלט... קום, כּלה'שי, קום!...

מלכּה'לע האָט נישט געוואָלט הערען.

ווייבער זענען אַריינגעקומען בעטען, רעדען, צוגעזאָגט מתנות, הונדערט ריניש גאָל־געלד, נאָר מלכּה'לע האָט נישט נאָכגעגעבען. זי האָט געקלאַמערט קראַמפּהאַפט די הענט אין די האָר און געשריגען:

— די הענט וועט עטץ מיר פריהער מוזען אָפּשניידען... כ'וועל נישט לאָזען!

— קינד, וואָס איז דיר דען נישט אַלצאיינס? — האָבען די ווייבער איהר גערעדט צום שכל — סיי־ווי־סיי וועסטו דאָך מוזען זיי אָפּגאָלען, וואָס-זשע, איז געהט דיר אין אַ טאָג?

— מאָרגען יאָ און היינט נישט — האָט מלכּה'לע געענט-פערט — כ'על בייסען, ווער ס'וועט צו מיר צוגעהן, כ'וועל די אויגען אויסדראַפּען...

זי האָט געוויזען צוויי שורות ווייסע שאַרפע ציין. די ווייבער האָבען זיך דערשראָקען.

דער רבי אַליין איז געקומען זי בעטען.

— כלה — האָט ער געזאָגט — ווערסט ניעשאַוועך רביצין און דו דאַרפסט זיך פיהרען ווי מען פיהרט זיך אין ניעשאַוועך הויף. מיין ווילען איז, זאָלסט זיך אָפּגאָלען.

— און מיין ווילען איז, זיך נישט אָפּצוגאָלען! — האָט מלכה'לע געענטפערט ווידערשפעניג, קוקענדיג מיט האַס דעם רבי'ן אין די אויגען אַריין.

ביים רבי'ן האָט אַזש אין האַרץ אַ שטאָך געטון. דאָס ערשטע מאָל איז עס געווען, וואָס עמיצער האָט זיך איהם געגענגעשטעלט, דאָס ערשטע מאָל, אַז מען האָט מיט איהם אַזוי גערעדט.

דער פעטער, דער שטאַמלער, האָט געציטערט אינגאַנצען. ער האָט ערוואַרט עפּעס שרעקליכעס. ער איז געווען זיכער, אַז דער רבי וועט הייסען פּאַקען די זאַכען און אַהיימפאָהרען צוריק קיין ניעשאַווע. אָבער געשעהן איז גאָרנישט. דער רבי האָט בלויז אַ שמייכל געטון און געזאָגט:

— אַן עקשנ'טע, ווי אַן אמת'ע טאָכטער פון אַ תלמיד-חכם... מילא, קיין דין, אייגענטליך, איז עס נישט, אַ מנהג בלויז, זאָל זיין אַזוי.

אָבער דאָס איז געווען גאָרנישט געגען דעם, וואָס זי האָט באַוויזען שפּעטער. אַ גאַנצען טאָג האָט זיך דער רבי ר' מלך געגרייט צו דער חופּה-נאַכט. כאָטש עס איז שוין ביי איהם נישט געווען קיין נייעס, שוין גאַנצע דריי מאָל איז ער געגאַנגען צו דער חופּה און תמיד מיט בתולות, איז ער פונדעסט-וועגען קיינמאָל נישט געווען אַזוי אומרוהיג, אַזוי צורייצט, ווי דאָס מאָל. ער האָט נישט אויפגעהערט לערנען די דינים פון מאַן און ווייב, פּונקט ווי אַ יונג חתן-בחור'ל. ער האָט געזאָגט תפילות, ספּעציעלע אַזעלכע געבעטען, וואָס נישט אין יעדער סידור געפינט מען זיי, נאָר אין גאָר אַלטע אויסגאַבען. ער האָט אויך פּלוצלינג גענומען קעמען מיט זיינע קורצע גראָבע

פינגער די געדיכטע באָרד און פּיאות, צו וועלכע ער פלעגט זיך קיינמאָל נישט צוריהרען, וועלכע האָבען קיינמאָל קיין קאַם נישט געפיהלט אויף זיך. ער האָט אויך נישט אויסגעפאַסט דעם גאַנצען חופּה־טאָג, אויסגעזוכט אַן אויסרייד, אַז ער איז שוואַך און גענומען לעקעך און בראָנפען. ער האָט אויך געלאָזט זיך אָפּשפּרעכען ביי אַן אַלטען חסיד אַן עין־הרע. דער איד האָט זיך געוואַשען די הענט און געזאָגט:

— שלש נשים — דריי ווייבער זענען געשטאַנען אויף אַ פעלזען־צאָהן. איינע האָט געזאָגט: קראַנק, די אַנדערע האָט געזאָגט: עס וועט נישט זיין קיין קרענק און קיין שוואַכקייט. אויב אַ מאַנסביל האָט דיר געטון שלעכטס, זאָלען איהם אַרויספאַלען די האָר פון קאָפּ און פון דער באָרד. אויב אַ פרוי האָט דיר געטון שלעכטס, זאָלען איהר אַרויספאַלען די צייהן און די בריסטען. אַזוי ווי דאָס וואַסער האָט נישט קיין וועג און דער פיש און די מוראַשקע האָבען נישט קיין נירען, אַזוי זאָל נישט זיין קיין קראַנקהייט און קיין שוואַכקייט און קיין שלעכטס און קיין שאָדען און קיין בייז אויג צו מלך דעם זוהן פון דבורה בלו־מע, ווייל ער קומט אַרויס פון יוסף הצדיק, וואָס אויף איהם האָט קיין בייז אויג נישט געהאַט קיין שליטה. איך באַשווער אייך אַלע מינים אויגען: בייז אויג, טונקעל אויג, העל אויג, גרין אויג, שמאָל אויג, אַרויסגעזעצט אויג, טיעף אויג, אויג פון אַ מאַן, פון אַ ווייב, פון אַן אַלטער, פון אַ יונגפרוי, וואָס האָט נאָך קיין מאַן נישט געקענט, איהר זאָלט זיך אָפּקעהרען, נישט האָבען קיין צוטריט צו מלך, דעם זוהן פון דבורה בלומע, נישט וואַכעדיגערהייט, נישט אין שלאָף, נישט אין קיין גליד פון זיינע צוויי הונדערט און אַכט און פערציג גלידער, נישט אין קיין אָדער פון זיינע דריי הונדערט און פינף און זעכציג אָדערען...

אויך מלכה'לען האָבען די ווייבער געגרייט. זיי האָבען איהר צום הונדערטסטען מאָל דערצעהלט וועגען גרויסען גליק, וואָס איהר טרעפט, צו ווערען דאָס ווייב פון ניעשאַוווער רבי'ן, די זכיה צו ווערען די גרויסע ניעשאַווער רבי'צין.

— מלאכים אין הימעל האָבען זיך געמיהט — האָבען זיי איהר געזאָגט — טאַנצען דאַרפסטו...

אַ סך מאָל, ביז צום פאַרנודיעט ווערען, האָבען זיי איהר געלערענט ווי אַזוי דרך־ארץ צו האָבען פאַר'ן רבי'ן, ווי אַזוי זיין ווילען צו טון.

און דערנאָך האָבען זיי איהר אַ סך געגלעט איבער'ן קאָפ, פון אַ בייז אויג אָפגעשפיגען. מיט גרויס צערטליכקייט און מיט פאַרפלאַמטע באַקען האָבען זיי איהר אַ לאַנג ווייס העמד אָנגעטון, אַ העמד ביז די טרי'ט און וואָס פאַרשפיליעט זיך ביז'ן האַלז, עס זאָל קיין שטיקעל לייב זיך נישט אַרויס־זעהן. מלכה'לע האָט זיך נישט געגענגעשטעלט, געלאָזט מיט זיך טון, וואָס נאָר די ווייבער האָבען געוואָלט. זיי האָבען דערפאַר פאַרגעסען אין איהרע פריהערדיגע מעשים און איהר אַ סך קאָמ־פלימענטען געמאַכט. זיי האָבען איהרע קויל־שוואַרצע האָר מיט די פינגער גוט צוקעמט, אויף זיי אַ ווייס הייבעל מיט בלויע אַטלעסענע בענדער אָנגעטון און אַלע פאַסמעס האָר באַהאַלטען.

— באַהאַלט, באַהאַלט — האָבען זיי געוואָרענט — זאָל מען כאָטש די חרפה נישט זעהן...

דערנאָך האָבען זיי איהר געקושט אין קאָפ און אַרויס־גערוקט זיך הינטערוויילעכטס.

— מזל טוב, „מערטשעם” צו ניין חדשים אויף אַ ברית...

אויך ווען דער רבי איז אַריינגעקומען צו איהר אין שטוב, האָט זי קיין איין וואָרט נישט געזאָגט און באַטראַכט מיט גרויסע טשיקאַווע אויגען יעדער באַוועגונג זיינע. זי האָט געקוקט, ווי ער וואַרפט פון זיך אַראָפ גיך די אטלעסענע קאַפאָטע, ווי ער ציהט מיט ציטערנדיגע הענט דעם גרויסען טלית־קטן איבער'ן קאָפ. זי האָט געזעהן ווי ער ברומט מיט די ליפען, זאָגט עפעס שטילערהייד אַ געבעט, זי האָט געהערט זיין אַלט שווער זיפצן, באַטראַכט ווי ער ציטערט מיט באָרד און פיאות און מאַכט קאָמישע שאָטענס אויף דער טונקל־באַלויכטענער וואַנט. אָבער ווי נאָר ער האָט פאַרלאָשען דאָס ליכט און גענומען רייבן די יאַרמעלקע אויפ'ן קאָפ הין און צוריק, — איז זי פלינק

און געשיקט, ווי אַ יונגע ציג, אַ שפּרונג אַרויס געטון פון בעט און אַוועקגעשטעלט זיך אינמיטן שטוב אין בלויזן העמד, לויכטענדיג מיט די שוואַרצע ברענענדיגע אויגען, ווי פאָספאָר אין דער נאַכט.

אַ ווײַלע איז דער רבי געבליבן אַ פאַרשטאַרטער. אין זיין אַלטען קאָפּ האָט זיך עפּעס אַ פלאָנטער געטון.

— יענע לייט... — האָט אים אַ בליץ געגעבן אין מוח — לצים, וואָס קומען שטערען אידישע שמחות...

דאָס האָט איהם אין ציטערניש אַרײַנגעוואָרפען. מיט קלאַ-מערנדע הענד האָט ער גענומען זוכן אויף זיך דעם טלית-קטן. באַלד איז ער געקומען צו זיך און ער האָט אַזוי אויסגעקוילערט די אַרויסגעזעצטע אויגען זיינע, ווי נאָר אַרויסצוואַרפען זיי פון די אויגען-לעכער.

— רחמנא לצלן! — האָט ער געמורמעלט און געפיהלט זיך אַ פאַרלוירענער, נישט וויסענדיג וואָס אַזוינס צו טון.

וואָס, וואָס, נאָר אויף אַזעלכעס האָט ער זיך נישט גע-ריכט.

אין זיין לאַנגען פאַמיליען-לעבען, וואָס האָט זיך געצויגען ביי איהם פון דרייצעהן יאָהר ביז עטליכע און זעכציג, האָט ער פאַרשיעדענע זאַכען דורכגעמאַכט. אויך זיינע פריהערדיגע דריי ווייבער זענען געווען פאַרשיעדענע. אין זיין אַלטען קאָפּ האָבען זיך געפלאָנטערט פאַרשיעדענע איבערלעבונגען, צייטען, נעכט אַלערליי, נעכט פון גרויסען תענוג און נעכט פון ווייבערישען געוויין, נעכט פון אומבאַפרידעניש און נעכט פון ווייבערשער צולאָזענקייט, קלות-ראש. אָבער אַ ז ע ל כ ע ס? אַ ז אַ... אַזאַ הפקרות! אַזאַ חוזק... און געגען וועמען? געגען איהם... דעם ניעשאַווער!...

וואָלט דאָ געווען דער פעטער איהרער, דער שטאַמלער, וואָלט ער איהם אויסגעריסען, אַ תל וואָלט ער פון איהם באַלד געמאַכט! וואָרום אַ כבוד איז עס פאַר איהם, דעם קבצן, וואָס ער, דער ניעשאַוועל, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט און געטון אַ שידוך מיט אַן אָרים מיידעל, אַ יתומה. אַ גליק איז דאָס פאַר'ן

מיידעל. זי דאַרף עס וויסען און דרך-ארץ האָבען. אָבער מיט דעם פעטער האָט מען איצט נישט געקאָנט רעדען. רעדען האָט מען געדאַרפט מיט איהר, מיט דעם מיידעל דער יתומה, וואָס דאַרף זיך פיהלען גליקליך צוליב'ן גרויסען כבוד, צוליב'ן גליק, וואָס איהר איז געשעהן. און רעדען מיט אַ נקבה האָט ער, דער ניעשאַווער, נישט געקאָנט, נישט געוואוסט ווי אַזוי. קיינמאָל האָט ער מיט קיין ווייבער נישט גערעדט, אַ חוץ מיט די, וואָס קומען מיט קוויטלעך און געוויינען. אפילו מיט זיינע דריי ווייבער האָט ער זעלטען גערעדט. און וואָס איז בכלל דאָ צו רעדען מיט אַ נקבה?...

אַ ווײַלע האָט ער געפּרואווט מיט גוטען. גערעדט צו דער כלה זיינער האָט ער נישט. חלילה! וואָס איז דאָ צו רעדען מיט אַ אידענע, און נאָך מיט אַזאַ יונגע, אָהן שכל, דערצו? אָבער פאַר איהר געזונט האָט ער געזאָרגט.

— נו — האָט ער געברומט בייז — מען טאָר נישט אַזוי אַרומגעהן... מען קאָן זיך נאָך, חלילה, פאַרקיהלען...

זי האָט איהם גאָרנישט געענטפערט און בלויז געלויכטען מיט די פאָספאָר-בליקען אין דער פינסטערניש, ווי אַ קאַץ.

אַז דאָס האָט נישט געהאָלפען, איז ער איבערגעגאַנגען צו אידישקייט.

— עט — האָט ער געזאָגט — אַ אידישע טאָכטער, נאָך דערצו אַ רבי'ש אייניקעל, טאָר נישט אַזוינס... ס'איז אַ גרויסע וינד מצער צו זיין אַ חתן...

אַז דאָס האָט אויך קיין פעולה נישט געהאַט, איז ער איבערגעגאַנגען צו כעס. דאָס גאַנצע געדיכטעניש פון באָרד און פיאות האָט זיך ביי איהם געטרייסעלט פון צאָרן.

— חוצפה און העזה! — האָט ער געשריגען — עזות! דרך-ארץ!

אין זיין גרויסען צאָרן האָט ער אפילו פאַרגעסען ווער ער איז, וואו ער געפינט זיך און געלאָזט זיך אַראָפּקריכען פון בעט, כדי זי, די חצופה, אָנצולערנען, מיט כח זי לערנען דרך-ארץ האָבען פאַר'ן ניעשאַוועיר. די וועלט איז נישט הפקר, די

וועלט... אָבער דאָ האָבען איהם די כּוחות פאַרלאָזט, די פיס האָבען איהם גענומען ציטערען, די הענט זיך טרייסלען. ער האָט מיטאַמאָל די עלטקייט דערפיהלט, די זיקנה, און ער האָט גענומען קרעכצען, זיפצען, אַלט, צובראָכען, נישט ווי אַ חתן אין זיין חופּה-נאַכט, נאָר ווי אַן אַלטער ייִדע, וואָס דאַרף רוה, מנוחה.

זי איז איצט צוגעגאַנגען צו איהם, די כּלה. זי האָט איהם גע-גלעט מיט רחמנות איבער דער יאַרמעלקע. אָבער ער איז געווען אַזוי שוואַך, אַזוי צובראָכען, אַז ער האָט מעהר אַפילו נישט געקאָנט אויסשטרעקען צו איהר אַ האַנט. זי האָט איהם אַרומגעדעקט מיט דעם שווערען איבערבעט, אַרויפגעלייגט איהם אַ קישען אויף די פיס, און ער איז איינגעשלאָפען.

איצט, פאָהרענדיג אין דער אויסגעבעטער קאַרעטע צוריק פון דער חתונה קיין ניעשאַווע, איז איהם, דעם רבּי'ן, די גאַנצע נאַכט געשטאַנען פאַר די אויגען און זיין קאָפּ איז איהם גע-ווען שווער, בּלייענדיג.

— אַריינגעפאַלען! — האָט איהם געעגבערט אין קאָפּ — מיאוס אַריינגעפאַלען.

די געזאַנגען פון די חסידים האָבען איהם געשרויפט אין מוח, גערייצט, נישט ווי מען וואָלט זינגען, נאָר ווי מען וואָלט שפּאָ-טען פון איהם. ער האָט שוין עטליכע מאָל געוואָלט געבען אַ צייכען מיט דער האַנט, מען זאָל שווייגען, אָבער ער האָט זיך אָפּגעהאַלטען. צו וואָס אויסגעבען זיך? — האָס ער זיך גע-טראַכט — קיינער דאַרף נישט וויסען פון זיין צער.

אַז ער וועט זיך נישט גט'ען איז געווען בּיי איהם קלאָר, זיצענדיג אויף דער טרייסלענדיגער קאַרעטע. ערשטענס, וואָלט עס נישט פּאַסטען פאַר די חסידים. זיי האָבען אַזוי אויך געקוקט מיט חידוש אויף זיין פערטען מאָל חתונה האָבען. זיי האָבען נישט געזאָגט געגען דעם, חלילה! זיי האָבען פאַרשטאַנען, אַז מסתמא דאַרף אַזוי זיין. זיי זענען טאַקע געקומען אויף דער חתונה, געבראַכט געלט, מתּנות. וואָס פאַר אַ פּנים וועט עס האָבען, ער זאָל זיך איצט גט'ען? און וואָס וועלען זאָגען פרעמדע

חסידים? מען וועט דאָך לאַכען אין די פויסטען. אין די גוט-אידישע הויפען, ביי די שונאים זיינע און נישט-פאַרגינערס, וועט מען קווע͏לען פון שמחה. ניין, מען דאַרף זיי נישט אָנטון אַזאַ נחת! פאַר קיין פאַל נישט!

צווייטענס, האָט ער עס נישט געקענט טון פאַר'ן אייגע-נעם הויף. זיי האָבען איהם געוואָרענט, די קינדער זיינע, די זיהן ווי די טעכטער, אַז ער דאַרף מעהר נישט חתונה האָבען. ער האָט נישט געפאָלגט. איצט וועלען די אייגענע קינדער לאַ-כען פון איהם, וועלען חוזק מאַכען. עס וועט מעהר קיין דרך-ארץ נישט זיין. דערצו טאָר נישט קומען.

דריטענס, איז זי איהם טאַקע אַ שאָד געוועזען אויך, זי, דאָס ווייב זיינס, וואָס פאָהרט איצט אין אַן אַנדער בריטשקע, אַרומגערינגעלט מיט מחותּנת'טעס און רבי'צינס. אמת, זי האָט איהם מצער געוועזן, שטאַרק וועה געטון, געפיהרט זיך גאָרנישט ווי אַ אידישע טאָכטער. ווער ווייסט, צי זי האָט איהם, חלילה, נישט אין אַ קרענק אַריינגעבראַכט? ער איז אַן אַלטער מאַן, מען דאַרף איהם נישט פיינינגען, מען דאַרף זיין גוט צו איהם. ווען מען פייניגט איהם, ווערט ער שוואַך, ווי נעכטען. ווער ווייסט, צי צוליב קרענקונג זענען נישט מיטאַמאָל, חלילה, זיינע לעצטע כּוחות פאַרשוואונדען. עפּעס פיהלט ער זיך פּלוצלינג אַזוי שוואַך, מיד, גאָרנישט ווי פריהער פאַר דער חתונה. יאָ, אַ סך אידען, חסידים, האָבען איהם געוואונשען אינדערפריה ביים טיש אַ בן-זקונים. די ברכה פון טויזענטער אידען איז נישט קיין קלייניגקייט. אָבער ער פיהלט זיך מיד, שוואַך, אַלט, שטאַרק אַלט. און שולדיג איז זי, זי. וואו איז גאָר אַזוינס געהערט גע-וואָרען? סיידען, חלילה, צווישען גוים, אָדער צווישען פּראָסטע לייט, באַלמעלאָכעס... הפקרות איז, נעבעך, אַריין צווישען אי-דען, אַפילו צווישען מיוחסים און רבי'שע קינדער...

ער האָט געפיהלט דעריבער אַ שנאה צו איהר, צו דער, וואָס פאָהרט איצט אין אַ זייטיגער בריטשקע, אַרומגערינגעלט מיט מחותּנת'נעס און רבי'צינס. אָבער פון דער צווייטער זייט, וואָלט ער זי נישט געוואָלט דערווייטערען פון זיך. וואָס איז

איהם דען געבליבען איצט? די קינדער זענען שונאים, וואַרטען שוין, זיך צוצוטיילען מיט דער רבי׳טסטווע. ישראל אַביגדור דער גבאי איז אַ שונא און אַן עזות-פנים. נישטאָ קיין איין נאָהענטער מענש. און זי איז אַזאַ יונגע, אַ יפת-תואר, זאָגען ווייבער. און ער האָט דעריבער נישט געשטערט די חסידים זינגען. פאַרקעהרט, ער האָט זיך געשטאַרקט, אַליין אַ פרעהליך פנים צו מאַכען. אַז אַלץ בלייבט ווי עס איז — איז ביי איהם געוועזען פעסט. קיינער דאַרף נישט וויסען. ער האָט נאָר נישט געוואוסט, צי דאַרף ער איבעררעדען מיט׳ן פעטער דעם שטאַמלער, צי נישט? אַ ווייל'ע האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אַז ער דאַרף עס טון. איהם האָט זיך געוואָלט אויסבייזערען, אָפרעדען זיך, שרייען אויף עמיצען. און אויף קיינעם, האָט ער געוואוסט, קען מען נישט אַזוי שרייען ווי אויף דעם שטאַמלער. אפשר וועט ער זיך איבעררעדען מיט איהר, האָט ער געקלערט, אָנבייזערען זיך אויף איהר, און זי וועט בעסער ווערען. באַלד, אָבער, האָט ער זיך באַטראַכט, אַז דאָס וועט צו גאָרנישט ברענגען. ער אַליין דאַרף זי איינעמען, מיט אייגענע כוחות. דער עיקר איז נאָר, ער זאָל זיך נישט פיהלען אַזוי שוואַך, ער זאָל זיין מעהר זיכער ביי זיך. אפשר דאַרף מען גאָר צופאָהרען צו אַ פּראָפעסאָר? אפשר שטאַרקען זיך? דער עיקר פאַר קיינעם נישט רעדען, נישט שפּל זיך מאַכען.

און ער האָט זיך געשטאַרקט, דער רבי ר׳ מלך, מיט בטחון זיך אַרומגעגאַרטעלט. כדי צו פאַרגעסען זיך, האָט ער גענומען רויכערען ציגאַרען איינעם נאָכ׳ן אַנדערען.

— ישראל אביגדור — האָט ער אַלע מאָל געמונטערט דעם גבאי — פייער גיב, סרועלוויגדער!

ישראל אביגדור האָט געצונדען שוועבעלעך, פאַררויכערט די פאַרלאָשענע ציגאַרען און געקוקט ביים שיין פון פייער מיט חוזק׳דיג-ממזר׳ישע אויגען דעם רבי׳ן אין די אויגען אַריין.

פון די הויף-דינסטען האָט ער שוין געוואוסט, אַז צווישען די ווייבער, וואָס זענען געקומען צומאָרגענס, דער כלה גוט-מאָרגען ביטען, איז געקומען צו שטילע מחלוקת. עפעס האָט

מען זיך דאָרט צופיל ביים בעטגעוואַנט געֿעסקֿט, אויף דער כלה אָנגעשריגען און געשושקעט זיך, געשושקעט. ער האָט פאַר־שטאַנען, ישראל אביגדור, אַז דעם בעל־שם׳ס קוואַל און די אָפּגעשפּראָכענע עין־הרע׳ס האָבען קיין גרויסע פּעולה נישט גע־האַט. און ער האָט געקוקט מיט חוצפּה׳דיג־גנב׳ישע אויגעלעך דעם רבי׳ן אין די אויגען אַריין.

— חתן, מאַך דיר אַ לב — האָט ער געטראַכט מיט הנאה און גענומען אַ שטאַרקען שמעק־טאַבאַק.

און דערנאָך האָט גאָר דער רבי פאַרקאַשערט דעם ספּאָ־דיק אָן אַ זייט, ווי תמיד, ווען ער נעמט אָן אַ פּעסטען באַ־שלוס, און געזאָגט מיט קוראַזש:

— סרועלוויגדער, עך וויל, אַז די שבע־ברכות זאָלען געפּראַוועט ווערען גרויס, מיט שמחה. און טישען זאָל מען אין גרויסען בית־המדרש, הערסט, סרועלוויגדער!...

## זיבענט קאַפּיטעל

**איבער** די גאַנצע זיבען טעג פון די שבע־ברכות, וואָס זענען געפּראַוועט געוואָרען מיט גרויס פּאָמפּע אין ניעשאַווע, האָט דער פעטער, דער שטאַמלער, און נאָך מעהר זיין ווייב, די מוהמע איידעלע, געלעבט אין כסדר׳דיגער שרעק פאַר זייער מלכה׳לע, דער ניעשאַוואער יונגער רביצין. זיי האָבען געציטערט, זי זאָל נישט אָפּטון עפּעס אַ מיאוס׳ע זאַך, עפּעס אַן אונערוואַרט שטיקעל, דער עיקר, זי זאָל נישט אַמאָל איבערלאָזען אַלץ און אַלעמען אין דער מיט שמחה און אנטלויפען.

אין אונרוהיגקייט, אין שרעק פאַר דעם, האָבען איהרע ערציהער געלעבט די גאַנצע צייט, דורך די עטליכע חדשים פון דער פאַר׳קנס׳ונג, פון טאָג אָן, זינט דער פעטער איז געקומען פון ניעשאַווע מיט דער בשורה, אַז דער רבי וויל זיך משדך זיין מיט׳ן מיידעל. צוזאַמען מיט׳ן נחת, וואָס זיי האָבען דערלעבט, אויסצוגעבען זייער קרובה פאַר׳ן ניעשאַווער, צו ווערען די מחותנים פון גרויסען רבי׳ן און דערמיט הויבען זייער אַראָפּגעפאַלענעם אָנזעהן צווישען אידען, האָט זיי כסדר אַן אומרויִהיגקייט געפּייניגט, אַ שרעק. זיי האָבען כסדר געציטערט, זי זאָל עפּעס נישט אָפּטועז, מלכה׳לע מזיק, זי זאָל קיין מיאוס׳ען סקאַנדאַל נישט מאַכען און ברעכען זיך, מיט איהרע ערציהער און דעם ניעשאַווער הויף צו שפּאָט און צו שאַנד. זיי האָבען זיך זייער אייגען גליק נישט געטרויט.

אַז דער פעטער דער שטאַמלער איז פלוצלינג אַהיימגע־קומען מיט דער גוטער בשורה, מיט׳ן גליק־שידוך, האָט זיין ווייב איידעלע איהם געהאַט נאָר איין־איינציג וואָרט צו זאָגען.

— שוטה! — האָט זי איהם געזאָגט.

זי האָט געטראָגען די הויזען, די מוהמע איידעלע. גע־האַלטען זיך פאַר אַ חכמה, און זי האָט אַפילו נישט געוואָלט הערען, וואָס דער מאַן איהרער האָט מיט ברען געשטאַמעלט.

— פונקט אַ שידוך פאַר מלכה׳לע מזיק — האָט זי חוזק געמאַכט — רעד מיט איהר בעסער נישט דערפון, ווייל זי וועט דיר די באָרד אויסרייסען.

דער פעטער האָט זי נישט געהערט. אָהן שום פאָרברײ־טונגען, פול מיט מורא פאַר זיין ווייב, זי זאָל איהם נישט שטערען, איז ער צו צום מיידעל און אַרויס מיט לשון.

ממזל־טוב! — האָט ער אַרויסגעריסען פון זיך — מלכה׳־לע, ווערסט ניעשאַווער רביצין.

די מוהמע איידעלע איז אַוש בלאַס געוואָרען. זי האָט ערוואַרט דאָס ערגסטע. אָבער מלכה׳לע האָט בלויז גענומען לאַכען. אַ ווילד געלעכטער איז זי באַפאַלען. זי האָט נישט גע־פרעגט, ווער ער איז, דער ניעשאַווער, ווי אַלט ער איז, נאָר זי האָט בלויז געלאַכט, געלאַכט ווילד, צולאָזען, בויגענדיג זיך אין דרייען ביז דער ערד.

— מאַמע! — האָט זי גערופען און ווידער אַריינגע־פאַלען אין געלעכטער.

— וואָס כיכעסטו אַזוי? — האָט דער פעטער מעהר נישט געקענט איבערטראָגען דעם מיידעלס געלעכטער — ווילסט נישט דעם ניעשאַווער?

— כ׳וויל! כ׳וויל! — האָט מלכה׳לע געשריגען — נאָר וואו האָט דער פעטער דעם לעקעך? כ׳וויל לעקעך...

דער פעטער איז אַזוי גרויס געוואָרען ביי זיך פון זיין זיג, פון זיין ערשטען נצחון אין זיין לעבען, אַז ער האָט פאַר־געסען אין זיין שטענדיגער מורא פאַר׳ן ווייב. אַן אויסגעגלייכ־טער, אַ פעסטער ביי זיך, איז ער צוגעגאַנגען נאָהענט צו זיין

ווייב און איהר צוויי פייגען האַרט אין די אויגען אויסגעשטעלט.

— אַריסטאָטלעס — האָט ער געזאָגט — ווער איז דער חכם און ווער איז דער נאַר?

— הלואי, דו זאָלסט זיין דער חכם! — האָט די מוהמע איידעלע פאַרגלאָצט די אויגען — שפּרינג נאָך נישט קדוש באַצייטענס...

דער שידוך איז געטון געוואָרען.

אין מלכּה'לעס משפּחה איז מען געווען גליקליך, אָבער רוהיג איז מען נישט געווען. אַ משוגעת איז אויף דער מויד אָנגעפאַלען, האָט מען אויסגעטייטשט איהר איינגעהן אויפ'ן שידוך, איינע פון מלכּה'לע מזיק'ס משוגעת'ען. מען האָט נישט געגלויבט, עס זאָל קומען צו אַ חתונה. מען האָט זי גוט געקענט אין דער משפּחה, מלכּה'לען. גענוג צרות האָט מען שוין פון איהר געהאַט, פּונקט ווי פון דער מוטער איהרער. ביי זיבעצעהן יאָהר איז זי שוין דריי מאָל געהאַט ענטלאָפען פון פעטערס שטוב און דריי מאָל האָט מען זי בסוד צוריקגעבראַכט.

— טריפה בלוט — האָט מען וועגען איהר גערעדט שטילערהייט אין דער משפּחה — צוזאַמען מיט דער מילך פון דער ברוסט האָט זי דער מאַמעס טריפה'נע בלוט אין זיך אַריינגעזויגען.

אויך די מוטער איהרע, מלכּה'לעס, אַ רבּי'שע טאָכטער און אַ רבּי'שע שנור, איז פון שטוב ענטלאָפען. סך-הכּל מיט פופצעהן יאָהר עלטער איז די מוטער געווען פון איהר טאָכטער מלכּה'לע. צו פערצעהן יאָהר האָט זי חתונה געהאַט און אין אַ יאָהר אַרום האָט זי אַ טאָכטער געבאָרען. עלף יאָהר נאָך דער חתונה, ווען מלכּה'לע איז שוין אַלט געווען גאַנצע צעהן יאָהר און מען האָט איהר שוין גענומען רעדען שידוכים, האָט זי, די פינף-און-צוואַנציג יעהריגע מוטער פון אַ כּלה-מיידעל, פלוצלינג פאַרלאָזען דעם הויף, דעם מאַן און די טאָכטער און מיט אַן אונגאַרישען אָפיציר, אַ קאַוואַלעריסט פון שטאָטישען גאַרניזאָן, קיין בודאפּעשט ענטלאָפען.

די משפּחה האָט זי פאַרשאָלטען, איהר נאָמען אויסגע-מעקט. דער מאַן איהרער, אַ קרענקליכער רביש'ער זוהן, איז פון חרפּה און בענקשאַפט פון דער וועלט אַוועק. אָבער די זאַך איז געבליבען בסוד. אַפילו אין די רבי'שע הויפען האָט מען נישט געוואוסט פון דער מעשה. עס האָט געהייסען, אַז דאָס ווייבעל זיצט אין אויסלאַנד, אַז זי איז קראַנק.

מלכּה'לע, די יתומה, איז אַריבער צו דער מוהמע איידעלע אויף ערציהונג. זי האָט נישט געהאַט קיין קינדער מיט איהר מאַן דעם שטאַמלער, די מוהמע איידעלע, און זי האָט געוואָלט דאָס קינד נעמען צו זיך. אויך האָט דעם פעטערס שטוב גע-שמ'ט פאַר אַ פרומע, אַ גאָטספאָרכטיגע, און די משפּחה האָט געוואָלט די קליינע מלכּה'לע פאַר אַ פרומע כּשר'ע טאָכטער ערציהען.

ער האָט זיך טאַקע גלייך גענומען צו דער אַרבייט, דער פעטער, איינשפּאַנען זי אין אידישקייט, לייענען פאַר איהר מוסר-ספרים און שטאַמלען שעה'ן-לאַנג וועגען גיהנום, וואו מען ברענט און מען בראָט. ער איז געווען אַ גרויסער למדן, דער פעטער, אין גיהנום, געוואוסט אַלע וועגען פון עולם-התּוהו, געקענט אויסמאָהלען אַלע בראָט-קעסלען מיט סמאָלע, אַלע שטעך-בעטלען. אויך די מוהמע, אַ אידענע אַ פוילע, האָט זיך גע-נומען שאַפען מיט דער קליינער, געהייסען זיך כּסדר צוטראָ-גען, דערלאַנגען, אויסטון די שיך, כּדי דאָס מיידעל צו האַלטען אין דער צוים, אַ געטרייע טאָכטער אַ אידישע פון איהר צו מאַכען.

אָבער די קליינע האָט גלייך זיך אַוועקגעשטעלט האַרט אי געגען פעטער, אי געגען דער מוהמע. דעם פעטערס מעשיות פון גיהנום האָט זי אַפילו נישט געוואָלט הערען.

— איך האָב עס שוין געהערט — האָט זי איהם אָפּגע-שניטען שאַרף און זיך אויסגעדרעהט צו איהם הינטערווייל'עכטס.

אויך די מוהמע האָט זי נישט געוואָלט הערען, נישט גע-פאָלגט. צעהן מאָל האָט זי זי געקאָנט רופען, איידער זי האָט זיך אָפּגערופען. און אַפילו אַז די מוהמע האָט איהר גענומען

דערצעהלען מעשיות פון צדיקים, פון צדקניות׳ען, האָט זי נישט געוואָלט הערען.

— לאָמיר די מוהמע איידעלע בעסער עפּעס דערצעהלען וועגען דער מאַמען — האָט זי איבערגעריסען אין דער סאַמע מיט, ווען דער בעל-שם האָט זיך געראַנגעלט מיט אַ וואָל-קאָלאַק...

די מוהמע איידעלע האָט איהר נישט געלאָזט אויסרעדען.

— רעד נישט וועגען „איהר" — האָט זי באַפוילען — האָסט נישט מעהר קיין מאַמע. איך בין דיין מאַמע.

— ניין, מיין מאַמע איז מיין מאַמע! — האָט די קליינע געטופּעט מיט די פיס — דו ביזט בלויז מיין מוהמע.

און אין דער משפחה האָט מען אָנגעהויבען מורא האָבען פאַר דער קליינער.

— איינגאַנצען ס׳מאַמעלע, ימח-שמה! — האָט מען גע-מורמעלט.

פונקט ווי די מוטער איהרע, איז זי אויך געוואָקסען שנעל, גרויס, דין און שלאַנק, ווי אַ ריטעל. אויגען האָט זי געהאַט שוואַרצע, שאַרפע, וואָס ביי זייער גאַנצער שוואַרצקייט, זענען זיי נישט אידיש. עפּעס ווילדס איז געלעגען אין זיי, ציגיינערישעס. אויך איהרע האָר זענען געוואָקסען ווילד, שוואַרץ, אַזש בלוי פון שוואַרצקייט, אָבער נישט געקרייזעלט, נאָר גלייך, אין גלאַטע שוואַרצע פאַסמעס אַראָפּגעפאַלען. קיין איין קריי-זעלע האָט זיך נישט געדרעהט איהר אַרום די שלייפען. פונקט אַזוי שאַרף, שוואַרץ און גלייך האָבען זיך געצייכענט איהרע ברעמען, לאַנגע, שטרענגע ברעמען, וועלכע קומען זיך צונויף און פאַראייניגען זיך איבער דער גלייכער גראַדער נאָז, וואָס פאַרברייטערט זיך עטוואָס ביי די נערוועזע, באַוועגליך-ציטערנ-דיגע נאָז-לעכער.

יעדעס מאָל, ווען די מוהמע האָט געקעמט דער קליינער די האָר און געפלאָכטען איהרע דיקע צעפּ, האָט זי נישט אויפ-געהערט צו זיפצען.

— עפּעס פאַר קיין גראָשען אידישען חן האָט עס נישט

אין זיך. זעה נאָר די גלאַטע קודלעס, די שיקסישע פלייצעס די גלייכע... אינגאַנצען יענע...

„יענע" האָט מען געמיינט די מוטער איהרע, וועלכע מען האָט נישט אָנגערופען ביים נאָמען. און פונקט ווי „יענע", האָט אויך מלכּה׳לע נישט געשוינט קיינעם, נישט געלאָזט קיינעם הערשען איבער זיך, אַן עקשנ׳טע געווען, אַ ווילדע דעספּאָטין, און משוגע׳נע טעג געהאַט: טעג פון לאַכען, שפּרינגען און ווילדקייט, אָהן קיין שום סיבה דערצו, און טעג פון פּלוצלינג-דיגען שווייגען, פאַרביטערטקייט און מעלאַנכאָליע, אָהן קיין שום סיבה דערצו.

— אַ נישט-גוטס זיצט אין דעם קינד! — האָט די מוהמע אָפט געזאָגט צום פעטער — עפּעס אַ מזיק.

נישט גוטס איז געלעגען אין אַלע טעג איהרע, אין די פרעהליכע ווי אין די אומעטיגע. זי האָט ליב געהאַט זיך צו שפּילען, אָבער געשפּילט האָט זי זיך אויסטערליש, אַנדערש פון אַלע קינדער, שיעור די שטוב נישט צוטראָגען. זי האָט אַריינ-געגנומען אַ פולע שטוב מיט קינדער. אַלע אַלטע לעדערנע שטוה-לען האָט זי איבערגעקעהרט, אַלע שופלעדער פון די טישען אַרויסגעצויגען, דעם פעטערס כּתבים און פּאַפּירען מיט יחוס-בריף פון זיי אַרויסגעוואָרפען און פון די שטוהלען מיט די שופלעדער געמאַכט אַ באַהן, אַ שנעל-צוג, וואָס פאָהרט ווייט, קיין אונגאַרן, קיין בודאַפּעשט, וואו די מאַמע איז.

אַ חוץ אין באַהנען, האָט זי אויך ליב געהאַט שפּילען זיך אין חתונות. אַלע אַלטע זיידענע חתונה-קליידער דער מוה-מעס האָט זי אַרויסגעשלעפּט פון די שאַפעס, אַלע קרינאָלינעס, פוטערס, אַלטע היטען מיט קאָלירטע פעדערען און פויגעל, און זיך אויסגעצירט אין זיי. וואו די מוהמע האָט ערגעץ געהאַט אַ קעסטעלע ציהרונג באַהאַלטען, אַ בראָש, אַ קייט, שנירלעך פערל, אַ ציטער-שפּילקע, האָט זי זיך באַהאָנגען, אין די האָר פאַרשטעקט, און זיך פאַרשטעלט פאַר אַ כּלה.

די מוהמע העט געמאַכט קולות:

— מלכּה, וועסט מעך בדלות שטעלען! מזיק, מאַכסט מיר

אַ תּל פֿון די קליידער. וואָס האָב עך דען, מ׳שטיינ׳ס געזאָגט, אַ חוץ די עטליכע שמאַטעס?...

נאָר מלכּה׳לע האָט זי נישט געהערט, געטון איהרס, גע-שריגען, געהייסען די קינדער מאַכען קולות, קלאַפּען, זינגען, טאַנצען. די מוהמע, נישט געוועהנט צו קינדער, האָט געקרעכצט, אַז מען רייסט איהר אָפּ די אויערען, אַז מען לאָזט איהר נישט לייענען די מעשה-ביכלעך פֿון די צדיקים. מלכּה׳לע האָט זיך דערפֿון נישט געמאַכט.

— קינדער, קלאַפּטס! — האָט זי באַפֿוילען — די באַהן דאַרף גיך אָנקומען קיין בודאַפּעשט.

אויף די חתונות האָט זי געמאַכט אַזעלכע טומעלדיגע, ביז איינמאָל זענען שכנ׳טעס זיך געקומען קלאָגען. אויף איינער אַ חתונה, אויף וועלכער מלכּה׳לע איז געווען די כּלה און אַן אַכט-יאָהריג חדר-אינגעל — דער חתן, האָט מלכּה׳לע געהייסען צוויי חבר׳טעס, מחותּנת׳טעס, זיי זאָלען זיי ביידע, חתן-כּלה, „לייגען-פֿיהרען”. די קינדער האָבען עס דערצעהלט די מוטערס, און די ווייבער זענען זיך געקומען קלאָגען צו איי-דעלע דער רביצין.

— רביצין קרוין, אַ קינד זאָל אַזעלכעס וויסען...

עטליכע טעג צייט האָט די מוהמע געוואָלט דערגעהן ביים מיידעל, וואו זי האָט פֿון אַזוינס געהערט, ווער עס האָט מיט איהר וועגען אַזעלכעס גערעדט. אָבער מלכּה׳לע האָט געשוויגען, פֿאַרביסען געשוויגען. ביינאַכט האָט די מוהמע נישט גע-קענט שלאָפֿען, און זי האָט געוועקט דעם מאַן איהרען פֿון שלאָף.

— הערסט — האָט זי איהם געמונטערט, ציהענדיג ביי דער יאַרמעלקע און נישט רופֿענדיג איהם ביים נאָמען — הערסט, הלוואי דאָס מיידעל זאָל אונז קיין חרפּות און בושות נישט אָנ-טוען!...

שפּעטער האָט זי געגומען, מלכּה׳לע, ליב קריגען קליינע קינדער, אָבער אַזוי ווילד, אַז מאַמעס זענען פֿאַר איהר ענט-לאָפֿען. טאָמער פֿלעגט זי פּאַקען ערגעץ אַ קליין קינד, האָט

זי עס אַזוי ווילד אויסגעקוקט, אַזוי געדריקט און געקנייפּט, אַז ס'קינד פלעגט זיך פאַרקייכען.

— דער מזיק געהט! — האָבען ווייבער גענומען שרייען, זעהענדיג זי, און ענטלאָפען פון איהר.

יונגע מוטערס האָבען אויסגעפונען, אַז זי האָט אַ בייז אויג, אַז זי איז אַן עין־הרע'ניצע, און איהר נאָכגעשיקט קללות שטילערהייט:

— זאָלסט דיר אין די אויגען, פּעפּער דיר אין נאָז...

וואו נאָר אַ קינד איז קראַנק געוואָרען, איז מען געקומען צו לויפען צו איידעלע דער רביצין, כדי אויסצוזייסען אַ פרענדזעל פון מלכה'לעס שאַלעכעל און עס פאַרברענען אין פייער פאַר אַ שלעכט אויג. פון אַלע שאַלעכלעך, וואָס די מוהמע האָט איהר געקויפט, האָט מען אַ תל געמאַכט. די מוהמע האָט זיך שיעור נישט באַגראָבען פאַר חרפה.

צו דרייצעהן יאָהר איז זי דאָס ערשטע מאָל ענטלאָפען פון דער היים.

אָהן קליידער, אָהן וועש, אָהן אַ קרייצער אין קעשענע איז זי אויפגעזעסען אויף דער באַהן און געלאָזט זיך קיין בודאַפּעשט צו דער מאַמען, פון וועלכער זי האָט גאָרנישט געוואוסט, אַפילו קיין אַדרעס איהרען נישט געהאַט. מען האָט זי אויפגעזוכט, אין מיטען וועג האָט מען זי מיט פּאָליציי אַראָפּגענומען. די מוהמע האָט געמיינט, אַז דאָס מיידעל וועט וויינען, פאַלען צו די פיס, איבערבעטען. אָבער מלכה'לע האָט אַפילו די אויגען נישט אַראָפּגעלאָזען. מיט פאַר'עקשנ'טע אויגען, אין וועלכע דער ערשטער הונגער האָט זיך גענעסט, האָט זי דער מוהמען אין די אויגען געקוקט און געזאָגט:

— כ'על ווידער ענטלויפען... צו דער מאַמען...

דער פעטער מיט דער מוהמען האָבען גאַנצע טעג גענומען רעדען בייז אויף דער מוטער. זיי האָבען איהר ווידעראַמאָל און נאָכאַמאָל דערצעהלט, ווי צוליב איהר איז איהר מאַן, מלכה'לעס טאַטע, פון דער וועלט אַוועק. זיי האָבען איהר אויסגערעכענט די חרפות און בושות, וואָס זי האָט דער גאַנצער

משפחה אַנגעטון. זיי האָבען אויסגעמאָהלט איהר שטיינערען האַרץ, וואָס וויל אַפּילו פון קיין אייגען קינד נישט וויסען. אָבער מלכּה'לען האָט עס נישט גערירט.

— כ'וויל צו דער מאַמען — האָט זי זיך געהאַלטען ביי איהרס.

— ווערסט דאָך מוזען ביי איהר עסען חזיר.

— כ'וויל צו דער מאַמען...

— ווערסט דאָך מוזען זיין צווישען גוים.

— כ'וויל צו דער מאַמען...

— מען וועט דיך, חלילה, אָפּ'שמד'ען.

— כ'וויל צו דער מאַמען... כ'וועל ענטלויפען!

זי האָט געהאַלטען וואָרט. צוויי מאָל איז זי נאָך געלאָפען פון שטוב. זי האָט די מוטער נישט געפונען. יענע איז ווי אַ שטיין אין וואַסער אַריין, פאַרשוואונדען, און מלכּה'לע האָט געמוזט צוריקקומען צו פעטער־און־מוהמע קיין פּרעמיסלע. אָבער פון דעמאָלט אָן האָט זי אָנגעהויבען שווייגען, מיט קיינעם קיין וואָרט נישט אויסגערעדט, מיט קיינעם זיך נישט געזעגענט. נאָר גאַנצע טעג איז זי ביים פענסטער אָפּגעזעסען, נאָכגעקוקט די פעסטונג־אָפיצירען, וואָס האָבען זיך פון צייט צו צייט באַוויזען אין גאַס. לאַנג האָט זי זיי נאָכגעקוקט, יעדען אָפיציר, ביז ער איז געוואָרען אַלץ קלענער, קלענער און ענדליך אינגאַנצען פאַרשוואונדען.

אין אַזאַ צייט איז דאָס דער פעטער געקומען פון ניעשאַווע און איהר אַ מזל־טוב געבראַכט. פאַר דער משפּחה איז דאָס אַן אויסלייזונג געווען. אָהן געלט, פרעמד, שלעכט צו מענשען, מיט נישט קיין גוטען נאָמען, וואָלט זי געמעגט פאַרזיצען ביז'ן גרויען צאָפּ — האָט די משפּחה געוואוסט — אָדער, חלילה, נעמען אַ באַלמעלאָכע.

— אַזאַ גליק — האָבען זיי געזאָגט.

אָבער זיי האָבען זיך דאָס גליק נישט געגלויבט.

— ווי דערלעב איך שוין צו זעהן זי אונטער דער חופּה! —

האָט די מוהמע איידעלע געגלאָצט מיט די אויגען צום פאַר-רויכערטען באַלקען — זכות-אבות זאָלען נאָר ביישטעהן!

זיי זענען בייגעשטאַנען, די זכות-אבות. זי האָט דערלעבט, די מוהמע איידעלע, מלכה'לען צו זעהן אונטער דער חופה. אַפילו שבע-ברכות האָט זי שוין דערלעבט. אָבער איהר אונ-רוהיגקייט איז נישט פאַרשוואונדען, פאַרקעהרט, זי איז געוואַק-סען מיט יעדער שעה, מיט יעדער מינוט.

— עפּעס געהט עס צו גלייך, עך זאָל אין קיין בייזער שעה נישט האָבען אויסגערעדט — האָט זי כסדר געזאָגט איהר מאַן — ס'האַרץ קלאַפּט מיר, עס זאָל נישט עפּעס געשעהן.

אָבער געשעהן איז גאָרנישט.

אַלץ איז געגאַנגען מיט'ן סאַמע גלייכסטען וועג. דורך די גאַנצע עטליכע חדשים פאַר'קנס'ונג האָט זי אַפילו קיין איינ-ציג מאָל נישט געפרעגט וועגען חתן איהרען, מלכה'לע. זי האָט זיך נאָר געפרעהט ביי יעדער נייער כלה-מתנה, וואָס דער ניעשאַוּוער האָט איהר צוגעשיקט. דער רבי האָט געשיקט אַ סך מתנות. נאָך אַלע זיינע דריי ווייבער איז אַ סך ציהרונג גע-בליבען, ברילליאַנטענע פינגערלעך, אויעררינג, דימענטענע בראָ-שען, ציטער-שפּילקעס, בראַסלעטען און אַפילו שטערן-און-ברוסט-טיכלעך, מיט איידעל-שטיינער אויסגעשטיקט. דעם רבינ'ס טעכ-טער האָבען די ירושה געוואָלט צונעמען, יעדע נאָך איהר מאַ-מע'ן, אָבער דער פאָטער האָט נישט געלאָזט. פון איין ווייב איז געבליבען פאַר דער צווייטער. נאָך דער דריטערס טויט, האָבען שוין אַלע טעכטער פון אַלע דריי ווייבער געוואָלט ירשנ'ען זייערע מוטערס. אָבער דער רבי האָט אַלץ פאַרשלאָסען אין אייזערנעם קופער אויף רעדלעך, וואָס איז געשטאַנען ביי איהם אין שטוב, און דעם שליסעל האָט ער געהאַלטען ביי זיך. ער האָט זיך נישט געאיילט. ער האָט זיך געהאַט זיינע אויס-רעכענונגען. איצט האָט ער דאָס אַלץ געשיקט צו מלכה'לען. און זי איז געווען גליקליך. זי איז גאָרנישט מיד געוואָרען זיך צו שפּיגלען אין די ברילליאַנטען. זי האָט זיך באַהאָנגען, באַ-פּוצט, געקוקט אין קליינעם שפּיגעלע, דאָס איינציגע, וואָס איז

געוועזן ביי דער מוהמען אין שטוב. זי האָט זיך געבלאָזען, געמאַכט גרימאַסען פון אַ גרויסאַרטיגער פריצה. אויך אויף אויסשטייער האָט דער רבי אַ סך געלט געשיקט. ער האָט אַפילו געוואָלט שיקען פאַר דער כלה די קליידער, וואָס זענען געבליבען נאָך די דריי ווייבער זיינע, אַ סך זיידענע און אַטלעסענע קליידער, אויך פוטערס. אָבער מלכּה'לע האָט נישט געוואָלט. עס האָט לאַנג געדויערט, ביז מען האָט דעם רבי'ן געגעבען צו פאַרשטעהן, אַז אַלטע קליידער קען מען מעהר נישט טראָגען, ווייל זיי זענען מעהר נישט אין דער מאָדע, כאָטש זיי מעגען זיין נאָך גוט און פון זייד און סאַמעט.

— אַזוי ? — האָט ער זיך געוואונדערט, הערענדיג די רייד פון דעם שטאַמלער, וואָס האָט זיי איבערגעזאָגט אַזוי, ווי זיין ווייב האָט איהם אויסגעלערענט — גאָרנישט צו פאַרשטעהן מיט'ן שכל, וואַ, וואַ, וואַ...

ער האָט דעריבער אַרויסגעשיקט געלט אויף אויסשטייער, אַ סך געלט. גאַנצע טעג איז זי אַרומגעלאָפען, די כלה, איבער די פרעמיסלער שניט-קראָמען, אָנגעקויפט זיידענס, סאַמעט, אַטלעס, וואָלענס. געקויפט האָט זי סחורות פאַרביגע, העלע, אַזעלכע ווילדע און שטורמישע ווי זי אַליין. וואָס די סוחרים האָבען נישט געוויזען, האָט זי געהייסען אָפּשניידען. אַפילו דינגען זיך האָט זי דער מוהמען נישט געלאָזט.

— משוגע'נע — האָט די מוהמע זין געבייזערט — וואָס טויג דיר אַזוי פיל שמאַטעס ? אַן עבירה געלט.

— כ'וויל — האָט מלכּה'לע געענטפערט.

דערנאָך זענען שניידערס מיט זייערע מאַשינען געקומען צו דער מוהמען אין שטוב און גענעהט די חתונה-קליידער אויפ'ן אָרט. די מייסטערס האָבען געגאָרגעלט זיך, געזונגען „יעלות", נגונים פון „גשם". די יונגע געזעלען האָבען געזונגען דייטשמערישע ליבע-לידער און געוואָרפען אויגלעך צו דער כלה. דאָס קלאַפּען פון די מאַשינען, דאָס זינגען די לידער, דאָס בסדר'דיגע מעסטען די קליידער, דאָס אויסטון און אָנטון זיך,

האָט זי מיט אַזאַ פרייד אָנגעפּיהלט, אַז זי האָט אַזש געכאַפּט די מוהמע און אויסגעקושט איהרעביידע באַקען.

— רוח, לאָז מיך אָפּ! — האָט די מוהמע זיך געבעטען — מאַכסט דאָך מיר צייכענס, משוגעת!

אויך די חתונה האָט איהר פאַרשאַפט נחת. וועגען חתן האָט זי אַפילו קיין איין איינציג מאָל נישט נאָכגעפרעגט, ווי אַזוי ער זעהט אויס. אמת, אַז ביי דער ערשטער באַגעגעניש איז שוין געקומען צווישען איהר מיט'ן אַלטען צו רייסעניש. פריהער ביים אָפּגאָלען די האָר און שפּעטער, שפּעטער דאָרט אין דער פינסטערער שטוב. ער האָט זיך געביייזערט דער אַל-טער. אָך, ווי בייז ער איז געוועןǃ די יאַרמעלקע האָט אַזש ביי איהם זיך געהויבען. אָבער דאָס האָט איהר נישט קיין האָר געהאַרט. פאַרקעהרט, עס האָט איהר נאָך פאַרגעניגען פאַרשאַפט. לאַכען האָט זיך געגלוסט דערפון, שטאַרק לאַכען.

וועגען ווייטער, וועגען אַ תכלית, האָט זי נישט געטראַכט. איהר איז געפעלען דער עסק, דאָס טומלעניש, דאָס קאָכעניש אַרום איהר. עס האָט איהר געפרעהט דאָס שטופּעניש פון די חסידים, דאָס גוידערען פון די אָנגעבלאָזענע מחותנת'טעס, דאָס קלאַפּען פון די קאָפּעלעס, דאָס אַרומטאַנצען אַרום איהר, דאָס אַרומשמאַיען.

דער וועג פון קיטעווע קיין ניעשאַווע איז געווען אַ פרעה-ליכער. פון אַלע דערפער זענען אידען אַרענדאַרען ענטקעגענ-געגאַנגען, ברכות נאָכגעשיקט. בענשען זיך געלאָזט, קינדערשע קעפּלעך צום בענשען צום רבי'ן אונטערגעטראָגען און דערפאַר געשאָנקען פלעשער מילך מיט האָניג. אַרענדאַרקעס האָבען מלכה'-לען די הענט געכאַפּט קושען.

— ווי אַ קעניגין — האָבען זיי איהר געזאָגט קאָמפּלי-מענטען — די שכינה רוהט אויף איהר...

פון ניעשאַווע איז די גאַנצע שטאָדט ענטקעגענגעקומען חתן-כלה.

אידען האָבען געטאַנצט, ווייבער האָבען מיט לייש-גאָלד-באַפּוצטע האָניג-לעקעכס ענטקעגענגעשפּרונגען. אינגלעך האָבען

ליכט, הבדלות און פאַרביגע לאַמטערענדלעך ענטקעגנגעטראָגען, מלכּה׳לען איז אַזאַ ווילדע פרייד באַפאַלען, אַז זי האָט זיך גענומען הוידען אויף דער בריטשקע און פּאַטשען מיט די הענט. די מחותּנת׳טעס פון חתנ׳ס צד האָבן זיך אָנגעבלאָזן, ווי די אינדיקעס, פאַר בושה.

מיט דערזעלבער קינדערשער פרייד, ווי זי האָט קינדווייז געפּראַוועט חתונות, אָנהענגענדיג אויף זיך דער מוהמעס אַלע שמאַטעס, פּולדערענדיג און טומלענדיג — מיט דער זעלבער שמחה האָט זי איצט געפּרעהט זיך אויף איהר אייגענער חתונה, געקוואָלען פון דער מוזיק, פון די ליכט, פון די קופערס נייע קליידער, וואָס פאָהרען איהר נאָך אויף עטליכע וועגעלעך.

אין הויף האָבן דעם רבינ׳ס קינדער, טעכטער, שנורען, אייניקלעך, קרובות, באַגעגענט אַפילו מלכּה׳לען מיט שנאה, מיט שטילער פיינדשאַפט און קנאה, וואָס האָט אַרויסגעקוקט דורך דער געמאַכטער פריינדשאַפט און חניפה. אַלעמאָל איז אַן אַנדערע טאָכטער צוגעגאַנגען צו איהר, באַטראַכט אויף איהר דאָס ציהרונג און זיך צוזיפצט.

— דער מאַמע׳ס, זכרונה לברכה — האָט זיך אַלעמאָל אַן אַנדער ווייבעריש פיסקעל פאַרקרימט — טראָג געזונטער־הייט...

אָבער דאָס איז מלכּה׳לען געפעלען געוואָרען. זי האָט שוין אין די ערשטע טעג דערשמעקט, אַז מען האָט זיך דאָ פיינט אין הויף, איינס רעדט אויפ׳ן צווייטען, אַז עס זענען פאַראַן אין הויף צדדים, טעכטער פון פאַרשידענע מאַמעס, שנורען, וואָס איינע דער אַנדערער פאַרגינט נישט, האַסט. שוין האָבן זיך אָנגעהויבען אַרום איהר שאַרען מענשען פון ביידע צדדים, גע׳חנפה׳ט, געשיט מיט שטעכווערטלעך, דערצעהלט סודות און גערעדט לשון־הרע, רכילות. זי האָט גלייך דערשמעקט די מחלוקת, רייסעניש, און דאָס איז איהר געווען צום הארצען. מלכּה׳לע מזיק האָט דערשנאַפּט, אַז זי וועט דאָ קענען עפּעס טוען, פאַרדרעהען, אָנמאַכען אַ פייער, רודערען און הערשען.

די גאַנצע זיבען טעג פון די שבע־ברכות, ווי אַ פיש אין וואַסער. די מודמע איידעלע האָט קיין שום גרונד נישט געהאַט אומרוהיג צו זיין. אומרוהיג האָט זי ערשט געקענט זיין שפּעטער, נאָכדעם ווי זי מיט'ן מאַן איהרען, דעם שטאַמלער, זענען צוריק אַהיימגעפאָהרען.

נאָך די זיבען טעג פרייד, טומעל, פולדערניש, האָבען זיך רוהיגע, נודנע טעג אָנגעהויבען. די חסידים זיינען זיך צופאָהרען, די קאַפּעליעס זענען שטיל געוואָרען, און מלכה'לע איז מיט זיך אַליין געבליבען, מיט זיך אַליין אין אַ גרויסער שווערער גוט-אידישער שטוב, אין וועלכער עס איז קיין שטיקעל פאַרפּוצונג נישטאָ, בלויז נאַקעטע ווענט, פאַרשטעלט מיט שווערע אַלטמאָדישע שאַפעס, פולע מיט מילבען־צופרעסענע קליידער פון דריי פריהערדיגע ווייבער, וואָס האָבען דאָ געלעבט און געשטאָרבען. די פענסטער, גרויסע, פיר-שויביגע און נישט געפוצטע, זענען אַרויסגעגאַנגען צום הויף, צום ברודיגען שלעכטגעפלאַסטערטען פוסטען הויף. מלכה'לע האָט די האַלבע פאָרהענגלעך פאַנאַנדערגעגומען און אַ פאָר אויגען צו דער שויב צוגעקלעפּט. אָבער ס'איז גאָרנישט געווען וואָס צו זעהן, אַ חוץ אָפּגעריסענע ווענט, קרומע גאָרענס, געלאַטעטע דעכער, אַ ברונים, וואָס הערט נישט אויף סקריפּען, אַ טשאַפּענדיג חסיד'על מיט אַ פאַרשמאָלצעוואַטען קאַפּעלאַטש, אַ פאַרבלאָנדזשעטע קאַץ. מען זאָל דאָ אַפילו אָפּזיצען יאָהרען, האָט מלכה'לע דערפיהלט, וועט מען דאָ קיין אַנדערע זאַך נישט זעהן. איהר האָט גליין אַ בענקעניש אַרומגענומען, אַ בענקעניש נאָך דער מוהמעס פענסטער אין פּרעמיסלע, דורך וועלכע מען זעהט פעסטונג-אָפיצירען דורכגעהן, אַ בענקעניש צו עפּעס ווייטס, צום פייפען פון באַהנען, צו שוועבענדע קאָנדוקטאָרישע רויט-גרינע לאַמטערענדלעך אין דער נאַכט, צו ווייטקייט, צו בודאַפּעשט, וואו אַ מאַמע, אַ שוין פאַרגעסענע אומבאַקאַנטע מאַמע, איז ערגיץ מיט אַ פרעמדען קאַוואַלעריסט פאַרהאַן.

אין שטוב איז קיין שפּיגעל נישט געווען, חלילה. אָבער מלכה'לע האָט זיך אומעטום געזעהן, אין די זילבערנע טאַצען,

פושקעס, וואָס זענען אומעטום געשטאַנען אָנגעשטעלט, אין ציה-רונג און אויך אין קליינעם שפּיגעלע, דאָס איינציגע פאַרמעגען, וואָס זי האָט פון דער מוהמעס שטוב דאָ אַהער בגנבה מיט-געבראַכט. דער קאָפּ איז איהר געוועזן קלענער, אָפּגעגאָלט. דאָס האָט איהר אַ שטאָך געטון אין דער ברוסט, ווי מיט אַ דין, שאַרף מעסער.

זי האָט זיך אַליין אַ צונג באַוויזען.

— מאַלפּע — האָט זי געזאָגט צום ווייבעל אין קליינעם שפּיגעלע.

אָבער באַלד האָט זי פאַררוקט דאָס שוואַרצע זיידענע טיכעל ביז די ברעמען, ביז די געדיכטע ברעמען, וואָס קומען זיך צונויף איבער דער דיגער באַוועגליכער נאָז. זי האָט עט-ליכע מינעס אויסגעשניטען און זי איז זיך געפעלען געוואָרען.

זי האָט נאָך נישט געוואוסט זיכער, וואָס אַזוינס זי וועט דאָ טון, וואָס עס וועט איהר נאָך אין קאָפּ איינפאַלען. אָבער געדענקט האָט זי, אַז זי האָט אַ סך ציהרונג, גאָר אַ סך. אויך קליידער האָט זי גענוג. זי האָט גענומען דאָס ציהרונג אין דער האַנט, עס געוואויגען, געקוקט דערין, געשפּיגעלט זיך דער-מיט, און די ברילליאַנטענע פייערלעך האָבען מיט אַ סך פרייד אין איהרע שוואַרצע אויגען געפינקעלט.

מיט אַזאַ אוצר — האָט איהר געלייכט אין מוח — קען מען שוין אַוועק אין אַ נאַכט, ווען עס וועט נעמען שטאַרק ציהען אַהין, צו ווייטקייטען, קיין בודאַפּעשט.

בלויז פון געדאַנק, וואָסער פּנים אַלע וועלען דאָ האָבען צומאָרגענס, ווען מען וועט געפינען אַ ליידיגע שטוב, בלויז פון פאָרשטעלען זיך דער מוהמע איידעלע׳ס דערשראָקען אויס-זעהען און דעם פעטערס שטאַמלען, האָט זי זיך הויך צולאַכט אין דער נאַקעטער גוט-אידישער שטוב. אַזש די דינסט, אַ דיקע פאַרזעסענע, גאָר פרעהליכע מויד, איז געקומען אריינצו-לויפען.

— אוי, כ׳האָב זיך אַזוי דערשראָקען, רביצין - האָט זי

געזאָגט, אונטערהאַלטענדיק זיך מיט די רויטע צושטאָכענע הענט די ווייכע גרויסע ברוסטען.

— פאַרוואָס? — האָט מלכה'לע געפרעגט.

— יענע רביצינ'ס, דער רביצין צו לענגערע יאָהר — האָט די מויד געזאָגט — האָבען קיינמאָל נישט געלאַכט. דאָ לאַכט מען דען אַמאָל?

איהר איז פון דער מוידס רייד שטאַרק אומעטיג געוואָרען, אין האַרץ איז געוואָרען קיהל און די שטוב האָט גענומען שטיקען. די פרעמדע ווייטקייטען זענען נעהנטער געוואָרען, גערופען.

אָבער מיט אַמאָל האָט זי אַ מענש דערזעהן אין הויף, אַ מענש, וועלכען זי האָט קיינמאָל נישט ערווארט דאָ צו באַגעגענען. און אין איין אויגענבליק האָט זי דערפיהלט, אַז איהר אָרט איז דאָ, נישט אין די פרעמדע ווייטען, נאָר אין דעם גרויסען אָפּגעשיילטען הויף, אַז אַלע איהרע בענקשאַפטען זענען גאָרנישט, אַז נאָר דאָ איז איהר פּלאַץ, גליק און באַשערטקייט.

נאָך אַלע כּיבודים, סעודות, נאָך אַלע פאַרבעטענישען, וואָס ווייבער און ווייבלעך, טעכטער און שנורען פון הויף, האָבען געמאַכט פאַר מלכה'לען דער נייער רביצין און זי מיט אַ סך איינגעמאַכטס, חניפה'לעך, שטעכווערטלעך און לעקעך מכבד געווען, איז זי צום לעצט איינגעלאַדען געוואָרען צו סערעלען, דעם רבינ'ס יונגסטער טאָכטער.

מעהר ווי אַלע, האָט סערעלע געזוכט מלכה'לעס פריינדשאַפט. זי האָט קיין שום אויסרעכענונגען נישט געהאַט, פון קיין פּאָליטיק נישט געוואוסט. צו יונג, תמ'עוואַטע און בלינד איבערגעגעבען צו איהר נחום'טשען איז זי געווען, זי זאָל זיך פאַרשטעהן אויף אַזעלכע זאַכען. אַ שווערע, אַ גוטמוטיגע, איז איהר יעדע שנאה און האַס געווען פרעמד, יעדע חניפה, קנאה און איבערגעשפּיצטקייט ווייט. זי האָט בלויז געוואָלט האָבען אַ חבר'טע, אַ ווייבעל אין די זעלבע יאָהרען, ווי יעדער יונג ווייבעל נאָך דער חתונה, וואָס האָט ליב דעם מאַן און קען

נישט קיין מענער-געזעלשאַפט, ווייל האָבען אַ נאָהענטע חבר'טע, אַ פריינדין, פאַר וועמען זיך אויסצורעדען, פריידען און ליידען אויסצודערצעהלען און סודות אָנטרויען.

זי האָט אַ סך כּיבוד אָנגעשטעלט, טערעלע, אַ סך קלאָ-שען מיט קלעבעדיגע האָניג-קיכלעך, איינגעמאַכטסען כּל'ערליי, ווישניקעס, זאַפטען און מאַנדלען. זי האָט נישט געוואוסט וואָס צו רעדען מיט מלכּה'לען, געשעהמט זיך, נישט געוואוסט ווי אַזוי זיך צו ווענדען צו איהר. זי איז געווען פאַר איהר אי אַ חבר'טע כּמעט אין די אייגענע יאָהרען, אי עפּעס העכערס, די פרוי פון איהר טאַטען, איהר שטיפמוטער. זי האָט נישט געקענט פועל'ען ביי זיך צו זיין מיט איהר אויף „דו" און אויך נישט געקענט זי „איהרצען". צוליב דעם האָט זי זיך נישט אויפגעהערט רויטלען, אָבער אַמאָל און ווידער אַמאָל גע-שפּילט זיך מיט דער פרעמדערס שנירלעך פּערל און גערעדט צו איהר אין דער דריטער פּערזאָן די זעלבע עטליכע אונזיגע רייד:

— אוי ווער מיר, מלכּה'לע פאַרזוכט גאָרנישט פון איינ-געמאַכטס... דער כּיבוד מוז אַודאי מלכּה'לען נישט שמעקען...

מלכּה'לען איז צוגעגעסען געוואָרען סיי דאָס נאַשען, סיי טערעלע'ס טולייען זיך צו איהר, סיי איהרע עטליכע ווערטער, וואָס זענען געווען פּונקט אַזוי נודנע און קלעביג, ווי די איינ-געמאַכטסען און די האָניג-קיכלעך.

זי האָט זיך געזעגענט און גענומען אַרויסגעהן. נאָר אין דער טיר האָט זי זיך מיט נחום'טשען, טערעלע'ס מאַן, באַ-געגענט. אין דער זעלבער רגע, ווי זי איז אַרויס, איז ער אַריין. ביידע האָבען זיך געוואָלט אויסמיידען, נאָר אָנשטאָט דעם זיך נאָך מעהר צוזאַמענגעשטויסען. די שבת-צו-נאַכטיגע שטוב ביי טערעלען איז בלויז מיט צוויי ליכט געווען באַלויכטען און מעהר אין שאָטען ווי אין ליכט געווען פאַרהילט.

אין אַ זיידען-געבלומטען שלאָפראָק, דורך וועלכען יעדער גליד פון זיין שלאַנקען קערפּער האָט אַרויסגעקוקט, אין אַן איבערגעלייגטען ווייכען ווייסען ראַכמאַניוקער קאָלנער אַרום

ווייכען וואַרעמען ברוינעם האַלז, איז ער געשטאַנען אין דער טיר אַ שלאַנקער, אַ חנ׳עוודיגער, אין שבת-צו-נאַכטיגען שאָטען געהילט. געגענאיבער איהם, אין אַ שוואַרץ לאַנג זיידען קלייד, אין אַ שוואַרץ זיידען טיכעל ביז די ברעמען, אַ שלאַנקע, אַ דינע, אַ ברוינהויטיגע, איז געשטאַנען מלכה׳לע. ביידע זענען זיי געבליבען צוטומעלט אַ ווײַלע, דערשראָקען, איינער דעם צווייטען האָט געוואָלט אויסמיידען, זאָגען עפּעס, נאָר ביידע האָבען זיי קיין וואָרט נישט געפונען. און מיטאַמאָל האָבען זיך ביידענם בליקען באַגעגענט. צוויי פּאָר אויגען, שוואַרצע, ברענענדיגע, באַגייסטערטע, האָבען אַ לייכט געטון איינס אין אַנדערען, אַ בריה געטון, אַ ווייע געגעבען מיט היימישקייט, גליק, און פאַרגליווערט געוואָרען, ווי היפּנאָטיזירט.

ראַטעווען האָט געקענט סערעלע. זי האָט נאָר געדאַרפט צוגעהן, אַ וואָרט זאָגען, דערצעהלען איהר מאַן, נחום׳טשען, אַז דאָס איז מלכה׳לע, די יונגע רביצין, און ביידע פון דער אומגעריכטער פאַרגליווערונג, פון וועלכער זיי האָבען קיין אויסוועג נישט געהאַט, אַרויסציהען. אָבער זי איז געבליבען ווי אַ געליימטע אויפ׳ן אָרט. זי האָט געקוקט אַזוי פאַרשטיינערט, געשטאַנען מיט אַזעלכע אַראָפּגעלאָזטע הענט, ווי אַן אָרעמע פרוי, וואָס האָט אַ גלעזערנע כלי אַראָפּגעלאָזט און זי באַטראַכט שטום די שאַרבענס ביי איהרע פיס. דער ערשטער האָט נחום׳טשע ערוואַכט. מיט אַ פלוצלינגדיגער באַוועגונג האָט ער זיך אַ לייג אַרויף געטון די שמאָלע אינגלערישע האַנט פאַר די אויגען, אָפּגערוקט זיך אָן אַ זייט און פאַרשעהמט אַ וואָרט אַרויסגעזאָגט.

— גוט-וואָך — האָט ער געזאָגט שטיל.

דאָס וואָרט האָט מלכה׳לען פון איהר פאַרגליווערונג אויפגעוועקט און אַ רויטקייט האָט באַגאָסען איהר געזיכט פון די געדיכטע ברעמען ביז דעם הויך-צוגעשפּילעטען קראַגען פון איהר שוואַרץ זיידען קלייד.

— מאַמע! — האָט זי גערופען אין באַגייסטערונג.

זי איז באַלד גיך געלאָפען אַהיים, ווי מען וואָלט זי געיאָגט, און באַפרייט זיך פון דעם ענגען צוגעשנורעוועטען

קלייד, פֿון אַלע פֿישביינער און דראָטען. איהר ברוסט איז געווען פֿול מיט גליק, מיט רחמנות און ליבע גלייכצייטיג צו דעם, וואָס זי האָט פּלוצלינג באַגעגענט. צוזאַמען מיט דעם פֿייער פֿון אַ מאַן, האָט ער אין איהר אַ מוטערליכע ליבע צו זיך אויפֿגעוועקט, ווי צו אַ קינד. זי האָט דערפֿיהלט אין זיך אַזאַ הייסען באַגעהר צו דעם אינגעל אין זיידענעם געבלומטען שלאָפֿראָק, ווי מיט עטליכע יאָהר צוריק ביי דער מוהמען אין שטוב צו פֿרעמדע קינדער, ווען מאַמעס פֿלעגען פֿון איהר ענטלויפֿען. איהר האָט זיך געוואָלט צערטלען, צו דער ברוסט צודריקען, מיט פֿינגער אין לאָקען קרייזלען, און אָפּפֿערען זיך, ס׳גאַנצע לעבען אָפּגעבען.

אַ געפֿיהל אַ נייער, אַ נאָך קיינמאָל נישט דורכגעפֿיהלטער, האָט איהר גאַנצען קערפּער, פֿון די האָר-וואָרצלען ביז די נעגעל פֿון די פֿיס-פֿינגער, אָנגעפֿיהלט: צו צוטוליען צו איהר ברוסט אַ קינד, זיינס אַ קינד, וואָס זאָל זיין פּונקט אַזוי חנ׳עוודיג און שעהן ווי ער, ווי יענער, וואָס זי האָט איהם געזעהען אַ פֿרעמדען און אַזאַ נאָהענטען צום ערשטען מאָל. דער געפֿיהל איז ביי איהר געווען אַזוי שטאַרק, אַזוי שמאַרציג, אַז זי האָט זיך אָפּגעדעקט די ברוסט, די יונגע האַרטע און צאַפּעלדיג-קליינע ברוסט, און זי מיטביידע הענט צאַרט אונטערגעהאַלטען, ווי זי וואָלט זויגען אַ נאָר-וואָס געבוירען קינד, וואָס קען נאָך אַליין די מאַמעס ברוסט נישט אָנכאַפּען.

און אויף זיין געלעגער ביי זיך אין שטוב איז געלעגען וואַך נחום׳טשע און געגליהט, ווי אין פֿיבער. אויפ׳ן הויף האָבען חסידים געזונגען שפּעט ביינאַכט צו דער מלוה-מלכה. עמיצער האָט געשעפּט וואַסער און דער פּלומפּ האָט געסקריפּעט אין דער נאַכט. אָבער נחום׳טשען האָט עס נישט אויפֿגערעגט ווי תמיד. ער האָט עס אַפֿילו נישט געהערט. ער האָט געזעהען זי, זי אין דער טיר. איהרע ברענענדיגע אויגען האָבען איהם געגליהט. און ער האָט אויסגעשטעקט אַ האַנט צו סערעל׳ן און פּלוצלינג זי גענומען צערטלען, צום ערשט זאַנפֿט, באַלד שטאַרקער און ווילדער.

קיינמאָל האָט נאָך סערע״ע אַזוי פיל ליבע פון איהר נחום׳טשען נישט געזעהען ווי אין דער דאָזיגער נאַכט. אין איהר גליק האָט זי נישט געהערט, ווי ער רופט זי מיט אַן אַנדער נאָמען.

— מלכּה׳לע — האָט ער זי גערופען היים.

## אַכט קאַפּיטעל

נחום׳טשע האָט זיך אַריינגעלאָזט אין קבלה. ער האָט געלערנט:

— סוד הזיווג תלוי בשלמות — דער סוד פון דער באַהעפטונג הענגט אָב פון דער פאָלקאָמענהייט, עס זאָלען זיך ממש באַהעפטען די מענלעכע און ווייבליכע כוחות, צו ווערען איין לייב. און דער מאַן, דער באַשערטער פון דער מטרניתא, וואַרט מיט לעכצענדיגע אויגען און מיט גרויסער בענקשאַפט צו דער צייט פון קומען פון דער שעהנער און גלוסטיגער, און ער פאַלט צו מיט פרייד צו איהר, און ער האַלזט זי און טוט איהר פאַרגעניגען אָן. און נאָך זיינע קושען, וואָס איז די באַהעפטונג פון די גייסטער, און נאָך דער אינערליכער באַהעפטונג, קומט די אויסערליכע באַהעפטונג — האַנט צו האַנט, מויל צו מויל, אויג צו אויג. און דער קוש פוןביידע פאַראייניגט זיך אין איין אָטעם. און די עלימתא-דשפירתא, די שעהנע יונגפרוי אָהן אויגען, וואָס אַלע אַנדערע געגען איהר זענען העסליך און שאָטענדיג, און אַלע מענליכע און ווייבליכע כוחות אַהמען נאָך די ליבשאַפט פון דער מטרניתא און באַהעפטען זיך און פאַראייניגען זיך...

קיין גמרא האָט ער נישט געקענט לערנען. זיין מלמד, ר׳ פתחיה זווילער, וואָס איז פאַרבליבן אין ניעשאַוועד הויף צו לערנען מיט איהם, האָט מיט איהם זיך אַוועקגעזעצט לערנען שווערע סוגיות, אָבער ער האָט קיין שום זאַך נישט אויפ-

גענומען. די אויגען זיינע האָבען אַפילו די אותיות נישט געזעהן. געזעהן האָבען זיי בלויז זי, מלכּה׳לען. ער האָט זי געזעהן אין די גרויסע בלעטער פון די ספרים, אין די אויסגעשניצטע לייבען איבער׳ן ארון-קודש, אין די סאַמעטענע מענטעלעך פון די ספר-תורה׳ס, אין פאַרגעהענדיגען רויט-פייערדיגען הימעל. אַפילו אין דעם גאָלד-אויסגעשטיקטען „יהוה” אויפ׳ן „שויתי” האָט ער זי געזעהן. די בלעטלעך פון די קבלה-ספרים זענען איהם נאָהענט געווען, גערעדט צו איהם.

ר׳ פתחיה, דער איד מיט דער שיטערער העלער באָרד, וואָס ווערט קיינמאָל נישט גרוי, האָט נחום׳טשען נישט דערקענט. ער איז כּסדר געווען פאַרטראַכט, פאַרקלערט, פאַרטוען ערגיץ. אין מיטן בעסטען לערנען, ביים סאַמע שווערסטען געדאַנק, ווען מען דאַרף שטאַרק צולייגען קאָפּ, האָט נחום׳טשע מיט אַמאָל אָנגעשטעלט זיינע אויגען, פאַרטראַכט זיך אויף אַ נאַרישקייט, אויף אַ זשומענדיגער פליג, אויף אַ קרומען זייל-זון, אויף אַ פאַרבייפליהענדיגען פויגעל, וואָס שלאָגט זיך אָן מיט אַ שפּיץ פליגעל אין בית-המדרש-פענסטער.

— נחום׳טשע — האָט ר׳ פתחיא געזאָגט שטיל — וואָס קוקסטו?

— גאָרנישט — האָט נחום׳טשע געענטפערט, ווי מען וואָלט איהם פון שלאָף אויפגעוועקט — פאַרטראַכט זיך.

ער האָט אָפּטמאָל נישט געוואוסט רעכט, וואו מען האַלט, ווי אַ חדר-אינגעל. ר׳ פתחיא האָט געליטען. אַ איד אַ מרה-שחורה׳ניק, אַ מוסר׳ניק, וואָס שטענדיג שטעהט איהם דאָס גיהנום פאַר די אויגען, האָט ער גוט געוואוסט, וואָסער גרויסע זינד עס איז אין איבעררייסען דאָס לערנען צוליב נאַרישקייטען, דאָס אויסבייטען די הייליגע תורה, וואָס איז אייביג, צוליב זאַכען, וואָס האָבען קיין ווערט נישט. ער האָט נישט איינמאָל דערצעהלט נחום׳טשען וועגען ווילנער גאון, וואָס האָט געהאַלטען ביים לערנען די פיס אין קאַלטען וואַסער, אַבי ער זאָל נישט פאַרשלאָפען ווערען, נישט פאַרטראַכטען זיך. אַנדערע צדיקים זענען געווען, וואָס האָבען זיך די אויגען אויסגעשטאָכען

אַפּי נישט לאָזען זיך פיהרען פון יצר-הרע, וואָס לאָקערט נאָר אויף דעם מענשענס אויג.

ער האָט זיך נישט געבייזערט, ר' פּתחיה. ער האָט געלעבט לויט די מוסר-ספרים, ער האָט געשטאַרקט זיך איבער אַלע מענטשלעכע טבע'ס, געוואוינהייטען. ער האָט געוואוסט, אַז כעס איז אַ מיאוסע מידה, אַז צערנען איז אַזוי גוט ווי דינען די עבודה-זרה. ער האָט אויך געוואוסט, אַז אַ כעסן טאָר קיין מלמד נישט זיין. פון אַלע יאָהרען זיינע, ווי נאָר ער איז אַ מלמד געוואָרען, האָט ער זיינע תלמידים, וויפל זיי האָבען איהם נישט געפּייניגט, קיין קרום וואָרט נישט געזאָגט. ער האָט זיי בלויז מוסר געלערנט. אויף נחום'טשען האָט ער קיינמאָל, אַפילו אין ראַכמאַניוווקער הויף, קיין הויך נישט געגעבען, נאָך דערצו איצט, ווען ער איז שוין אַ ניעשאַווער איידעם געווען. ער האָט בלויז פון צייט צו צייט גענומען פאַר איהם לייענען אַ בלעטעל מוסר.

נחום'טשען האָט זיין מלמד'ס מוסר ביזן מאַרך דורכגענומען. ער האָט געהאַט, ר' פּתחיה, אַ שטים, וואָס האָט געשמעקט מיט טרויער, מיט טויט. דורך זיינע בלאַסע דינע ליפען, וואָס קוקען אַרויס דורכזיכטיג דורך די פאַרבלאָזע העלע באָרד און וואָנסען, האָבען די ווערטער זיינע אַרויסגעגליטשט זיך, ווי פון אַ קבר אַרויס. זיין פּרק, וואָס ער פלעגט לערנען אין הייסע זומערדיגע שבתים נאָכן שלאָף, האָט מיט טרויער אָנגעפיהלט, מיט דער גאַנצער נישטיגקייט פון נאַרישען לעבען.

מיט דעם זעלבען ניגון האָט ער איצט אָפּט פאַר נחום'טשען שטיקער מוסר געלערנט. יעדעס מאָל, ווען נחום'טשע האָט זיך פאַרטראַכט, האָט ער גענומען מורמלען:

— רבּי חנינא בן חכינאי אומר, רבּי חנינא דער זוהן פון חכינאי זאָגט, אַז עמיצער כאַפּט זיך אויף ביינאַכט און אַז עמיצער געהט אַליין אין וועג און ער קעהרט אָפּ זיין האַרץ אויף ליידיקגעהן, איז ער זיך שולדיג אין זיין לעבען. רבּי יעקב אומר, רבּי יעקב האָט געזאָגט, אַז איינער געהט אין וועג און ער רייסט איבער זיין לערנען און ער זאָגט, ווי שעהן איז

דער בוים, ווי שעהן איז דער אַקער, שטעהט אויף איהם געשריבען, אַז ער איז שולדיג אין זיין לעבען.

נחום׳טשע האָט אַ ציטער געטון, זיך גענומען שאָקלען, כדי צו פאַרטרייבען יעדען געדאַנק, כדי אַריינצוטון זיך אין דער תורה. ער האָט פאַרלייגט די האַנד פאַר די אויגען, זיי זאָלען גאָרנישט נישט זעהן. אָבער וואָס מעהר ער האָט פאַרשטעלט, אַלץ ווייטער האָבען זיי געזעהן, געזעהן נאַרישקייטען, פוסטע זאַכען.

אויפ׳ן רבינ׳ס הויף זענען קיין בוימער נישט געווען. אָבער אַביסעל ווייטער, אויסגעלייגט ווי אויף דער האַנד-פלאַך, בלויז עטליכע טריט פון הויף, האָבען זיך געצויגען שוואַרצע צעאַקערטע פעלדער, אויף וועלכע מען זעהט כמעט שטענדיג אַ געבויגענעם פויער נאָכגעהן נאָך זיין פערדעל און אַקעראייזען. אַמאָל שטעלט זיך אַ בושעל אַוועק אויף איין דינעם רויטען פוס, שטעהט אַזוי שעה׳ן-לאַנג, ווי מען וואָלט איהם געדונגען דערצו, און קוקט. פונקט אַזוי ווי דער בושעל, אָהן ציעל, אָהן צוועק, האָט אויך נחום׳טשע געקענט אַזוי אָפזיצען שעה׳ן-לאַנג און קוקען אויף די טאָליגע פעלדער, אויף די פעקלעך וואַטע, וואָס ליגען אין הימעל און פרעגלען זיך אין דער זון.

פון אַ זייט, באַרג-אַרויף, האָבען זיך געשפרייט לאָנקעס, גרינע, פייכטע, אין וועלכע ס׳הערט נישט אויף זשומען, פייפען, גרילצען און קוואַקען. פרעש האַלטען אין איין ברומען. דאָס שטילע זשומען האָט איהם קיין רגע נישט אָפגעלאָזען, אין אַלע ביינער איהם אַריינגעקראָכען, געצויגען צו זיך, ווי ליכט ציהט די נאַכט-פליגעלעך. פונקט אַזוי האָבען איהם געצויגען די שטומע באַשעפענישען אויף די לאָנקעס, די געלאַטעטע קיה, צוגעבונדענע מיט דעם קאָפּ צום פאָדערשטען פוס, די גרויס-חערנערדיגע ביקעס, וואָס די פאַסטוכער הענגען זיי אָן אַ פלאָקען פאַר די פיס, זיי איינצוהאַלטען אין לויפען, די געפענטעטע פויערישע פערדלעך מיט די קורצע פיס און לאַנגע עקען, די ווייסע טרייסלענדיגע שעפסעלעך און די סטאַדעס גענז, וואָס לאָזען זיך איבערן טייכעל.

הונדערטער מאָל האָט ער אָפּגעמאַכט בײַ זיך, ער זאָל אויף די אַלע זאַכען נישט קוקען. וואָס איז דען דאָ צו קוקען דערויף? און וויפיל איז דער שיעור דאָס צו זעהן? אָבער ער האָט די אויגען נישט געקענט אָפּרייסען פון פענסטער. זיי זענען גאָרנישט מיך געוואָרען צו טינקען זיך אין גרינקייט פון די פעלדער, אין ווייסקייט פון די גענז, אין געלקייט פון די פעלד-בלומען. אַ גוואַלדיגע פרייד האָט איהם אַרומגענומען, אַן אומפאַרשטענדליכע פרייד. אין יעדער פלעק זון, וואָס לייגט זיך אַוועק אויף אַ פערדישען קאָפּ, אין יעדער וואַסערעל, וואָס זילבערט זיך אַרויס פון גרינקייט, אין יעדער וואַרימען קוהי־שען פלעק האָט ער פּלוצלינגדיג גליק דערזעהן. אַלץ האָט צו איהם גערעדט, סודות איינגערוימט, דערצצהלט וועגען איהר, וואָס זיצט דאָרט אין די שטובען, וועגען מלפּה׳לען. אין דעם פייפען פון די פּאַסטוכישע פלייטלעך, אין דעם קנאַלען פון זייערע בייטשען האָט ער איהר נאָמען געהערט.

אָפּטמאָל זענען די באַשעפעניש׳ען אויף די לאָנקעס אומרוהיג געוואָרען, ווילד. מעהרסטענס נאָך אַ לאַנגען רעגען, ווען די זון הויבט מיטאַמאָל שיינען שטאַרק פון איין אָרט צווישען וואָלקענס אַרויס און אַ שאַרפער פייל-און-בויגען שניידט אי־בער דעם ברייטען הימעל פון איין עק ביזן צווייטען. געפּענטעטע קליאַטשעס הירזשען דאַן מיט גרויס בענקשאַפט, רופען אַזוי לאַנג אין דער פייכטער אָנגעזאַפּטער לופט, ביז אַן אָגער אין אַ שטאַל, וואָס מען לאָזט איהם נישט אַרויס צוליב זיין זכר׳שען ווערט מיט די קליאַטשעס, רייסט אויף די פאַרשפאַרטע טיר אין שטאַל און לאָזט זיך אַרויס מיט אַזאַ ווילדקייט צו דער ערשטער געפּענטעטער קליאַטשע, אַז די פּאַסטוכער קענען איהם מיט קיינע בייטשען און שטעקענס נישט אָפּטרייבען.

יונגע ביקלעך, וואָס האָבען ביז איצט געשפּילט זיך בלויז אין לויפען מיט אַ פאַרריסען עקעל איבער דער לאָנקע פון איין געפלאָכטענעם פּלויט ביז אַ צווייטען, דערפיהלען מיטאַמאָל רייפקייט און זיי כאַפּען זיך צו זייערע אייגענע מוטערס, בײַ וועלכע זיי האָבען אין פריהלינג ערשט די מילך געזויגען. אַפילו

די שווערע נישט-געשווירענע צאַפּעס נעמען יאָגען די דערשראָקענע שעפּסעלעך און מעקען מיט פאַרבענקטע קולות.

נחום'טשע ווייסט, אַז ער דאַרף נישט קוקען אויף דעם אַלעם, אַז דערמיט פאַראומרייניגט מען די אויגען, דערפאַר דאַרף מען פאַסטען טעג דערנאָך. ער ווייסט, אַז ער איז שוין נישט קיין אינגעל, אַז ער איז אַ מאַן פון אַ ווייב. ער פאַרלייגט די הענט אויף די אויגען, אָבער דער דראַנג צום פייכטען צעפּאַרעטן פעלד, וואָס איז אָנגעגליהט, איז שטאַרקער פון זיין ווייכער האַנט. זיין בלוט צינדט זיך אָן, די אויגען ווערען ביי איהם גרעסער, דאָפּעלט ברייט און ווייטזיכטיג. ער זעהט ביזן רונדען פיאָלעטענעם גאַרטעל, וואָס נעמט אַרום דעם צע'שרפהטען הימעל.

ער זעהט אויך ווי די פאַסטוכער ווערען אַזוי אומרוהיג ווי די בהמות. זיי לאָזען די בהמות קריכען אין פרעמדע לאָנקעס, איבער געאַקערטע פעלדער, און אַליין הויבען זיי אָן יאָגען נאָך די פאַסטושקעס, דריקען זיי און וואַרפען זיי אין די קוסטעס. די שיקסעס ענטלויפען, וואַרפען פון זיך אַראָפּ די קליידער און וואַרפען זיך אין טייכעל אַריין שווימען מיט הילכיגע געשרייען און געלעכטערען. און איינע אַ פאַסטוכין, אַן עלטערע שיקסע, וואָס צוליב איהר נאַרישקייט פּאַשעט זי נאָך אַליין גענז, כאָטש זי וואָלט שוין לאַנג געמעגט חתונה האָבען, דעקט זיך גאָר אויף ביז'ן גאַרטעל און ווייזט איהר ווייס לייב דער אַרומיגער וועלט.

אַ גוואַלדיגע בענקשאַפט נעמט איהם אַרום, אַ באַגעהר, וואָס ציהט אָן זיינע אָדערען ווי שטריק. זי וואַקסט פאַר איהם אויס, מלכה'לע, אַזוי שאַרף, אַזוי קלאָר, ווי זי וואָלט איהם געשטאַנען פאַר די אויגען. ער האַלזט זי, קושט זי, שטרעקט אויס די הענט צו איהר, נאָר אַז זיי געפינען נישט קיין אָנהאַלט, קומט ער צו זיך און לויפט אַוועק פון פענסטער.

ער האָט געליטען, געפיהלט, אַז ער זינדיגט, אַז ער זינקט איינגאַנצען דאָ אין דעם הויף. ער האָט געוואוסט פון די ספרים, אַז זינדיגען אין געדאַנק, איז דאָס אייגענע ווי זינדיגען באמת.

צו האָט געוואוסט, אַז נישט נאָר פאַר זינדיגען, נאָר אַפילו פאַר באַגעהרען אַ פרעמד ווייב איז דער גיהנום צו קליין. נאָך דערצו פאַר באַגעהרען די פרוי פון אייגענעם שוועה, די שטיפמוטער פון זיין אייגען ווייב.

ער האָט גענומען לערנען מוסר־ספרים.

און שדים זענען פאַרהאַן — האָט ער געלערנט אויפ'ן קול — וואָס האָבען צו טויזענט אויגען פון אַלע זייטען און וואָס פאַרפייניגען דעם זינדיגען בלויז מיט קוקען אויף דעם מענש, און פייערען זענען דאָ, וואָס רופען זיך טויט און פינס־טערניש און קלאָג און אָפּגרונד און נאָך פיל, און דאָס קלענס־טע פייער בריהט זעכציג מאָל זעכציג שטאַרקער פון דעם קלענסטען פייער, און דאָס געשרעה פון די זינדיגע טוט נאָך מעהר וועה פון דעם ברענען, און די בושה איז גרויס, דען דער מענש האָט אַוועקגעגעבען פאַר איין מינוט נאַרישען פאַר־געניגען אַזוי פיל יסורים, און דאָס שפּאָטען פון די שדים איז זעהר שטאַרק און דער צער איז גרויס.

אַ גרויל האָט איהם אַרומגענומען. ער האָט זיך די איי־גענע הענט באַטראַכט, די דינע צאַרטע הענט, וואָס קענען קיין וועהטאָג נישט פאַרטראָגען, וואָס דער מינדסטער צופעליגער שטאָך, קלעם אין אַ פינגער ברענגט צו די גרעסטע שמערצען. ער האָט געזעהן ווי די ווייכע פינגער זיינע מוזען הייסע קוילען שאַרען, ווי זיי ווערען מיט אָנגעגליהטע שפּיזען אונטער די נעגעל געשטאָכען. דאָס בלוט איז איהם פאַרשטאַנען געוואָרען.

און עס איז געווען אַ מענש אַ גאָלדשמיעד—האָט ער געלערנט— וואָס האָט תמיד געהאַט צו טוען מיט פרויענצימער, דען ער האָט פאַר זיי צירונג געמאַכט, און ווייל ער איז נישט געווען אָב־געהיטען און ער האָט די ווייבער ביי די הענט גענומען און פערל אויף זייערע נאַקעטע העלזער אָנגעהאָנגען, און ווייל די ווייבער האָבען צו איהם געגליסט, דען ער איז אַ שעהנער מאַן געווען, האָט איהם לילית גענומען אין איהרע הענט, און זי איז געקומען צו איהם יעדעס מאָל, ווען ער האָט זי נאָר אין געדאַנק גערופען, און אַ נאַקעטע, אַ גלוסטיגע, האָט זי זיך

פאַר איהם געשטעלט, און אויף אַ גילדען בעט האָט זי איהר גלוסטיג לייב געלייגט, און מיט גלוסטיגע רייד איהם גערופען, און ער האָט מיט איהר געזינדיגט, און זי מטמא געווען. און נאָך זיין טויט, רחמנא ליצלן, זענען מיליאָנען שדים איהם נאָכגעלאָפען, און איהם טאַטע גערופען, דען ער האָט זיי געבוירען, און זיין בושה איז געווען נאָך ערגער, ווי דאָס פייער פון גיהנום, וואָס איז זעכציג מאָל שטאַרקער פון אונזער פייער, און זיין צער איז געווען גרויס.

ער האָט פאַרמאכט די אויגען, אויסגעמאָלט זיך דעם זינדיגען גאָלדשמיד, וואָס מי׳יאָנען שדים לויפען נאָך זיין לויה און רופען איהם טאַטע. אָבער געזעהן האָט ער גאָר זי, לילית, וואָס גייט אין זיידענס, טראָגט אַ שוואַרץ טיכעל אויפ׳ן קאָפּ ביז די אויגען. אויגען האָט זי שוואַרצע, זיי לייכטען. ער רופט זי און זי קומט צו איהם, אַ גלוסטיגע, אַ נאַקעטע, און אויף אַ גילדען בעט לייגט זי איהר גלוסטיג לייב און מיט גלוסטיגע רייד רופט זי איהם און ער זינדיגט מיט איהר און ער רופט זי מלכה׳לע, מלכה׳לע...

נאָך מעהר ווי אין די טעג, זענען די נעכט זיינע געווען אויסגעפיהלט מיט איהר, מיט דער פרעמדער, וואָס דער רבי האָט אַהער געבראַכט.

אין די חלומות זיינע איז זי נישט דאָס ווייב פון ניעשאַוועער רבי׳ן געווען, נאָר די טאָכטער זיינע, די כלה פון איהם, נחום׳טשען. אַ גרויסע חתונה ווערט געפּראַוועט, ער זיצט ביים טיש, זאָגט אַ פּשט׳על, דערנאָך פאַרדעקט ער איהר פנים מיט אַן אַטלעסען טיכעל. דאָס טיכעל פאַלט אַראָפּ און די ווייבער קרעכצען. דערנאָך זיצען זיי אין אַ באַזונדערער שטוב און עסען די גילדענע יויך פון איין שיסעלע, דערנאָך נעמען איהם צוויי זקנים אונטער די הענט און פיהרען איהם אַריין צו איהר אין שטוב און זיי פאַרהאַקען הינטער איהם די טיר. סערעלע ווידער איז די טאָכטער פון פעטער דעם שטאַמלער. אַ קראַנקע איז זי. זי שטאַרבט. דער ניעשאַוועער ווערט גאָר אַ קברן, ער גראָבט פאַר איהר אַ קבר מיט אַ גרויסער לאָפּאַטע. ער, נחום׳טשע,

באַוויינט זי. אָבער מלכה׳לע זיין ווייב ווישט איהם אויס די אויגען, פונקט ווי זיין מאַמע, ווען ער איז אַ קליין אינגעל געוועז, און זי זאָגט איהם, אַז אַ חתן טאָר נישט וויינען...

ער האָט גענומען פאַר יעדען מאָל שלאָפען-געהן זאָגען פאַרשידענע תפלות, וואָס היטען אָפּ פון בייזע חלומות, באַשווערען מלאכים, וואָס זענען געזעצט אָפּצוהיטען דעם שלאָף. אָבער די חלומות האָבען זיך איבערגעחזר׳ט, כמעט שטענדיג געוועזען די זעלבע. אויף צומאָרגענס האָט ער זיך געפיהלט שולדיג פאַר סערעלען, געשעהמט זיך פאַר איהר, ווי זי וואָלט ווי־סען זיינע נאַכטיגע זעהונגען.

ער האָט געפאַסט, געפייניגט זיך.

סערעלע האָט געליטען. זי האָט פאַר איהם די שענסטע פלעצעלעך מיט ציבעלעס אויסגעקליבען, די סאַמע אויסגעבאַקענסטע, מיט מאָן און קימעל באַשאָטען, ווי ער האָט ליב געהאַט. אָבער ער האָט נישט געוואָלט עסען.

— כ׳האָב אַ שלעכטען חלום געהאַט – האָט ער געזאָגט – איך וויל פאַסטען.

ער איז געוואָרען אויסגעדאַרט, די אויגען זענען ביי איהם דאָפּעלט גרויס געוואָרען, גרויס און ברענענדיג, אין ברוין-און-בלויע רעדער געראַמט. סערעלע האָט גענומען מורא האָבען פאַר איהר מאַן. זי האָט געוואָלט רעדען מיט איהם, אויספרעגען איהם, אָבער זי האָט קיין ווערטער נישט געהאַט, נישט געוואוסט ווי אַזוי צו רעדען מיט איהם. זי האָט געוואַגט טון אַ זאַך, פאַרוואָס זי האָט זיך אַליין דערשראָקען. זי האָט צו איהר שוויגער קיין ראַכמאַניוווקע וועגען נחום׳טשעס פאַסטען אָנגעשריבען. די מוטער זיינע האָט איהם אַ לאַנגען לשון־קודש בריף אָנגעשריבען, געבעטען איהם, ער זאָל זיך אָפּהיטען דאָס געזונט, נישט דערוועגען זיך פּייניגען. זי האָט איהם אויך געשריבען, ער זאָל אַהיימקומען קיין ראַכמאַניוווקע, כאָטש עס איז ערשט עטליכע חדשים נאָך דער חתונה.

— קינד־לעבען – האָט זי פאַרענדיגט אין אידיש, ווי אַלע מאָל, ווען זי האָט געוואָלט אויסגיסען איהר מאַמישע

צערטלעכקייט — קום צו דער מאַמען דיינער, מיר זאָל זיין פאַר דיין קלענסט ביינדעלע, פאַר דיין מינדעסט נעגעלע.

פאַסטען האָט ער טאַקי אויפגעהערט. וואָרים נאָך מעהר ווי אין די טעג פון עסען, האָט זיין קאָפּ, זיינע געדאַנקען, אין די טעג פון פאַסטען געאַרבעט, איהם די זינדיגסטע גע-שטאַלטען געוויזען. אָבער אַהיימגעפאָרען קיין ראַכמאַניווקע איז ער נישט. פונקט ווי פריהער איז איהם אַלץ אין ניעשאַווער הויף געווען מיאוס, האָט איהם אַלץ גערייצט, אַזוי איז איהם אַלץ דאָ געוואָרען איצט אייגען, נאָהענט, די אָפּגעריסענע ווענט, דער סקריפּענדער פּלומפּ, די שפּיציגע שטיינער, יעדער שויב פון אַ פענסטער, יעדער קליאַמקע פון אַ טיר. אַלץ איז געווען אַ טייל פון איהר. שעה'ן לאַנג האָט ער געקענט אָפּזיצען ביים פענסטער פון זיין לערען-שטיבעל אויפ'ן גאָרען און קוקען, קוקען אַזוי לאַנג, ביז זי וועט פאַרבייגעהן אַמאָל איבער'ן הויף. פונקט ווי פריהער איז ער קיינמאָל צום שווער זיינעם נישט אריינגעגאַנגען, נישט געוואָלט זעהן איהם, אַזוי האָט ער איצט אָפט געגומען אריינגעהן צו איהם, לייהען אַ ספר, שמועסען אין לערנען, אַבי צו זיין נעהנטער צו איהר, מלכה'לען, צו פיהלען, אַז היגטער דער וואַנט זיצט זי. דאָס אַליין האָט איהם אָנגעפיהלט מיט אַ ציטער.

זי איז שוין שטענדיג אריינגעקומען אין שטוב צום רבי'ן, מלכה'לע, ווען נחום'טשע איז געקומען. פלוצלינג פלעגט זי דעם רבי'ן שטאַרק טריי ווערען און איהם אַריינטראָגען אַ גלאָז מילך, זיך צו דערכאַפּען דאָס האַרץ, אָדער געבראַכט איהם די רפואות, וואָס ער דאַרף נעמען.

— פאַמעליך, פאַמעליך — האָט דער רבי געזאָגט צערט-ליך, אַליין נישט וויסענדיג, וואָס אַזוינס צו זאָגען — האָסט זיך אַליין מטריח געווען.

נחום'טשע האָט אויף איהר נישט געקוקט, מורא געהאַט די אויגען אויפצוהויבען. דאָס האַרץ האָט כמעט אויפגעהערט קלאַפּען ביי איהם. אָבער זי האָט אויף איהם יאָ געקוקט. ער האָט דאָס געפיהלט. און אַפילו אזוי נאָהענט איז זי געבען איהם

פאַרבייגעגאַנגען, אַז זי האָט איהם מיט אַ שלעפּ פון קלייד אין די קניהען באַריהרט, מיט אַ ווינט פון פלינקען דורכשוועבען איבער זיין צעהיצט פּניס אַ ווייהע געטון. טעג דערנאָך האָט דאָס אין זיין בלוט אַרומגעקרייזט, געבּרענט און אָנגעפיהלט דערביי מיט תּענוג.

אַמאָל האָט זי אַפּילו אין זיין האַנט זיך איינגעקלאַמערט, ביים רבּי'ן אין שטוב טאַקי. צופרידען דערפון, וואָס דער אייעם זיינער קומט צו איהם שמועסען אין לערנען, האָט דער גיצשאַווער געהייסען מלכּה'לען, זי זאָל כּיבּוד פאַר נחום'טשען שטעלען, וויין און האָניג־לעקעך. זי האָט דעם כּיבּוד צוגעטראָגען, נאָר זי האָט זיך אין איהר אויפרעגונג אין אייגענעם שלעפּ פון קלייד פאַרטשעפּעט און שיעור נישט געפאַלען. זי האָט פלינק די האַנט אויסגעשטרעקט, געוואָלט זיך אין דער שטוהל אָנכאַפּען, נאָר אָנגעכאַפּט האָט זי זיך אין זיין האַנט און אַזוי זיך איינגעקלאַמערט אין איהר, אַז זי האָט זיך אַ ווײַלע נישט געקענט פון איהר אָפּרייסען. פּונקט אַזוי פאַרשטיינערט איז נחום'טשע געשטאַנען און נישט געטון קיין זאַך, איהר אַרויסצוהעלפען. ערשט דער רבּי איז צו און אונגעשיקט זי ביי דער האַנט אָוועקגעפיהרט.

— אוי — האָט זי אַ זיפץ געטון, אַרויסלאָזענדיג די פלאַש וויין פון דער האַנט.

— אַ כּפּרה דער וויין — האָט דער רבּי געזאָגט — האָסט דיר גאָרנישט נישט געטון?

זי איז ענטלאָפען פון שטוב, ווי מען וואָלט זי געטריבען.

גאַנצע אַכט טעג צייט האָט ער זיך ביים שווער זיינעם נישם געוויזען. ער האָט זיך געריבען די האַנט, וואו זי האָט זיך מיט איהרע פינגער איינגעקלאַמערט, געוואַשען אַ סך מיט וואַסער, ווי ער וואָלט וועלען דאָס פייער פון דאָרט פאַרלעשען. אָבער אין דער שטיל, אין דער מיט לערנען, אין דער סאַמע מיט מוסר לערנען, האָט ער פלוצלינג געזעהן גלעטען צערטליך די אייגענע האַנט זיינע, ווי דאָס וואָלט אַ פרעמדע

האַנט געווען, און איינמאָל איר אַפילו אַ פאַרשעמטען "קוש געטון.

ער האָט ווידער גענומען געהן צום שווער אין שטוב, געדרעהט זיך איבער דעם הויף, אַבי בלויז פאַר דעם פענסטער פון איהר שטוב פאַרבייצוגעהן. ער האָט מקנא געווען די שווע-לען, וואָס פיהרען צו איהר שטוב, די ווייסע קאַץ, וואָס זיצט פאַר איהר טיר. ער האָט אויפגעהערט לערנען מיט דעם מלמד זיינעם, ער איז אומגעגאַנגען אַ פאַרטראַכטער, ער האָט נישט געהערט, וואָס מען רעדט צו איהם, ער האָט נישט געענטפערט אויף פראַגען, נישט געזעהן, וואָס עס טוט זיך פאַר די אויגען. איינמאָל האָט ער פאַרגעסען אויסצוגעהן שמונה-עשרה אַ צייט לאַנג. אידען האָבען אויף איהם געקוקט, געוואַרט, נאָר ער האָט נישט געפיהלט. ערשט ווען דער חזן האָט שוין מעהר נישט געקענט וואַרטען און גענומען זאָגען די הויכע שמונה-עשרה, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט פון זיין פאַרטראַכטקייט און אַ פאַר-שעהמטער געמאַכט דריי טריט הינטער זיך.

אַ צווייט מאָל האָט ער נישט געהערט, ווי דער שמש רופט איהם אויף צו דער ספר-תורה, אַזוי, אַז אידען אין בית-המדרש האָבען איהם גענומען רופען פון אַלע זייטען:

— ר' נחום, שלישי! —

ביים רבינ'ס טיש האָט ער נישט אָנגערופען זיך, ווען מען האָט איהם געטיילט ווייַן, שיריים. און ביים עסען אין שטוב איז ער גאָר געזעסען ווי אַן אָרימער ישיבה-בחור ביי אַ פרעמדען טיש. ער האָט פאַרגעסען צוצושיטען זיך זאַלץ, ער האָט געטרונקען טהע אָהן צוקער.

סערעלען האָט עפּעס געשראָקען, אָבער זי האָט זיך גע-שעמט רעדען מיט איהם. זי האָט מורא געהאַט, נישט געוואוסט ווי אַזוי אָנצוהויבען. זי האָט קיין ווערטער נישט געהאַט.

— אפשר רופען דעם דאָקטאָר? — האָט זי יעדער מאָל געפרעגט און יעדער מאָל געבליבען אָהן ענטפער.

אויך אין די נעכט איז ער נישט געווען צו איהר אַזוי,

ווי ער האָט עס געדאַרפט זיין, לויט די דינים פון די ספרים־לעך, וואָס זי האָט אויף אויסענווענינ געקענט.

זי האָט אין די טבילה־נעכט געזאָגט אַלע געבעטן, וואָס זענען נאָר דאָ, אַבי צו געפינען לייטזעליגקייט אין די אויגען פון איהר באַשערטען. זי האָט איהם מיט אַ סך שטומע אָנצו־הערענישען פון פרעמדע ווייבער געגעבען צו פאַרשטעהן, אַז ער מעג זיין נאָהענט מיט איהר. אָבער קיין שום זאַך איז צו זיינע אויגען נישט דערגאַנגען, האָט צו זיינע אויערען נישט אָנגעשלאָגען.

און אַמאָל, פלוצלינג, האָט ער גאָר גענומען זי צערטלען, קושען אַזוי הייס, ליידענשאַפטליך, אַז זי האָט מורא געקריגען פאַר איהם. זי איז פון שרעק פאַרשטאַרט געוואָרען און זי האָט גאָרנישט געוואוסט ווי אַזוי צו ענטפערען דערויף. אין איהרע ספרים׳לעך אין עברי־טייטש איז גאָרנישט געווען וועגען אַזעלכע משונה׳דיגע פיהרונגען. זי האָט געפיהלט, אַז זי דאַרף זיך מיט עמיצען איבעררעדען וועגען דעם, דורכשמועסען זיך, אַן עצה זיך האַלטען. אָבער זי האָט נישט געהאַט מיט וועמען. דער פאָטער איז געווען פרעמד, ווייט. קיין מוטער האָט זי נישט געהאָט. די שוועסטער זענען געווען פון אַנדערע מאַמעס, על־טערע אַ סך פון איהר, אָפגעזונדערטע.

און זי האָט זיך דעריבער אין מלכה׳לען אָנגעכאַפּט, פאַרטרויט זיך פאַר איהר, סודות דערצעהלט. מיט רויטע פאַרבען אין די באַקען האָט זי אויסדערצעהלט איהר צער, אומרוהיגקייט, אַלע נחום׳טשעס געוואוינהייטען, מאָדנע געננ און פיהרעכצען.

קיינער האָט זי נישט אַזוי אויסגעהערט, ווי זי, די דאָ־זיגע יונג שטיף־מאַמע איהרע, וואָס אַלע אין הויף האָבען זי פיינט געהאַט, געהאַלטען פאַר אַ מרשעת. יעדער וואָרט איהרס האָט זי געשלונגען.

— כ׳האָב דיך אַזוי ליב, סערעלע — האָט זי איהר הייס געפליסטערט, קושענדיג און האַלזענדיג — דערצעהל, קרוין, ווי פאַר אַ שוועסטער אַן אייגענע...

## ניינט קאַפּיטל

מלכּה׳לע די יונגע רבי׳צין האָט מעהר געוואוינט ביי סערעלע׳ן אין שטוב, ווי ביי זיך. זי פלעגט נאָר אַריינגעהן צו זיך אָפּעסען און נעכטיגען. דעם איבעריגען טאָג איז זי אָפּגעזעסען ביי איהר שטיף-טאָכטער.

ווי אַמאָל ביי דעם פעטער אין שטוב, האָט זי דאָ אויך אַלץ איבערגעדרעהט מיט׳ן קאָפּ אַראָפּ און פיס אַרויף. זי האָט איבערגעשטעלט דאָס מעבעל, פאַרפּוצט די פענסטער מיט פאָר-האַנגען, זי האָט אָנגעהאַנגען אַלערליי שמאָכטעס און שמאַטעס, איבערגעהאַנגען די קליידער, און אַלץ מיט אַזאַ ברען, מיט אַזאַ קאָכעניש, אַז סערעלע איז געבליבען שטעהן ווי אַ גולם אין איהר אייגענער שטוב.

— וועסט זעהן, סערעלע — האָט מלכּה׳לע גערעדט מיט ברען — אפילו לאַנדשאַפטען וועל איך דיר אויסנעהען און אויסהענגען אויף די ווענט. אַ שפּיגעל וועט מען אַריינשטעלען...

סערעלע האָט זיך דערשראָקען:

— מלכּה׳לע, וואָס רעדסטו? אין ניעשאָווע טאָר מען נישט אַזעלכענע זאַכען... דער טאַטע, זאָל לעבען, וועט זיך דערוויסען...

— זאָל ער זיך דערוויסען — איז מלכּה׳לע נישט נתפּעל געוואָרען — עס וועט זיין אַזוי שעהן...

אַז זי איז פאַרטיג געוואָרען מיט די שטובען, האָט זי

זיך גענומען סערעלען אַליין פּוצען און איבערמאַכען. זי האָט זיך געביטען מיט איהר די קליידער, איבערגעטון זיי, געפּוצט זיך און סערעלען, געמאַכט גרימאַסען, גענומען דעם שלעפּ אין דער האַנט אַריין, ווי עס טוען די דאַמען אין די דייטשע ראָמאַנען-ביכלעך, געפּאָכעט זיך מיט אַ פּעכער און גאָר געכאַפּט סערעלען פּאַר דער דיקער טאַליע און גענומען מיט איהר זיך דרעהען אין אַ קאַדריל. זי האָט נישט מיטגעהאָלפען, סערעלע. קיין אַנדער טאַנץ, ווי אַ מצוה-טענצעל ביי אַ רויטער קעשענע-פּאַטשיילע, האָט זי נישט געקענט. מלכה'לע האָט געשוועבט אין די לופטען, געדרעהט זיך מיט ווילדער גיכקייט, און אַז סערעלע'ן האָט זיך דער קאָפּ פּאַרדרעהט און זי איז געפּאַלען, איז איהר, מלכה'לען, אַזאַ געלעכטער באַפּאַלען, אַז מען האָט איהרע קולות געהערט איבער'ן גאַנצען הויף.

סערעלע האָט זיך אין ביידע אָנגעבלאָזענע באַקען, ווי אַן אַלטע אידענע, געקנייפּט.

— מלכה'לע, מען טאָר נישט אַזוי לאַכען... נחום'טשע וועט נאָך דערהערען...

— ס'וועט איהם גאָרנישט שאַדען — האָט מלכה'לע געענטפערט און נאָך שטאַרקער געלאַכט.

זי האָט סערעלע'ן אַראָפּגעריסען דעם אַטלאַסענעם טשיפּיק מיט אַלע קאַרשען און בלומען פון קאָפּ און איהר אַ זיידען טיכעל אָנגעטון, מיט שלייפען פּאַרפּוצט און מיט שפּילקעס פּאַרטשעפּעט. סערעלע האָט מיט אומרוהיגקייט געקוקט אויף מלכה'לעס משוגעת'ן, וואָס פּאַסען גאָרנישט פּאַר'ן ניעשאַווער הויף, אָבער זי איז געווען נישט דרייסט זיך געגענצושטעלען. זי האָט נישט געוואַגט זאָגען אַ וואָרט געגען דער געשיקטער מלכה'לע. זי האָט זיך בלויז צוגעהאַלטען מיט ביידע הענט דעם געגאָלטען קאָפּ דורך דער צייט, ווען זי איז אין בלויזען קאָפּ געבליבען, ווי אַ פרומער איד, וואָס פּאַרלירט די יאַרמעלקע.

— וואָס האָלטסטו דיר צו דעם קאָפּ? — האָט מלכה'לע געלאַכט.

— אַ אידישע טאָכטער — האָט סערעלע געלערענט מיט אַ ניגון — טאָר נישט באַווייזען דעם בלויזען קאָפּ אפילו פאַר די ווענט.

מלכּה׳לע האָט אויף צו־להכעיס זי געלאָזט שטעהן אַזוי און זי האָט געקאַטשעט זיך פון געלעכטער פון איהרע טרעפּ.

— ווי אַן אָפּגעשוירענער שעפּס זעהסטו אויס — האָט זי זיך מיט איהר געריייצט — מעעע!

זי האָט אַלץ געטון, אַבי די סערעלע צו דערצערענען, בייז מאַכען. קריגען זיך האָט סערעלע נישט געקענט, רעדען אויך נישט. בלויז וויינען האָט זי געקענט, וויינען שווער, נאַריש. דעמאָלט פלעגט מלכּה׳לע צו איר צופאַלען, נעמען זי קושען, דריקען, שיער נישט אויפעסען, און אַרומטאַנצען אַרום איהר. זי האָט איהר אַרומגענומען דעם שטערען מיט זיידענע בענדער, אָנגעמאָסטען איהר אַלע חתונה־קליידער, דאָס צירונג אָנגעהאַנגען און זיך באַגייסטערט:

— סערעלע, ווי אַ פּרינצעסין ועסטו ביי מיר א יסזעהן. נחום׳טשע וועט דיך נישט דערקענען.

— ער קוקט נישט אויף מיר — האָט סערעלע געזאָגט — ער איז פאַרטון שטענדיג אין לערנען.

— ער וועט שוין קוקען, ועסט זעהן — האָט מלכּהלע געענטפערט מיט אַ געלעכטער — טו נאָר, וואָס איך וועל דיך הייסען...

זי האָט גענומען איינפיהרען נייע געוואוינהייטען. זי האָט געהייסען סערעלען, נישט אַריינטראָגען איהר מאַן די טהע צו איהם אין לערען־שטיבעל אויפ׳ן גאָרן, נאָר ביי זיך אין שטוב. סערעלע האָט מורא געהאַט. נאָר מלכּה׳לע האָט איהר באַפוילען.

— ביסט אַ נאַרעלע — האָט זי איהר געזאָגט — ביי זיי אין ראַכמאַניווקע פיהרט מען זיך נישט אַזוי צלאַפּיש, ווי אין ניעשאַווע. ביי זיי רעדט מען מיט ווייבער. אַז דו ווילסט, נחום׳טשע זאָל דיך ליב האָבען, דאַרפסטו זיך פיהרען מיט איהם ווי ביי זיי אין דערהיים. פאָלג מיך!

דאָס האָט געווירקט. נחום׳טשע האָט זיך נישט געגעגנגע־שטעלט. מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגען איז ער אַרייַנגעקומען, גע־זאָגט גאָט־העלף, און זיך ביים טיש אַוועקגעזעצט. און מלכּה־לע האָט זיך אויך צוגעזעצט צום טיש, טאַקי לעבען סערעלען. זי האָט זיך מיט איהר אין איין זיידען טיכעל איינגעהילט, און נחום׳טשען מיט די אויגען געגעסען.

— אָט דאָ שטעהט איינגעמאַכטס — האָט זי געזאָגט און איהם אונטערגערוקט טעצעלעך, ווי אַ באַלעבאָסטע — און מאָן־קיכעלעך זענען דאָ...

נחום׳טשע האָט געשוויגען. אין ניעשאַווע האָט מען מיט קיין ווייבער נישט גערעדט, נישט געזעסען ביי איין טיש. אָבער מלכּה׳לע האָט שוין אויסגעזוכט אַלערליי וועגען, ווי אַזוי אַרייַנ־צוציהען אין אַ שמועס. געבוירען און ערצויגען אין רבי׳שע הויפען, האָט זי גוט געקענט אַלע שידוכים, קרובה׳שאַפט און יחוס פון די רבי׳שע גאַליצישע און רוסישע הויפען, וואָס זע־נען צווישען זיך געקניפּט און געבונדען, און זי האָט דורכאויס געוואָלט דערגעהן די קרובה׳שאַפט צווישען זיך און דעם ראַכ־מאַניווקער הויף.

— אויב דער ריזשינער האָט זיך משדך געווען מיט דעם קאַרלינער — האָט זי געזאָגט מיט גוט־אידישער געניטשאַפט — קומט אויס, אַז איך מיט נחום׳טשען זענען קרובים פון דער מאַמעס צד...

סערעלע האָט געפלאַמט אינגאַנצען. זי האָט געקוקט אויף מלכּה׳לען ווי אויף אַ וואונדער. דאָס, וואָס זי, אַן אייגען ווייב, וואָלט בשום־אופן נישט געוואַגט צו רעדען, רעדט זי, אַ פרעמ־דע, אַזוי גלייך און אָהן בושה. אפילו ביים נאָמען רופט זי איהם — נחום׳טשע, דאָס, וואָס זי האָט נאָך ביז היינט נישט אַרויסגעזאָגט. און נאָך גרעסער איז דער וואונדער, וואָס ער, דער מאַן איהרער, ענטפערט איהר. אמת, ער האַלט אַראָפּגע־לאָזט די אויגען, ער ענטפערט האַלבע ווערטער, שטילע, אָבער ער ענטפערט.

פון דעמאָלט אָן איז יעדען טאָג געשטעלט געוואָרען טהע,

און זי, מלכּה׳לע, איז געוואָרען דאָ אין שטוב די באַלעבאָסטע. זי האָט אַזוי מיט אַלץ געשאַפט, סערעלען מיט שליחות׳ן געשיקט, גלייך די שטוב וואָלט געווען איהרע און סערעלע איהר דינסט.

זי האָט אפילו אַזוי געמאַכט, אַז תּמיד איז איהר אויסגעקומען צו בלייבען אויף אַ ווײַלע אין שטוב אַליין מיט נחום׳טשען. זי האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אי פון פעטערס שטוב, אי פון רבּי׳נס הויף, אַז אַ איד טאָר נישט בלייבען אַליין מיט קיין פרוי, נאָך דערצו מיט אַ ווײַב פון אַ מאַן. אָבער דוקא דערפאַר האָט זי אַלץ געטון, אַבּי צו בלייבען אַליין מיט נחום׳טשען און קוועלען פון גליק, ווען ער קאָרטשעט זיך אין בושה און אין פּיין.

זי האָט שוין שטענדיק געפונען אַ מיטעל ווי אַזוי אַרויסצושיקען סערעלען פון שטוב. דאָ האָט אויסגעפעהלט מאַלינעזאַפט, דאָ האָט מען געדאַרפט ברענגען האָניג-לעקעך, וואָס שטעהט פאַרשלאָסען אין אַן אַלמער אין הויז. דאָ איז מלכּה׳לען פּלוצלונג קאַלט געוואָרען, און מיט אַלע זיסקייטען, וואָס זי האָט נאָר געקענט אַרויסבּרענגען, האָט זי זיך צוגעטוליעט צו סערעלען און איהר געבעטען:

— סערעלע קרוין, וועסט מיר אויסזוכען אַ טיכעל.

סערעלע האָט געוואוסט פון די ספרים׳לעך, אַז מען טאָר נישט אַרויסגעהן פון שטוב אין אַזאַ פאַל, אַז ס׳איז נישט גלייך, אַז איהר נחום׳טשע קען דערפאַר פאַראיבּעל האָבּען, וואָס מען האָט איהם געלאָזט זיצען אַליין, האָבּען יחוד מיט אַן אשת-איש. אָבער זי האָט זיך נישט געקענט געגענשטעלען. זי האָט בכלל נישט געקענט זאָגען אַנדערש, ווי עמיצער זאָגט, נאָך דערצו געגען מלכּה׳לען, דער גרויסשטעטישער, דער קלוגער, און נאָך אין געגענוואַרט פון איהר מאַן. זי האָט גאָרנישט נישט געקענט רעדען. אַ שטומע, אַ פאַרלוירענע, איז זי געגאַנגען מיט שווערע טריט אַרויס אין דער אַנדערער שטוב, אָדער אין הויז אַרויס, וואו די אַלמערס שטעהען, און געפאָלגט, וואָס מען האָט איהר געהייסען.

גיך, געשיקט, האָט זי זיך צוגערוקט, מלכּה׳לע, צו נחום׳טשען, זי האָט איהם אַריינגעשיט צוקער אין דער טהע, צוגעטראָגען די טעצעלעך, און אַזוי זיך אַרומגעדרעהט אַרום איהם, אַז זי האָט איהם באַריהרט זיין פּנים מיט אַ ווייכען סאַמעטענעם גלעט פון אַן אַרבעל, צוגעשפּאַרט איהם מיט אַ פוס צו דער קניה, אָנגעשטויסען לייכט מיט איהר האַנט אין זייגער.

— עס ווערט קאַלט די טהע, נחום׳טשע — האָט זי געפליסטערט, אויסזיגגענדיג זיין נאָמען מיט אַזויפיל ליבשאַפט און וואַרעמקייט, אַז איהם איז אַלץ געפאַלען פון די הענט.

אַמאָל האָט ער אפילו דאָס גלאָז איבערגעקעהרט. זי האָט גענומען מאַכען אָרדנונג אויפ׳ן טיש און פאַרביי זייגע אויערען געשעפּטשעט זיין נאָמען. זי האָט זיך געשפּילט מיט זיין פאַרלוירענקייט, ספּעציעל געוואַרט לעבען איהם, כאָטש עס האָבען זיך שוין געהערט די שאַרענדע שווערע טריט פון סערעלעס לויזע שיך. ערשט צו דער לעצטער מינוט האָט זי אַזאַ פלינקען קעצישען שפּרונג געטון, אַז סערעלע האָט זי געטראָפען זיצען פּונקט אַזוי אויף דעם זעלבען אָרט, ווי בעת זי איז אַרויס אויף אַ ווײלע.

— סערעלע — האָט זי געזאָגט — דיין מאַן האָט איבערגעקעהרט דאָס גלאָז. וועסט איהם געבען אַנדערע טהע.

דאָס שפּילען זיך מיט נחום׳טשען און מיט דער שווערער גוטמוטיגער סערעלע האָט איהר אַזוי פיל פרייד פאַרשאַפט, אַזוי פיל לוסט, אַז זי האָט מיט יעדען טאָג מעהר, אין טערעלעס געגענוואַרט, די געשיקטסטע און דין־ראַפינירטסטע באַציהונגען מיט דעם ברוין־הויטיגען געשניצטען יונגערמאַנטשיקעל אָנגעקניפּט. מיט טויזענדער געהיימע וועגען, וואָס ווייבער האָבען אין זייער רשות אַרויסצוווייזען צערטליכקייטען און פאַרליבטקייט צו דעם, וואָס זיי באַגעהרען, האָט זי זיך באַנוצט אין א הרע אָפּטע וויזיטען ביי סערעלען אין שטוב, מיט שטומע צערטליכקייטען, אָנצוהערענישען, וואָס זענען פאַר דער פאַרשלאָפענער סערעלען געבליבען אומבאַמערקט, וואָס האָבען בלויז געפיהרט צו איהם, דעם עמפּפינדליכען מאַן איהרען.

די וויזיטען זענען איהר געוואָרען וועניג, און אין איהר דרייסטקייט און לוסט צו ריזיקירען, איז זי ווייטער געגאַנגען און געזוכט זיך צו טרעפען מיט איהם אויג אויף אויג, אוי־סערען הויז. זי האָט שטענדיג געהאַ־טען אויפ׳ן אויג זיין לע־רען־שטיבעל אויפ׳ן גאָרען. זי האָט זיך אויסגעזוכט פאַרשידענע וועגען און געגאַנגען פאַרביי זיין פענסטער, אַבי צו זעהן, ווי יע־דער מאָל גיבען זיך די פאָרהענגלעך פון זיין פענסטער אַ רוק פאַנאַנדער און אַ פּאָר שוואַרצע אויגען גיבען אַ בריה פון הינטער דער שויב. זי האָט געוואוסט, ווען ער געהט אַוועק און ווען ער קומט צוריק. זי האָט געוואוסט, אַז ער געהט יעדען טאָג אַרויס צו די פעלדער, שפּאַצירט אַרום לאַנג איבער די וועגען, איבער די בערגלעך, פאַרביי דעם וואַסער. און זי האָט אויך גענומען מאַכען די זעלבע שפּאַצירען פון אַ צווייטער זייט, אַזוי, אַז זי זאָל איהם טרעפען אין וועג.

— נחום׳טשע — האָט זי איהם געפליסטערט, פאַרביי־געהענדיג.

ער איז מיט גיכע טריט אַוועקגעלאָפען אַהיים. ער האָט אָפּגעמאַכט ביי זיך, ער זאָל מעהר דאָ נישט געהן, אָדער ער זאָל זיין מלמד ר׳ פתחיה מיטנעמען און שמועסען מיט איהם אין לערנען. אָבער צומאָרגענס איז ער ווידער געגאַנגען אַליין אין דער זעלבער שעה, אויפ׳ן זעלבען אָרט, אַבי צו דערהערען דאָס דאָזיגע פליסטערנדע וואָרט. ביז עס איז געקומען צו דעם, אַז ער האָט אויפגעהערט אַרויסגעהן פון הויף.

אין אַ שפּעטען אלול־טאָג, ווען עס איז נאָך געווען זעהר הייס, ווי אין תמוז, איז ער אַרויס הינטער דעם שטעטעל, נחום׳טשע. אויף די וועגען האָבען זיך ווייסע פעדעם געצויגען אין דער לופט, די ערשטע סימנים פון סוף־זומער, און בושעלס האָבען זיך געטראָגען פון דאָרפישען דאַך צו דאַך. אין די סע־דער האָבען די צייטיגע עפּעל און באַרען געררויטעלט זיך פון גרינקייט אַרויס. אויף די פעלדער האָבען פויערען געשניטען היי און אויסגעלייגט סטאָגעס. די לופט האָט געשמעקט, און נחום׳טשע איז געגאַנגען אַלץ ווייטער און ווייטער, ביז ער איז

אַרויס אין וואַלד אַריין, וואָס פיהרט אַוועק ווייט ערגיץ ביז אין די בערג אַריין. ער האָט זיך צוגעקוקט צו די מוראשקעס-נעסטען, וואָס הויבען זיך אונטער די בוימער, ער האָט פאַר-ריסען דעם קאָפּ צו די פּיקהאָלצען, וואָס קלאַפּען מיט די שנאָבלען אין די שטאַמען פון די בוימער, און ער האָט אויך נאָכגעקוקט די רויטע און שוואַרצע וועווריקעס, וואָס שפּרינגען איבערגעשראָקענע פון בוים צו בוים. ווי מיטאַמאָל האָט אַ ווינד גענומען דרעהען מיט די נאָדלען פון די סאָסנעס און באַלד דערנאָך האָט אַ שלאַקס-רעגען זיך אַראָפּגעלאָזט, אַ רעגען אַ שטאַרקער, אַ שטורמדיגער, באַגלייט מיט דונערען און בליצען, מיט שווערע דונערען און בליצען, ווי נאָר עס טרעפען אַזעלכע אין די לעצטע הייסע טעג פון אַ שפּעטען זומער.

נחום׳טשע האָט זיך באַהאַלטען אין אַ בוים, אין אַן אַל-טען פאַרטריקענטען בוים, וואָס די צייט און די דונערען האָבען פון איהם דאָס אינגעווייד אויסגעריסען. ער האָט זיך אַריינגע-טוליעט אין זיין אויסגעהוילטקייט אַריין. ער האָט געוואַשען די הענט אין רעגען און אַ ברכה איבער דעם דונער געמאַכט. פּלוצלינג איז מלכה׳לע אויסגעוואַקסען לעבען בוים אַ נאַסע, אַ דערשראָקענע, און זי האָט זיך אין הוילקייט פון בוים אַריינ-געשאַרט, האַרט צו איהם זיך צוגערוקט.

— נחום׳טשע — האָט זי געזאָגט, האַלטענדיג זיך די האַנט ביים האַרץ און אָפּשאָקלענדיג זיך פון נאַסקייט — אַ שלאַקס-רעגען האָט מיך געטראָפען... כ׳האָב אַזוי מורא.

ער האָט זי נישט געפרעגט פון וואַנען זי קומט דאָ, ווי אַזוי זי קומט דאָ. ער האָט בלויז געפיהלט, ווי דאָס בלוט פון זיין קערפּער לויפט אין איהם אַרום, לויפט פון די האָר-וואָרצ-לען ביז די טריט פון די פיס.

אַ ווייל׳ע זענען זיי געשטאַנען שווייגענדיג. זיי האָבען געקוקט אויף די שנירען רעגען, וואָס גיסען פון הימעל, אויף די ריטשקעלער און וואַסערלעך, וואָס יאָגען אויף דער ערד מיט אַ געפּולדער, און זיי האָבען געשוויגען. נאָר באַלד האָט ווידער

אָנגעהויבען דונערען, און ביי יעדען דונער האָט מלכּה׳לע אויפּס־
ניי זיך אָנגעכאַפּט אין נחום׳טשעס האַנט.

— כ׳האָב מורא — האָט זי געזאָגט.

נחום׳טשע האָט אויסגערעדט עטליכע ווערטער.

— מען דאַרף נישט מורא האָבען — האָט ער געזאָגט — מען דאַרף זיך וואַשען די הענט און מאַכען אַ ברכה.

זי האָט איהם געפאָלגט. זי האָט אויסגעשטרעקט די הענט צום רעגען, געשפּילט זיך מיט׳ן פליסענדיגען וואַסער, וואָס פאַלט מיט אַ רעש אויף איהרע הייסע הענט, און זי האָט זיך גענו־מען דערמאָנען, וואָסער ברכה מען מאַכט איבער אַ דונער. נאָר אין דער רגע האָט אַ בליץ געשפּאָלטען די וועלט אויף צוויי העלפטען און אַ צייט אַלץ אַרום באַדעקט מיט אַ גוואַל־דיגער ליכט. באַלד דערנאָך איז געקומען אַ דונער, אַ שטאַר־קער, לאַנגדויערנדיגער דונער, וואָס ברעכט זיך אין דער מיט, כּדי אויסצוקנאַלען באַלד נאָך הילכיגער און פאָרכטיגער, אַרויס־רופענדיג אָהן אַ שיעור ווידער־קולות אין דער שווערער לופט. און מלכּה׳לע האָט זיך איינגעקלאַמערט אין נחום׳טשעס האַלז, געדריקט זיך ווי אַ קינד אין גרויס שרעק צו דער מוטער.

— גאָט אין הימעל — האָט זי געמורמעלט — מאַ־מע!

ער האָט זיך אַרויסגעריסען. אַ צווייטער בליץ האָט גע־טון, אַ בליץ, וואָס האָט ווי אַ ריזיגע פייערדיגע רוט אויסגע־זעהן, גאָטס רוט, וואָס שמייסט זינדיגע און רשעים. אַ ציטער־ניש איז איהם באַפאַלען אין דעם אויסגעפּוילטען בוים, אין דעם שטורמישען אלול־טאָג, נעבען איהר, דעם ווייב פון זיין שווער. ער האָט נישט געקוקט אויף דעם רעגען, אויף די בלי־צען און ער איז געלאָפען. זי האָט איהם נאָכגעשריגען, געבעטען:

— נחום׳טשע, עס דונערט! כ׳האָב מורא.

אין רעגען איז זי איהם נאָכגעלאָפען. נאָר ער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט, געיאָגט אַהיים.

אַז ער איז אַ נאַסער, אַ דורכגעווייקטער, אַ דערשראָקע־נער געקומען אין הויף אַריין, האָבען שוין אידען געדאַוועט מנחה און געזאָגט דאָס קאַפּיטעל תהילים פון ראש־חודש אלול.

ביינאַכט האָט ער געגליהט פון היץ. סערעלע האָט צו איהם דעם דאָקטאָר געבראַכט.

אַז ער איז געזונד געוואָרען, איז ער נאָך מעהר שוויי־גענדיקער געוואָרען, ער איז גאָר איינגאַנצען פון זיין שטיבעל אויפ'ן גאָרען נישט אַרויס. מלכּה'לע איז, ווי שטענדיג, געקומען צו סערעלען, געוואַרט, געוואָלט איהם זעהן בלויז, נאָר ער האָט זיך נישט געוויזען. ער האָט נישט געוואָלט אַריינגעהן טרינקען טהע ווי פריהער, ער האָט אויסגעמיטען די אייגענע שטוב. מלכּה'לע האָט טאָג־טעגליך זיך געלאָזט שפּאַצירען, געגאַנגען אַוועק ביזן וואַלד. זי האָט דעם זעלבען אויסגעהוילטען בוים אויסגעזוכט, באַהאַלטען זיך דאָרט און געוואַרט, געוואַרט, כאָטש זי האָט געוואוסט, אַז ער וועט נישט קומען.

פאַר דער גאַנצער צייט פון די ימים־נוראים האָט ער זיך קיין איין איינציג מאָל נישט געוויזען, קיין איין מאָל אפילו צום שווער זיינעם נישט אַריינגעקומען.

בלויז צו סערעלען איז ער געוואָרען נאָהענטער, אייגע־נער. גערעדט האָט ער מיט איהר נישט, אָבער געפיהרט האָט ער זיך מיט איהר, ווי זי האָט עס געוואוסט פון די ספרים׳־לעך, ווי אַ מאַן דאַרף זיך פיהרען. מיט רויטע פאַרבען אין די אָנגעבלאָזענע באַקען האָט זי דערצעהלט דערפון מלכּה'לען.

— ר'איז גאָר אַן אַנדערער געוואָרען — האָט זי געזאָגט — פון דער קראַנקהייט אָן.

מלכּה'לע האָט נישט אָפּגעלאָזט. זי האָט אַלץ גערדרעהט זיך פאַר זיינע פענסטער, געקומען צו סערעלען אין שטוב. זי האָט נאָר געוואַרט, דער פאָרכטיגער חודש אלול זאָל אַריבער, אַלע יום־טובים, און דעמאָלט וועט ער צוריק ווערען דער אייגענער. זי איז געווען זיכער אין דעם. מיט טויזענדער געדאַנקען אין די נעכט איז זי געווען פול, מיט געדאַנקען, ווי אַזוי צו דערנעהנטערען זיך צו איהם, צו דעם, צוליב וועמען איהר זיצען דאָ אין ניעשאַווער הויף האָט אַ זין.

אָבער פון ראַכמאַניווקער הויף איז פלוצלינג אַ ספּעציעלער

שליח געקומען נאָך נחום׳טשען, איהם אַהיימצופיהרען צו די עלטערען.

זיי האָבען זיך שוין נישט געקענט דערוואַרטען אין דער היים אויף נחום׳טשען. אויף אַלע בריף פון די עלטערען, ער זאָל אַהיימקומען, האָט ער אַן אויסמיידענדען ענטפער געגעבען. און די ראַכמאַניווקער רביצין האָט אַריינגערופען צו זיך מאָטיע גדול דעם גבאי, זי האָט איהם געגעבען געלד אויף אַן אויסלענדישען פּאַס, אויף הוצאות, און זי האָט איהם אָנגעזאָגט, ער זאָל אָהן נחום׳טשטן נישט קומען גאָר אין הויף אַריין.

מאָטיע גדול איז געפאָהרען מיט גרויס חשק. זיין שנאה צו די גאַליצישע גוטע-אידען איז געוואָרען אַלע מאָל שטאַרקער. ער איז ביי זיך געווען געגען דעם שידוך, כאָטש ער האָט וועגען דעם נישט גערעדט. ער האָט נאָך אויך גוט געדענקט דעם אָפּשניט, וואָס ער האָט געכאַפּט אויף דער חתונה פון ניעשאַווער׳ס גבאי, און ער האָט געוואָלט נחום׳טשען דעם רבינ׳ס אַרויסנעמען וואָס גיכער פון די קירה׳שע שרייערס, די פּראַ-אדמ׳ס. ער איז גלייך אַראָפּגעקומען אין הויף אַריין קיין ניע-שאַווע מיט אַ כעס, אַ ברוגז, און ער האָט גענומען יאָגען נחום׳טשען, ווי עס וואָלט געברענט.

— אַזוי, אַזוי — האָט ער גע׳מוסר׳ט דעם רבינ׳ס זוהן, ווי נאָר ער האָט איהם שלום-עליכם אָפּגעגעבען — אַזוי באַ-זעצט מען זיך דאָס אין ניעשאַווע, אַז מען פאַרגעסט גאָר טאַ-טע-מאַמע, דעם ראַכמאַניווקער הויף... די רביצין, זאָל לעבען, געהט דאָך אויס נאָך דיר...

אין ניעשאַווע האָט מען דעם פרעמדען מכבד געווען, געבעטען איהם, ער זאָל צוואוואַרטען אַביסעל. אָבער ער האָט נישט געוואָלט הערען. אַפילו עסען האָט ער נישט געוואָלט אין הויף. ער האָט זיך בלויז אַרומגעדרעהט מיט ר׳ פּתחיה מלמד, דעם איינציגען ראַכמאַניווקער, וואָס האָט זיך דאָ אַרומגעוואַל-גערט, און ער האָט געטריבען:

— גיכער, גיכער, איך אייל זיך.

אין הויף האָט מען גענומען צוגרייטען צו דער נסיעה,

באַקען לעקעך, קיכעלעך, אויסזידען היהנער, אָנגיסען פּלעשלעך זאַפט, איינגעמאַכטס איינפּאַקען אין גלעזער, גלייך מען וואָלט געדאַרפט אַרויסשיקען נחום׳טשען אויף יענער זייט וועלט. סע-רעלע האָט זיך געפּאָרעט, געטומעלט. זי האָט געוואָלט ווייזען איהר שוויגער, דער גרויסאַרטיגער רביצין אין רוסלאַנד, אַז אין ניעשאַווע ווייסט מען ווי אַזוי צו באַהאַנדלען אַן איידעם אויף קעסט, און זי האָט אָנגעפּאַקט אָהן אַ שיעור עסענוואַרג, נאַ-שערייען. נאָר מאָטיע גדול האָט גאָרנישט געלאָזט מיטנעמען.

— מען דאַרף נישט, נישט נויטיג — האָט ער געזאָגט מיט כעס — איך האָב אַליין מיטגעבראַכט פון ראַכמאַניוווקע, געלויבט צו גאָט...

דערפאַר האָט ער געהייסען אַלע מלבושים און וועש איינ-פּאַקען, אַלע פוטערס אַפּילו.

— וועסט זיי דאַרפען, נחום׳טשע — האָט ער געזאָגט מיט אַ מיין — די רביצין, זאָל לעבען, וועט דיך נישט לאָזען אַזוי גיך צוריקפאָהרען קיין ניעשאַווע. ס׳ברענט נישט...

אויך ר׳ פּתחיה מלמד האָט ער מיטגענומען מיט זיך.

סערעלע איז אומגעגאַנגען מיט פולע אויגען טרערען. די שוועסטער איהרע, וואָס אַזוי זעהען זיי איהר כמעט נישט, האַלטען זיך פון דערווייטענס, האָבען זי גענומען איצט עסען, פאַרוואָס די שוויגער האָט זי נישט איינגעלאַדען צוזאַמען מיט נחום׳טשען קיין ראַכמאַניוווקע.

— ס׳פּאַסט איהר נישט, דער פריצה׳טע — האָבען זיי גערעדט מיט גאַל.

זי האָט געוואָלט פרעגען ביי נחום׳טשען, ווען ער וועט קומען, זי האָט איהם געוואָלט זאָגען, אַז זי וועט בענקען נאָך איהם, ער זאָל איהר שרייבען בריף. נאָר זי האָט זיך געשעהמט, נישט געוואַגט, נישט געוואוסט ווי אַזוי אָנצוהויבען. נאָכדעם ווי ער האָט זיך געזעגענט, נחום׳טשע, מיט דעם שווער, מיט די שוואָגערס, האָט ער זיך אויך געזעגענט מיט סערעלען. אָהן איין וואָרט אויסצורעדען, אָהן דער האַנט זיך צו דערלאַנגען,

האָבען זיי זיך געזעגענט שטום, אפילו ביי די נעמען זיך נישט אָנגערופען.

— זיי געזונט! — האָט נחום׳טשע געזאָגט ביי דער טיר.

— פאָהר געזונט! — האָט סערעלע געענטפערט אַ פאַר־שעמטע, אַ רויטע — זאָלסט זיך גוט אַרומהילען דעם האַלז, זאָלסט זיך, חלילה, נישט פאַרקיהלען...

אויך מיט מלכּה׳לען האָט ער זיך אַזוי געזעגענט, שטיל די ווערטער אַרויסגערעדט, נישט אויפהויבענדיג ד אויגען פון דער ערד.

זי איז אַזוי פאַרשטיינערט געווען, די סערעלע, אַז זי האָט אַפילו נישט געוואוסט, אַז זי דאַרף באַגלייטען דעם אָפּ־פאָהרענדען מאַן איהרען. ערשט מלכּה׳לע האָט זי גענומען פאַר דער האַנט און זי אַ ריס געטון מיט זיך.

— קום, מיר וועלען אַרויסגעהן מיט׳ן וועג אַ שטיקעל.

זי איז מיטגעגאַנגען און געקוקט אויף דער באַלעגאַלישער בריטשקע, וואָס שלעפּט זיך איבער די בלאָטעס, און אויף דער שמאָלער זיידענער פלייצע פון נחום׳טשען, וואָס דערוויי־טערט זיך אַלץ מעהר. זי האָט איהר פעסט געהאַלטען פאַר דער האַנט, מלכּה׳לע, אַזוי, אַז זי האָט קוים געקענט מיטהאַלטען מיט איהר פלינקען גאַנג.

ערשט ווען די פערד זענען אַרויס אויפ׳ן שאָסעע און גענומען גיך לויפען, איבערלאָזענדיג נאָך זיך אַלץ אין שטויב געהילט, האָט זיך מלכּה׳לע, אַ מידע, אַוועקגעזעצט אויף אַ שטיין, וואָס ליגט אין וועג, און זי האָט זיך הויך צוואויינט.

סערעלע איז געשטאַנען אַ פאַרגלאָצטע, אַן איבערראַשטע, און נישט געוואוסט וואָס עס טוט זיך אַזוינס מיט דער מלכּה׳־לען. ענדליך איז איהר געקומען אַ געדאַנק אין קאָפּ אַריין, אַ ווייבערישער געדאַנק, און זי האָט זיך צוגעבויגען צו מלכּה׳לען און איהר געפרעגט:

— מלכּה׳לע, אפשר ביסטו פאַרגאַנגען אין טראָגען? שעהם זיך נישט, מלכּה׳לע. דער טאַטע זאָל לעבען, וועט זיך זעהר פרעהען...

מלכה׳לע האָט אין מיטען וויינען זיך פאַנאַנדערגעלאַכט. זי האָט געלאַכט הויך, לאַנג, היסטעריש, גאָרנישט זיך איינצו-האַלטען.

— מאַמעלעך — האָט זי גערופען, און ווידער אין אַ גייעם געלעכטער אויסגעבראָכען.

# צעהנט קאַפּיטעל

שווערע טעג, פֿול מיט פּיין, אומרוה און פאַרצווייפלונג, האָבען זיך אָנגעהויבען פאַר מלכּה׳לען אין ניעשאַווער הויף, טעג אָהן אַ זין.

בייטאָג איז זי געזעסען ביי סערעלען. אָבער אַמאָל און ווידער אַמאָל געגעסען איהרע קלעביגע איינגעמאַכטסען, געהערט די זעלבע שווערע רייד איהרע. אָבער דאָס זיצען האָט קיין טעם נישט געהאַט איצט. איין מאָל אין וואָך פלעגט פון נחום׳-טשען אַ בריף פון ראַכמאַניווקע אָנקומען. סערעלע האָט איהם געגעבען מלכּה׳לען איבערצולייענען. מאָגערע זענען געווען די בריף, פון עטליכע ווערטער בלויז, וועגען געזונט און גרוסען פאַר אַלע. אָבער מלכּה׳לע פלעגט זיך צוכאַפּען מיט גרויס ברען צו די דאָזיגע קאָרגע בריוועלעך. צעהנדליגער מאָל האָט זי זיי געלייענט.

נאָך מעהר באַשעפטיגט איז זי געווען ביים שרייבען בריף פאַר סערעלען צו נחום׳טשען. סערעלע האָט זיך שטאַרק געוואָלט אויספּיינען פאַר איהר גרויסאַרטיגער שוויגער, ווייזען איהר, אַז זי איז נישט אַזאַ נאַרישע, ווי זי האַלט זי. קיין גרויסע שרייבערין איז זי נישט געווען. אויסער דעם, וואָס דאָס כּתב איהרס איז געווען אומגעלומפּערט, קרום, קאָטשערעס און לאָפּעטעס, פּונקט ווי דאָס כּתב פון איהר טאַטען, האָט זי אויך צו קיין שום זאַך זיך נישט געקענט דערטראַכטען. פון ווייבערישען

לעהרער איהרען, דעם לעמבערגער איד, וואָס האָט זי געלע־רענט אַמאָל פון אַ דייטשמערישען בריפענשטעלער שרייבען אַ שורה־גריזעל און אונטערשרייבען זיך אויף לשון־קודש „ממני שרה סערעל בת הרב הקדוש מניעשאָווע״, האָט זי זיך מעהר גאָרנישט אויסגעלערענט. און מלכה׳לע האָט פאַר איהר געשרי־בען די בריף.

לאַנגע בריף האָט זי געשריבען, מלכה׳לע, בריף, וואָס זי האָט אין איהרע נעכט צוזאַמענגעשטעלט אין די געדאַנקען, בריף פול מיט איידעלע אָנצוהערענישען וועגען בענקשאַפט, וועגען איבערגעגעבענהייט, באַהאַלטענער ליבע. איהר גאַנץ לע־בען האָט זי אין די פרעמדע בריף אַריינגעלייגט. סערעלע האָט די בריף איבערגעשריבען מיט איהרע קאָטשערעס און לאָפּעטעס. וואָס מעהר זי האָט זיך באַמיהט צו שרייבען שעהן, אַלץ מעהר פלעקען און קלעקען האָט זי געמאַכט. מלכה׳לע האָט איהר פאַרריכט, צוגעשריבען, אויסגעמעקט, און דערנאָך זענען זיי ביידע געגאַנגען צו דער פּאָסט און מיט קלאַפּענדיגע הערצער דעם בריף אַריינגעלאָזט אין קעסטעל.

אין די טרוקענע טעג איז זי אַרומגעגאַנגען, מלכה׳לע, איבער די וועגען, איבער די זעלבע פעלדער, וואו זי פלעגט זיך מיט נחום׳טשען באַגעגענען. אָבער באַלד האָבען זיך אָנגע־הויבען טעג שווערע, נאַסע, ווען דער הימעל הענגט איבער דער וועלט ווי אַ נאַסע שמאַטע, די וועלקענדע ביימער הערען נישט אויף רוישען און וויינען, און די שוואַרצע ערד איז אַזוי ווייך, אַז ווייבער טוען שטיוועל אָן. אין הויף איז פּוסט. אי־בער די שלעכטע וועטערען קומען וועניג חסידים. אַלץ איז איינגעהילט אין נעפעל, קויט, פייכטקייט. בלויז פאַרבלאָנדזשעטע, אויסגעשמירטע חזרים שאַרען זיך איבער׳ן הויף, קראַצען זיך אין די ווענט און כריוקען מיאוס. די טעג ווערען קלענער און קלענער. איידער מען קוקט זיך אום, איז נאַכט, און די ליכט און די טונקעלע נאַכט־לאָמפּען וואַרפען מעהר שאָטען ווי ליכט. און מלכה׳לע איז אַרומגעגאַנגען אַ פרעמדע, אַ פאַרלוירענע, אַ צאָרנדיגע, ווי אַ חיה אין אַ שטייג.

דער ניעשאַווער האָט איצט צו איהר מעהר ליבשאַפט און נעטרייקייט אַרויסגעוויזען ווי ביז איצט.

פריי פון יום-טובים, פון חסידים, האָט ער זיך פריה גע-לייגט שלאָפען. פון די פייכטקייטען און רעגענס האָט ער דער-פיהלט שמערצען אין זיינע אַלטע ביינער, קאַלטקייט, און ער האָט געוואָלט אַ ביסעל נחת געפינען ביי דעם פערטען ווייב זיינעם, וואָס ער האָט אויף איהר אַזויפיל זיך געלאָזט קאָסטען, אַ פאַר-מעגען געפּטר'ט.

— נו — האָט ער געזאָגט, געגעצענדיג נאָך דעם קריאת-שמע לייענען — ווינטער דאַרף מען געהן פריה שלאָפען.

זי האָט אים נישט געענטפערט. זי איז אַריינגעגאַנגען צו זיך אין שטוב און זיך אַוועקגעזעצט אַליין אין דער שטיל, צוהערענדיג זיך מיט הנאה צו זיינע שווערע קרעכצען און אויקען.

זי האָט איהם פיינד געהאַט. פונקט ווי נחום'טשע האָט, אין זיין באַגעהר צו מלכה'לען, זיין ווייב נישט געהאַסט, פאַר-קעהרט, ווי יעדער מאַן, וואָס האָט ליב אַ פרעמדע, האָט ער זיך פאַר זיין ווייב געפיהלט שולדיג, זינדיג, מיטלייד געהאַט צו איהר און איהר זיין גרויסע ליבע אַרויסגעוויזען, — אַזוי האָט מלכה'לע, ווי יעדער פרוי, וואָס האָט ליב אַן אַנדערען, איהר מאַן געהאַסט, פיינט געהאַט, גאָר קיין רחמנות, מיטלייד צו איהם נישט געפיהלט.

זי האָט זיך אויסגעבעטט אין אַן אַנדער חדר, אנטלאָפען פון איהם. אין מיטען דער נאַכט האָט זי גאָר געגומען דאָס בעטגעוואַנד פון איהר בעט, אויסגעלייגט עס אויף דער ערד און זיך איבערגעדעקט מיט דער פערענע איבער'ן קאָפּ.

דער ניעשאַוועד האָט געפיהלט, ווי זיין האַריג האַרץ הערט אויף צו שלאָגען, דאָס לעבען שטעלט זיך אָפּ פון צער.

— מלכה'לע — האָט ער גערופען מיט אַ פאַרדומפּען קול — מלכה'לע, עס איז נישט דער שטייגער אַזוי צו ליגען אויף דער ערד. וועסט זיך נאָך פאַרקיהלען...

דאָס איז געווען דאָס איינציגע, וואָס ער האָט געקענט

ואָגען. קיין אַנדערע ווערטער האָט ער פאַר איהר נישט געפונען.

זי האָט זיך צו איהם נישט אָפּגערופען.

אָפטמאָל האָט זי גאָר חוזק געמאַכט פון איהם, גערייצט איחם, געערגערט. און דערנאָך, ווען ער איז שוין געווען אַ מידער, אַ דערשלאָגענער, פון די פיס געפאַלען, האָט זי זיך דערנעהנטערט צו איהם, כדי חוזק צו מאַכען פון זיין אַלטקייט, דערנידעריגען איהם. ער האָט אויסגעזעהן זעהר נישטיג, דער דאָזיגער אַלטער מאַן, וועלכען טויזענדער מענשען פאַרהייליגען, זוכען זיין הילף, זעהר קאָמיש און נישטיג מיט זיינע צעפלאָסטענע פיאות, מיט זיין גאַנצער שווערקייט און פעט-לייביגקייט. ער איז עהנליך געווען צו די שטיינערנע פיגורען מיט די ציגענע פיס, וואָס זי, מלכּה'לע, פלעגט זעהן אין פרעמיסלער שטאָט-גאָרטען. פון דעם געדאַנק האָט זי זיך הויך פאַנאַנדערגעלאַכט.

ער איז געווען פאַרצווייפעלט, דער רבּי. ער האָט אַלץ איבערגעלייגט אין זיין קאָפּ און בשום-אופן נישט געקענט דערגעהן, וואָס אַזוינס זי וויל. ער האָט איהר אַזויפיל כּבוד אָנגעטון, אַ מיידעל אָהן אַ קרייצער נדן גענומען, באַקליידט און באַנייהט, ציהרונג אַ סך געגעבען, פאַר ניעשאַווער רבּי'צין געמאַכט. וואָס נאָך וויל זי? נאָך לאַנגע טראַכטענישען האָט ער זיך דערקלערט, אַז זי וויל אודאי זיך פאַרזיכערען. אַ יונגע, אַ נאַרישע, האָט זי מורא, אַז איבער הונדערט און צוואַנציג יאָהר, נאָך זיין פּטירה, וועלען זי די יורשים פון הויף נישט מקרב זיין, אַרויסטרייבען זי אָהן קיין שום טענה-ומענה. דאָס איז עס — איז איהם ליכטיג געוואָרען אין קאָפּ — און זי איז אפשר טאַקע גערעכט אויך. וואָרים די קינדער זיינע וואַרטען נאָר אויף דער רבּי'סטווע. נישט קיין געטרייע קינדער. אוּדאַי אַזוי, מיינט זי דאָס — איז ער געווען בּיי זיך זיכער — זי וויל, מען זאָל זי פאַרזיכערען, אָפּשרייבען איהר אַ חלק פון הויף, געלט. דערפאַר איז זי דאָס ברוגז, דערפאַר איז זי אַזוי

שלעכט צו איהם. אַ נקבה, אַ יונגע, שעהמט זי זיך צו זאָגען איהם.

דאָס האָט איהם אַזוי די אויגען געעפענט, אַז גלייך האָט ער גערופען צו זיך דעם גבאי ישראל אַביגדור און איהם געשיקט נאָך דעם שטעטעלשען נאָטאַר. שעה'ן לאַנג איז ער מיט דעם גוי אָפּגעזעסען. ער האָט געלאָזט פאַרשרייבען אויף זיין פערט ווייב אַ טייל הויז, צירונג, געלט אַ סך. דערנאָך האָט ער מיט ישראל אַביגדור'ן גענומען בראָנפען און לעקעך, און ער איז געווען זעהר אויפגערוימט.

— געלויבט דער אייבערשטער — האָט ער געברומט מיט שמחה אַ סך מאָל, פול מיט בטחון.

דאָס מאָל איז ער זעהר פריה געגאַנגען שלאָפען. ער האָט לאַנג קריאת-שמע געזאָגט, עטליכע זייטיגע תפילות אויך, און ער האָט געשמייכעלט צו מלכּה'לען מיט דער גאַנצער געדיכטער האַריגקייט זיינער. אַלע געקרייזעלטע האָר פון זיין באָרד און וואָנסען, ברעמען, אויערען און נאָז האָבען געקוואָלען.

— מלכּה'לע — האָט ער געזאָגט — ביסט, ברוך-השם, אַ נגידית, אַ שעהנע נגידית...

אָבער מלכּה'לע האָט זיך דערפון נישט געמאַכט. פאַר קיין איין קרייצער דאַנקבאַרקייט האָט זי איהם פאַר זיין גרויס גוטס נישט אָפּגעצאָהלט. ער איז געווען פאַרצווייפעלט.

ערגער פון אַלץ איז געווען דאָס, וואָס ער האָט מיט קיינעם נישט געקענט רעדען וועגען דעם, קיינעם וועגען זיין צער נישט געקענט דערצעהלען, קיינעם קיין עצה נישט געקענט פרעגען. ער, וואָס האָט אַזויפיל מענשען עצות געגעבען, איז געווען איצט עלענד, אַליין, איינער אַליין צווישען אַלע זיינע קינדער, נאָהענטע, טויזענדער חסידים, איינער אַליין מיט זיין בושה, וועהטאָג און הילפלאָזיגקייט געגען דער אָרימער יתומה, וואָס ער האָט אַזוי גליקליך געמאַכט.

— אַ נישט-גוטס זיצט אין איהר — האָט ער צו זיך אַליין געברומט.

ער האָט דעם אַפּעטיט פאַרלוירען, נישט געקענט שלאָפען.

אפילו די ציגאַרען האָבען איהם נישט געשמעקט. אַ חוץ ביטער־קייט האָט ער אין זיי גאָרנישט נישט געפיהלט. ער האָט זיך גענומען דאָקטערען, געהן אין קאַלטע מקוות, שלינגען פּילען. כּדי צו פאַרגעסען אין זיין אומגליק, איז ער איבער דער וועלט געפאָהרען, געלט ביי חסידים זאַמלען. ער האָט אַ סך געלט געזאַמעלט, געפאָדערט, שטרענג געווען צו די געבער. אין געלט האָט ער זיין וועהטאָג פאַרגעסען.

און פאַר מלכּה'לען האָבען זיך געצויגען טעג לאַנגוויילּיגע, אונזיניגע, טעג פול מיט אומעט און פוסטקייט. זעהר לאַנג און אויסזיכטלאָז זענען געווען די נעכט, די לאַנגע ווינטער־נעכט. אין די ווענט האָט געקנאַקט, די געפרוירענע פענסטער האָבען געסקריפּעט פון פראָסט. זי איז געלעגען וואַך, גאָרנישט, אַפילו אויף קיין איין מינוט, די אויגען צו שליסען. זי האָט דאָס קי־שען געביסען, געוויינט, געוויינט פון שטאַרקער בענקשאַפט און באַגעהר, צו דעם, וואָס איז איצט אַזוי ווייט, ערגעץ אין יע־נער זייט גרענעץ. אַ ווײַלע פלעגט זי זיך איהם פאָרשטעלען אין געדאַנק, מיט איין פאַרמאַכט אויג אַרויסרופען זיין געזיכט, זיין דינעם געשניצטען קערפּער. זי האָט אַזוי קלאָר איהם דער־זעהן, אַז זי האָט גענומען קושען דאָס קישען, וואָס האָט ביי איהר זיין פּנים אָנגענומען.

באַלד איז זי אַריין אין כּעס אויף איהם, וואָס ער האָט זי איבערגעלאָזט אַליין אין איהר בענקשאַפט, און זי האָט איהם געהאַסט, די פויסטען געבּיילט. אויך אין די חלומות האָט זי איהם געזעהן, אין איהרע העפטערייען, אין די ביכלעך, וואָס זי האָט בגנבה געלייענט. אָבער זיגליכער, גלוסטיגער פון נחום'־טשען, נישט פאַרשאַרפט דעם מוח פון לערנען, נישט אויסגע־איידעלט פון ספרים, קבּלה, איז איהר דראַנג געווען אַ קרעפ־טיגערער, אַ מגושמ'דיגער, וואָס לאָזט זיך נישט פאַרדעקען מיט חלומות, וואָס לאָזט זיך נישט פאַרבייטען מיט געדאַנקען. אַ פייער האָט געברענט אין איהרע בלוטען און געזוכט זיך צו לעשען.

געווען נעכט פון וואַרטען. מיט אָפענע אויערען האָט זי

זיך צוגעהערט צו יעדען שאָרך, וואָס קומט פון דער שטילקייט, צו יעדען קלאַנג, מיט וועלכע די נעכט זענען אַזוי פול. זי האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז דער, אויף וועמען זי וואַרט, וועט דאָ נישט קומען, אַז ער איז ערגעץ ווייט, ווייט. אַז קיינער וועט דאָ נישט קומען אין דעם דאָזיגען שרעקליכען הויף. דאָך איז זי געלעגען מיט אָפענע אויגען און יעדען קלאַנג, יעדען שאָרך אויפגעכאַפּט. זי האָט געוואַרט ווי אויף א נ.ס.

געוועזן נעכט פון צאָרן. אַ ווילדער צאָרן האָט זי אַרומגענומען, אויף דעם הויף, אויף דער מוהמע, וואָס האָט זי דאָ פאַרקויפט, אויף דער מוטער, וואָס זיצט ערגעץ אין דער פרעמד מיט אַ פרעמדען מאַן, אויף אַלע באַקאַנטע, אַפילו אויף איהם, גחום׳טשען, וואָס איז אַזוי טויב צו איהרע רופען. זי האָט אין כעס אַראָפּגעריסען פון וואַנט דעם אַלטמאָדישען זייגער, דעם שונא פון שלאָפלאָזע, וואָס הערט נישט אויף צו קלאַפּען זיין אייביג נודנעם קלאַפּען און וואָס פון איין קלונג זיינעם ביז דעם צווייטען דויערען נישט שעה׳ן, נאָר אייביגקייטען. זי האָט צעריסען די עטליכע דייטשע ביכלעך איהרע, וואָס זי האָט שוין צעהנדליגער מאָל דורכגעלייענט. מיט גוואַלדיגען האַס האָט זי געריסען די גלאַטיגע בלעטלעך מיט די גאָטישע בוכשטאַבען, די אויסגעמאָלטע דזשענטעלמענער אין צילינדערס און די דאַמען אין די שפּיצען.

געוועזן נעכט פון מיטלייד, פון רחמנות צו זיך אַליין. אין מיטען נאַכט איז זי אַרויס פון בעט, זי האָט זיך די טייערסטע קליידער אָנגעטון, די שענסטע ציהרונג אויף זיך אָנגעהאָנגען און אַליין זיך לאַנג באַוואונדערט. קיין שפּיגעל איז אין שטוב נישט געוועזן, בלויז אַ קליין שפּיגעלע. זי האָט פאַרהויבען דעם שלעפּ, אַליין טאַנצען געגאַנגען, טאַנצען גיך, שנעל, ביז דער קאָפּ האָט זיך איהר פאַרדרעהט און אַזוי, אין די קליידער, האָט זי זיך אין בעט אַריינגעוואָרפען און אַליין זיך באַוויינט, מיט האַרץ, אויפ׳ן גאַנצען קול.

אַמאָל האָט זי די פענסטער געעפענט. אין בלויזען העמד האָט זי זיך ביים אָפענעם פענסטער אָוועקגעזעצט און געקוקט

מיט גרויסע אויגען אויף דעם ווייסען אָנגעשאָטענעם שניי, וואָס ליגט באַלויכטען פון דער לבנה. זי האָט זיך געוואָלט פאַרקיה־לען, שטאַרבען.

זי האָט גענומען פאָרשטעלען זיך די אַלע דריי פריהער־דיגע ווייבער, וואָס האָבען דאָ אַמאָל געלעבט און געשטאָרבען, וואָס זענען אפשר דאָ אַמאָל געלעגען אַזעלכע טרויעריגע און איינזאַמע, ווי זי. זי האָט זיך אַליין דערזעהן אַ טויטע, מענ־שען געהען נאָך נאָך איהר לויה. אויך נחום'טשע געהט נאָך. איהרע קליידער בלייבען אין די שאַפעס, צוזאַמען מיט די קליי־דער פון די פריהערדיגע ווייבער. מילבען פרעסען זיי.

דאָס האָט איהר מיט אַ וועהטאָג אַרומגענומען, מיט אַזאַ שאַרפען שמערץ, אַז זי איז צוגעלאָפען צו די שאַפעס, זי האָט אַלע מילב־צעפרעסענע קליידער פון די פריהערדיגע ווייבער אַרויסגעוואָרפען און צעריסען זיי, געפליקט גיך, גיך, ווי זי וואָלט אין פרעמדע האָר פון אַ פרוי אַ שונא געריסען.

זי האָט אויף זיך אַליין גרויס רחמנות געקראָגען, מיטלייד אויף איהר יונג לייב. זי האָט זיך אינגאַנצען נאַקעט אויסגעטון, זי האָט זיך די שלאַנקע פיס געצערטעלט, די פאַררונדיג־קייטען פון די אַקסלען, די יונגע שטייפע קליינע ברוסטען, יעדער וואָרצעלע באַזונדער. טרעהרען האָבען זיך פון איהרע אויגען געגאָסען.

זי האָט גענומען שלאָפען ביי סערעלען, מיט איהר אין איין בעט.

זי האָט נישט אויפגעהערט רעדען, שושקען, פלוידערען, מיטאַמאָל דריקען זי, האַלזען און קושען, פליסטערענדיג דער־ביי, ווי אַמאָל, ווען זי פלעגט קינדער אַזוי באַפאַלען:

— סערעניו, כ'וועל דיר אויפעסען.

סערעלע האָט זיך געשראָקען פאַר איהר.

אַמאָל האָט זי די דינסט אַריינגענומען צו זיך צו שלאָ־פען. זי האָט איהר קיין רגע נישט געלאָזט די אויגען צומאַ־כען. דאָ האָט זי איהר אָוועקגעשאָנקען אַ קלייד, און נישט אַנ־דערש געוואָלט, נאָר זי זאָל עס אין מיטען דער נאַכט אָנטון.

דאָ האָט זי איהר געגומען אויסגערעגען, צי זי האָט שוין אַמאָל אַ חתן געהאַט. און דאָ פֿלעגט זי איהר גאָר כאַפּען פאַר דער טאַליע און דרעהען זיך מיט איהר אין אַ ראָד.

די מויד מיט די גרויסע צעיורענע ברוסטען האָט נישט געוואַגט זיך צו דערנעהנטערען צו דער רבי׳צין, נאָר מלכּה׳לע האָט זי גענומען מיט געוואַלד.

איין מאָל האָט זי אפילו אַרויסגענומען דעם רבינ׳ס מלבושים פון שאַפע, זי האָט זיך אין זיין וואַטענעם שלאָפראָק אָנגעטון, דעם ספאָדעק אויפ׳ן קאָפ אַרויפגעזעצט און געהייסען דער דינסט, זי זאָל זיך לאָזען בענשען פון איהר.

דער דינסט איז אַ ווילד געלעכטער באַפאַלען.

— גאָטעניו — האָט זי געהירזשעט — ווען מענשען זאָלען דאָס זעהען!...

האָט זיך מלכּה׳לע אָנגעשטעקט פון דער מוידס געלעכטער און צוזאַמען מיט איהר געגומען לאַכען, לאַכען ווילד, בויגענדיג זיך אין דרייען. וואָס איינע האָט אויפגעהערט, האָט די אַנדערע אָנגעהויבען.

שפעטער-צו האָט זי נאָך דער מוהמע איידעלע געשרי־בען אַ בריף, זי זאָל קומען צו איהר. די מוהמע איידעלע איז געקומען. אָבער זי האָט איהר גלייך גענומען לערנען מוסר, דערצעהלען מעשיות און מופתים פון גוטע-אידען. דערצו האָט זי געוואָלט שטאַרק וויסען, ווען זי וועט פאַרגעהן אין טראָגען. און מלכּה׳לע האָט זי אַוועקגעשיקט ווי אַמגיכסטען. זי האָט איהר פולע פעק מיט קליידער מיטגעגעבען און פאַרטריבען.

איינע אַליין האָט זי גענומען אַרומקריכען איבער די פאַרשנייטע פעלדער, איבער די פאַרשאָטענע וועגען. זי האָט זיך צוגעקוקט צו די איינצעלנע נאַקעטע טאָפּאָליען-בוימער, וואָס שפיזען מיט זייערע פאַרריסענע צווייגען אין דער גרינליך-גע־פרוירענער לופט. זי האָט באַטראַכט יעדען קאַלטען פליגעל פון אַ ווינד-מיהל, וואָס צייכענט זיך שטייף אויפ׳ן רויטליך-געפרוי־רענעם הימעל. זי האָט אויסגעהערט אַלע קראַקערייען פון די שוואַרצע מחנות קראָהען, וואָס שפרינגען איבער׳ן שניי, מאַכען

אטיפוּת און פּלוּצלינג לאָזען זיי זיך מיט גיכער, איילענדער קראַקעריי ווייט ערגעץ אַוועק.

אַ שוואַרץ-געהילטע, איבער׳ן שניי אַרומבלאָנקענד, האָט זי אַליין ווי אַ קראָה אויסגעזעהן. זי האָט אַפילו געגומען שפּרינגען ווי זיי, און מיט די הענט אין דער לופטען ווי מיט אַ פּאָר פליגעל געפאָכעט, ווי זי וואָלט מיט די שוואַרצע פויגעל וועלען מיטפליהען. פויערען האָבען זיך געשראָקען פאַר איהר, געטראַכט וועגען כּישוּף און זיך גע׳צלמ׳ט.

די ווייטקייטען, וועלכע האָבען זי תּמיד געצויגען, האָבען צוריק גענומען שפּרייטען זיך פאַר די אויגען. עס האָט געצויגען צו ווייטע פייפען פון באַהנען, צו קאָנדוקטאָרישע רויטע לאַמטערענדלעך, וואָס שאַרען זיך אין דער נאַכט, און צו פרעמדע ווייטע שטעט, ווייט, ווייט, וואו אַ מאַמע געפינט זיך ערגעץ מיט אַ פרעמדען מאַן.

זי האָט גענומען טראַכטען וועגען ענטלויפען. זי האָט נאָר געוואַרט ביז פריהלינג. אָבער צו פריהלינג, פאַר פסח, איז אַ טעלעגראַמע אָנגעקומען אין הויף פון ראַכמאַניוּוקע, אַז נחום׳טשע איז אַרויסגעפאָהרען.

מלכּה׳לע איז אַרויפגעפאַלן סערעלען אויפן האַלז און איהר אַזוי ווילד גענומען קושען, אַז סערעלע האָט די גרויסע וואַסערדיגע אויגען אויסגעקוילערט ווי אַ קאַלב.

— געה, געה — האָט זי געזאָגט בייז — האָסט מיך שיעו נישט דערוואָרגן.

## עלפט קאַפּיטעל

אַ פּולער פריהלינג, אַ גאַנצער און אַן אָנגעזאַפּטער, ווי אַ צייטיגער עפּעל, האָט זיך געבראַכט צוטראָגען פון די אַרומיגע בערג און אָנגעפיהלט ניעשאַווע מיט דעם פרעהליכען געפּולדער פון צעגאַנגענעם שניי, פון געדרעהטע פליוסקענדיגע ריטשקעלעך וואַסער, וואָס לויכטען אין דער זון, ווי צוגאָסענער זילבער. פאַרפוילטע שטיקלעך צווייגען, קיזעלשטיינדלעך, ביינער פון אַן אַרומגעפרעסענעם פויגעל, צוזאַמען מיט פאַרוועלקטע נאָדלען און פאַרדאַרטע שישקעס פון סאָסנעס האָבען זיך געטראָגען פון אַרומיגע בערג און געבראַכט גרוסען פון באַהאַלטען גליק, פון ערוואַכענדע האָפנונגען און פון געזונטער פרייד, צוליב וועלכער עס איז כדאי צו לעבען אויף דער וועלט.

ער איז געפלאָסען, דער פריהלינג, פון אַלע לעכער, פון אַלע שפּאַלטען אין דער ערד, פון יעדער בערגעל מיסט, פון יעדער קופּע פאַרדאַרטע בלעטער. די זון האָט זיך געלייגט אויף אַלע פאַרלאַטעטע דעכער, געבאָדען זיך אין יעדער ריטשקעלע וואַסער, געשפּילט זיך מיט דעם שפּיציגען רויטען דאַך פון דער שוהל, מיט די שוואַרצע אייזערנע צלמים פון דער קאַטוילישער קירכע און מיט די פאַרגילדעטע קופּאָלען פון קליינעם רוטענישען צערקוועלע.

פאַרטאָג האָבען די שוואַרצע צעאַקערטע פעלדער געפּאַרעט. צוזאַמען מיט די צע׳שרפה׳טע זונען-אויפגאַנגען האָבע

זיך גרינגע גרעזלעך אַרויסגעפּיקט פון דער צעוואַרעמטער שוואַר־צער ערד. פון די צעפלאָסענע שנייען אַרויס האָט זיך גרינער ווינטער־קאָרן אַרויסגעשיילט, אַזאַ גרינער און ליכטיגער, אַז פויערען האָבען גאָט געבענטשט און מיט שטיקער ערד די פישטשענדיגע פויגעל געגומען טרייבען. שניי־בלימעלעך האָבען באַשיידען קעפּלעך מיט נייגעריגקייט אַרויסגעשטעקט. און איינ־צעלנע בושלען, ווייטע, פון וואַרעמע לענדער צוריקקומענדע, האָבען זיך געדרעהט אין רעדער אין דער לויטערקייט פון הימלען, אַרומגעשמעקט שטרויענע דעכער פון כאַטעס און שייערען און געלאָזט זיך צוריק, קלאַפּענדיג הילכיג מיט'ן שנאָ־בעל, אָנצוזאָגען יעדער זייגיגע די בשורה, אַז משיח קומט.

אינגלעך האָבען זיי באַגעגענט מיט שמחה, מיט פּאַטשען אין די הענט.

— באַטשאַן המלך, די נעסט ברענט!

אין די נעכט האָבען די פרעש פון די זומפּען גענומען לאָזען הערען זייער קוואַקעריי. וואַרימע רעגענס האָבען ווייך געוואַשען דעכער, טראָפּענס רעגען האָבען געקלונגען אין אונ־טערגעשטעלטע פּעסלעך, אין ערדענע טעפּ, וואָס מיידלעך שטע־לען אַרויס, כּדי צו וואַשען מיט'ן ווייכען רעגען־וואַסער די געדיכטע האָר און שווערע צעפּ.

פּונקט אַזוי צייטיג, אָנגעזאַפּט און פול האָט אויפגעוואַכט דער פריהלינג אין מלכּה'לעס צאַפּעלדיגער ברוסט, האָט פּאַנאַנ־דערגעבליהט זיך, געשפּאַרט.

נחום'טשע איז צוריקגעקומען פון ראַכמאַניווקע אַן אויס־געוואַקסענער, אַ לויטערער. די מוטער זיינע, די רביצין, האָט איהם דאָרט שטאַרק אָפּגעהיט, געקעכעלט איהם. נאָך אין בעט האָט זי איהם צוגעטראָגען פּוטער־קוכען, מילך.

— עס, קינד, עס — האָט זי איהם געבעטען — רבי'שע קינדער מעגען זיך דערלאַפּען דאָס האַרץ פאַר'ן דאַווענען. דער טאַטע איז דיר מתּיר.

אַז ער האָט זיך איינגעשפּאַרט, האָט זי איהם געצוואונגען.

— פאָלגען אַ מאַמע — האָט זי געזאָגט — איז מעהר

מצוה ווי נישט עסען פאַר'ן דאַוונען. כּיבּוד-אם איז אַ מצוה אין דער תּורה, און נישט-עסען פאַר'ן דאַוונען איז בּלויז אַ מנהג.

דערויף האָט נחום'טשע נישט געהאַט וואָס צו ענטפערען און ער האָט געפאָלגט. זי האָט איהם נישט געלאָזט פאַסטען אַפילו אין אסתּר-תּענית און אין עשרה-בּטבת.

— רבּי'שע קינדער — האָט זי געזאָגט, ווי שטענדיג — פאַסטען נישט. דער טאַטע איז דיר מתּיר...

ער איז געוואָרען פולער, אויסגעוואַקסענער, אַפילו אַ לייכטער טונקעלער פוך, אַזאַ ווייכער און דינער, ווי בּיי שוואַרץ-חנ'עוודיגע מיידלעך, האָט זיך בּאַוויזען אויף זיין אויבּערשטער ליפּ, וואָס האָט איהם צוגעגעבּען דעם ערשטען חן פון מענ-ליכקייט. זיינע אויגען זענען געוואָרען נאָך שוואַרצער, בּרענענ-דיגער, אַזוי, אַז וויפיל מאָל מלכּה'לע האָט זיך מיט זיי בּאַ-נעגענט אויף אַ ווייל'ע בּיי סערעל'ען אין שטוב, האָט זי דער-פיהלט אַ בּריה אויף זיך. דאָס האָט איהר אַזאַ צוק אין דער שטייפער בּרוסט געגעבּען, אַז זי האָט זיך צוגעלייגט די האַנט צו דער שמערצענדער בּרוסט, ווי זי וואָלט וועלען דער-מיט לינדערען דעם זיסען וועהטאָג.

געקרעדט האָבּען זיי קיינמאָל נישט. אויך איז ער קיינמאָל נישט אַרויס צו די פעלדער, אויף די וועגען. זי האָט יעדען טאָג אויפ'סניי דורכגעמאַכט אַלע וועגען, שטעגען, אויסגעקוקט איהם, אָבּער ער איז נישט געקומען. פונדעסטוועגען האָט זי געוואוסט, אַז ער בּענקט נאָך איהר, אַז ער גאַרט נאָך איהר, אַז ער געהט נאָך איהר אויס. זי האָט עס אַרויסגעפיהלט, גע-זעהן עס אין יעדער זיין טריט, אין יעדער ריהר, אין יעדען בּאַהאַלטענעם קוק פון זיינע אויגען.

נאָך דעם פריהען פריהלינג זענען הייסע טעג אָנגעקומען, טעג מיט אַ סך זון, מיט קורצע און געדיכטע רעגענס און דונערען און בּליצען, וואָס האָבּען די לופט אָנגעגליהט, עלעק-טריזירט.

פון דער ווייטער פעסטונג-שטאָט איז אַ סך מיליטער אַראָפּגעקומען, פוסגעהער און רייטער, וואָס האָבּען זייערע

לאַגערען אַרום ניעשאַווע אויסגעשפּרייט און אויף מאַנעווורעס גע־
גאַנגען. גאָר גרויסע מאַנעווורעס זענען דאָס געווען, אויף וועל־
כע עס זענען פּרינצען פון וויענער קייזערליכען הויף געקומען.
גאַנצע טעג האָט מען געשאָסען, געטראָמייטערט, בייגאַכט האָט
מען ראַקעטען געלאָזט. איבער׳ן שטעטעל האָבען זיך סאָלדאַטען
געשאַרט. אונגאַרישע אויסגעפּוצטע און פאַרביגע הוזאַרען, יונ־
גען מיט שוואַרצע הייסע אויגען און קויל־שוואַרצע וואָנסעס,
האָבען געקלונגען מיט די שפּאָרען, מיט די לאַנגע נאָכהענגענ־
דע שווערדען.

יונגע אָפיצירען, פרעהליכע, מיט מעדאַלען באַהאָנגענע,
מיט מאָנאָקלען אין איין אויג, האָבען איבער דעם שטעטעל
אַרומגעשפּאַנט, געפרעהט זיך איבער די מאָדנע אידען מיט די
לאָקען ביי די שלייפען, מיט די בענדלעך, וואָס הענגען זיך
זיי נאָך איבער די שטיוועל. אין אַלע קראָמען, געוועלבען זע־
נען זיי געווען פול, זיי האָבען געקויפט אַלערליי שמאָכטעס,
צאַצקעס, שאָקאָלאַד, ציגאַרעטען, נישט געדונגען זיך, אָפטמאָל
קיין אויסגאָב נישט געוואָלט נעמען, און דערביי געקנייפּט אין
די בעקלעך ביי שעהנע אידישע טעכטער.

— היבש, שוואַרצקאָפּף, זעהר היבש.

מאַמעס האָבען זיך נישט געגענגעשטעלט, געשמייכעלט
בלויז. ערשט ביים אַרויסגעהן פון די אָפיצירען, האָבען זיי
די טעכטער גענומען טרייבען אַהיים און זאָגען:

— די כפּרה זאָלען זיי נאָר זיין פאַר מיין קינד, טאַטע
אין הימעל...

אומעטום זענען זיי געווען פול. אומעטום האָט דאָס
פרעמדע מיליטער אַריינגעטראָגען פריייד, טומעל, געזאַנג און
געלעכטער. אויף די וועגען, וואו מלכה׳לע איז געגאַנגען, האָ־
בען איהר אָפיצירען נאָכגעקוקט, מיט פעלד־לאָרנעטעס זי באַ־
טראַכט.

— וואַרום זאָ איינזאַם, שעהנעס פרויליין? — האָבען זיי
איהר נאָכגעשריען און גערופען מיט איין הענדשקע צו זיך.

צוליב דעם מיליטער האָט זיך אַ קאַרוזעלע קיין

געשאָווע געבראַכט צו שלעפּן. גאַנצע טעג האָט שרייענדיגע מוזיק געשפּילט און סאָלדאַטן מיט שיקסעס האָבן זיך געיאָגט אויף הילצערנע פערדלעך און אויף אַלערליי מאָדנע חיות און פּיפּערגאָטערס. אַ פּאַר פּאָלק, אַ שוואַרצס, אַן אָפּגעברענטס, ווי די ציגיינער, איז פון ערגעץ אָנגעקומען, אויף אַ גרויסן פּלאַץ אַ גרויס געצעלט פאַרצויגען, באַלויכטן עס מיט אַ סך פּאַפּירענע קאָלירטע לעמפּלעך און דאָרט אַ לאַגער-קאַבאַרעט פאַר אָפּיצירן געמאַכט, וואו מען האָט פאַרקויפט וויין, אַ פידעל האָט געשפּילט און נקבות האָבן געזונגען.

מען האָט זיך גלייך דערוואוסט אין ניעשאַווע, אַז דאָס פּאַר-פּאָלק, וואָס זעהט אויס ווי ציגיינער און רעדט אויף דייטש, אונגאַריש, פּויליש, טשעכיש, רומעניש, סערביש און אפילו אויף טערקיש און ציגיינעריש, זענען גאָר אידען פון דער בוקאָווינע. דער רבי האָט גלייך דערפיהלט אַ זינד אין שטעטעל. מען האָט שלעכטע זאַכען פון דעם לייווענטענעם געצעלט דערצעהלט, און ער האָט געשיקט ישראל-אביגדור דעם גבאי, ער זאָל דעם פרעמדען ברענגען צו איהם. אָבער דער שוואַרצער איד, וואָס זעהט אויס ווי אַ ציגיינער, האָט נישט געוואָלט קומען און בלויז געהייסען זאָגען דעם רבי'ן, אַז ער מישט זיך נישט צום רבי'נס געשעפטען, און דעריבער זאָל דער רבי זיך צו זיינע געשעפטען אויך נישט מישען.

פאַרקעהרט, די מוזיק מיט די געזאַנגען פון די מיידען האָבן זיך נאָך מעהר געשטאַרקט, אין אַלע אידישע שטובען אריינגעדרונגען, ביז'ן רבינ'ס הויף.

— איי, איי — האָט דער רבי געזיפצט אין די נעכט, געשטערט אין שלאָף פון די קולות, געזאַנגען און געלעכטערען — הפקרות, נעבעך...

פונקט אַזוי האָט נישט געקענט צוטון קיין אויג מלכה'לע ביי זיך אין שטוב. די קולות האָבן גערופען, געוועקט, דאָס בלוט אָנגעצונדען, קיין מנוחה נישט געגעבען.

אין דעם שטילען שטעטעל האָבן זיך פרעמדע מענשען אריינגעריסען, פרעמדע רייד, געלעכטערען, וואָס דערצעהלען

פון ווייטען, פון פייפערייען פון באַהנען, פון קאָנדוקטאָרישע רויטע און גרינע לאַמטערענדלעך, וואָס שאַרען זיך אין דער נאַכט. דאָס האָט איהר דערמאָנט אָן איהר פרעמדער מאַ־מען, וואָס איז ערגעץ מיט אַ פרעמדען מאַן אין אַ ווייטער, גרויסער שטאָדט.

צוליב דעם לאַגער און באַוועגונג האָבען זיך אַלערליי הענדלער, קונצענמאַכער און וואַנדערער גענומען ווייזען. אידען האָבען אין דער תורה פאַרגעסען און געהאַנדעלט, געוואַנדעלט. אינ׳ם רבינ׳ס הויף זענען אַלעמאָל אַנדערע מיליטער־לייט געקו־מען, צו זעהן דעם וואונדער־ראַבי.

מלכה׳לע האָט געבריהט אין די הייסע נעכט. זי האָט אַרויסגעוואָרפען פון בעט איהרען די שווערע פערענע, זי האָט זיך אָפגעדעקט אינגאַנצען. אַלץ איז אויף איהר הייס לייב שווער געווען, געלאַסטעט. אַ וואַכע, אַ געשפאַנטע, איז זי גע־לעגען מיט אָפענע אויגען, וואָס בלאָנקען ערגעץ אין ווייטען, מיט אויפגעשפיצטע אויערען צו אַלע שאָרכען און קלאַנגען אין דער נאַכט. ווי אַ הונט אין זיין רייפקייט האָט זי נאָכגעשפירט נאָך עפעס, וואָס דאַרף קומען, וואָס מוז קומען און זי ער־לייזען.

— נחום׳טשע — האָט זי גערופען הייס — נחום׳טשע, קום צו מיר!

און אין דער ערשטער שבועות־נאַכט, אַז עס איז געקו־מען, און די בענקשאַפט איהרע האָט איהר אַזוי צוגעשפאַרט, אַז איהר האָט אָנגעהויבען אויספעהלען אָטעם, האָט זי זיך גיך אויף איהר געלעגער אָנגעטון און זי איז אַרויס פון שטוב אין דער סאַמעט־שוואַרצער נאַכט.

אַ פינסטערע איז געווען די נאַכט, אָהן איין שטערען, אָהן אַ מינדעסט פענעצעל לבנה, אָבער אַ געדיכטע, אַ פולע, אַן אָנגעזאַפטע, פול מיט ריחות פון בעז און בליהענדער אַקאַציע, וואָס מאַכט שיכּור, פול מיט איינגעהאַלטענע זשומע־רייען, פול מיט ריחות פון פעלד און געשניטענער לאָנקע.

אַ גאַנצען טאָג האָבען פאַרבענקטע טראָמייטען און

בלאָזערייען פון פאַסטוכישע הערנער געטראָגען זיך אין די לופטען. דער גראַף אלכא האָט אין זיין שלאָס איינגעאָרדענט אַ באַל פאַר די הויכע וויענער געסט, פאַר די פרינצען און פאַר די אָפיצירען פון לאַגער. אויך אַ יאַגד איז פריהער אין די וועלדער פאָרגעקומען. הונדערטער פויערען, און אפילו אַ טייל פראָסטע אידען, האָבען דעם וואַלד אַרומגערינגעלט און די האָזען נישט געלאָזט ענטלויפען, צוריק זיי מיט שטעקענס געיאָגט. הינט האָבען געבילט, טראָמייטען האָבען געבלאָזען, ביקסען האָבען געקנאַלט מיט אַ סד ווידער־קולות. אין אָווענט האָט מען ראַקעטען געלאָזט.

אין רבינ'ס בית-המדרש איז ליכטיג געווען. אידען האָבען תקון-שבועות געזאָגט. מלכה'לע האָט זייערע געבעטען נישט געהערט. געהערט האָט זי בלויז די שטימען פון דער שוואַרץ-סאַמעטענער נאַכט. מיט ציטערנדיגע נאָזלעכער האָט זי איינגעזאַפּט אין זיך די פאַר'שיכור'ענדע ריחות פון בעז און אַקאַציע, די סודות'דיגע שושקערייען פון דער שטילקייט, דאָס גרילען פון אַ נאַכטיגער פעלד-גריל. זי איז אַרויס צו די פעלדער. זי איז געגאַנגען מיט אָפענע וואַהנזיניגע אויגען, וואָס זעהען אַלץ און גאָרנישט. גליה-ווערים האָבען, ווי שוועבענדיגע פייערלעך, געפלאַטערט אין דער פינסטערניש, געשפּאָלטען דעם סאַמעטענעם חושך. פאַרפוילט האָלץ האָט פאַרפיהרעריש מיט פאָספאָר-גלאַנץ געלויכטען. עפּעס אַ פרעמדער פויגעל אַן אומבאַקאַנטער האָט געשריגען מיט אַ משוגה'דיג קול ערגיץ. מיסטישעס איז געלעגען אין דער ברייטער ריזיגער אומענדליכער שוואַרצקייט.

צום ערשטען איז זי געגאַנגען גיך, איילענדיג, ווי זי וואָלט ערגיץ געהאַט צוצוקומען. זי איז אָפּגעגאַנגען אַ שטיק. אָבער הינט האָבען אָנגעהויבען נאָהענט צו בילען, רייסען זיך. אַ הירזשען פון אַ פערד, וואָס פּאַשעט זיך אַ גאַנצע נאַכט אויף דער לאָנקע, האָט געציטערט. געפלאָכטענע פאַרקאַנעס האָבען זיך געבראָכען. און זי האָט זיך אומרוהיג אומגעקעהרט און צוריק אַוועק צום הויף.

אין אַ ווינקעל בײַ דער גרויסער הויפּישער סוּכּה האָט אין אַ נידעריגער וואַנד־לאַמטערנע אַ טריפּענדיג שטיקעל ליכט געבּרענט. אַליין נישט וויסענדיג פאַרוואָס, האָט זי עס אין דער האַנט גענומען. אין דער סוּכּה איז די טיר געשטאַנען אָפען. זי איז אַרײַנגעגאַנגען. אין דער נאָז האָט אַ שטיקענדער ריח אַ זעץ געטון. אַ חוץ די שטענדיגע קאָזאַקישע מונדירען, וואָס זענען דאָרט געלעגען פון חתונה צו חתונה און געשימעלט, אַ חוץ אַלערליי שמאַטעס און קליידער, זויערע פעסער און פאַרפוילטע ראַגאָזשעס, זענען אויך דאָרט שמוציגע שטרוי־זעק געלעגען אויסגעלייגט, שטרוי־זעק, אויף וועלכע עס שלאָפען אָרעמע חסידים אין די יום־טובים. אויף שבועות זענען די שטרוי־זעק געלעגען געדיכט. דאָס האָט צום קאָפּ צוגעשלאָגען, צו מלכּה'לעס וואַהנזיניגען קאָפּ, וואָס איז געווען פאַר'שיכּור'ט פון די שטילע שאָרכען, פון דער סאַמעטענער נאַכט־שוואַרצקייט, פון די שאַרפע בעז־און־אַקאַציע־ריחות.

דער גאַנצער עיפּוש, פאַרדומפּענקייט און אונזין פון הויף, פון ניעשאַוועץ, האָט איהר אַ בלאָז געטון. אין קאָפּ האָט גענומען דרעהען. פון דער שווערער שטיקעניש און געדיכטער לופט האָט דאָס שטיקעל ליכט אין איהר האַנט אָנגעהויבען טריפען, צאַנקען. דער הייסער חלב האָט געבריהט איהרע פינגער. אַ פייער־פלעמעל האָט אַ ביס־געגעבען. זי האָט אַ בליק געגעבען אַרום זיך, אַ פרעמדען בליק, ווי עמיצער דערזעהט זיך אין אַ פרעמד אָרט. און זי האָט דאָס שטיקעל ברענענדיגע ליכט אין פאַרפוילטען שטרוי אַוועקגעוואָרפען. זי איז געבליבען שטעהן אַ ווײַלע מיט אַן אײַנגעהאַלטענעם אָטעם, אין אַ פאַרנעבעלטער ערוואַרטונג. בײַ דער ערשטער פייער־צונג, וואָס האָט זיך אויסגעבויגען צו איהר זייט, ווי די צונג וואָלט וועלען אַ לעק טון, האָט מלכּה'לע האַסטיג פאַרלאָזען די סוּכּה, מיט שטילע קעצישע טריט אַרײַנגעשלײַכט זיך צו זיך אין שטוב און צוגעלייגט אַ פּאָר אויפגעריסענע אויגען צו דער פינסטערער שויב פון פענסטער.

ווען די אידען אין בית־המדרש האָבען די ערשטע פלאַמען

דורך די גרויסע רונדע פענסטער דערזעהן, איז שוין די שרפה געווען גרויס.

— אידען, די ספר-תורה׳ס ראַטעווען! — האָבען קולות גע-שפּאָלטען די לופט.

ווי ביי אַלע אידישע שריפות אין די קליינע שטעטלעך, זענען די קולות געווען גרעסער ווי דאָס ראַטעווען. זיידענע יונגעלייטלעך, לומדים, בית-המדרש בחורים, נישט געוועהנט קיינ-מאָל עפּעס צו טון, מיט די הענט צו ריהרען, האָבען זיי זיך געשטויסען, געטומליעט זיך ווי די שעפּסען איינער צום אַנדערען, געוואַלדעוועט און נישט געריהרט זיך פון אָרט, שרייענדיג בלויז אויפ׳ן פייער, וואָס שלינגט מיט רויטע צונגען אַלץ אַרום זיך. ביז די באַלמעלאָכעס און באַלעגאָלעס זענען געקומען, איז שוין אַ האַלבער הויף אין פלאַמען געשטאַנען. פון דאָ און דאָרט איז בלויז אַ צעפלאַמטער איד מיט אַ צוגעטוליעטער ספר-תורה געלאָפען ווילד.

אין דער קירכע האָבען די גלעקער זיך צעקלונגען מיט שווערע קלאַנגען. ווייבער מיט קינדער האָבען געשריגען אין דער נאַכט:

— אידען, געוואַאַלד!...

מלכה׳לע איז אַרומגעלאָפען אַ שווייגענדיגע, אַ וואַהנזי-ניגע, אַ פאַר׳שיכור׳טע. זי האָט זיך געשלייכט פון אָרט צו אָרט, פון ווינקעל צו ווינקעל און מיט גרויסע אויפגעריסענע און שוואַרצע משוגע׳נע אויגען, אין וועלכע די שריפה האָט זיך פרעהליך געשפּילט, געברענט, האָט זי געזוכט, געזוכט דעם, וועמען זי האָט אין די לאַנגע נעכט געררופען. מיט אָפענע אויגען, וואָס זעהען קיין שום זאַך נישט, אַ חוץ איהם, איז זי אין דער פייער-באַלויכטענער נאַכט אַרומגעלאָפען ווי אַ חיה, וואָס איז פול געוואָרען אין איהר רייפקייט. און זי האָט איהם געפונען.

הינטער׳ן בית-המדרש, אָפגערוקט, צו די פעלדער צו, איז נחום׳טשע איינער אליין געשטאַנען און מיט פאַרקלעמטע הענט עפּעס אַ צעריסען ספר׳ל געדריקט צו דער ברוסט.

אין גרויסען טומעל און שרעק האָט ער געכאַפּט דאָס ערשטע, וואָס איז איהם געקומען אונטער דער האַנט, אַליין נישט וויסענדיג וואָס.

זי איז צו צו איהם מיט פעסטע טריט. זי האָט איהם ביי דער האַנט אָנגענומען. ווי אַ מאַמע אַ קינד, האָט זי באַפוילען:

— קום!

ער איז געגאַנגען.

זיי זענען געגאַנגען גיך, שווייגענדיג, האַנד אין האַנד. זיי זענען געגאַנגען גלייך, מיט די פעלדער אַרויס, צום וואַלד, ווי דעמאָלט ביים שלאַקס־רעגען. קיין איין וואָרט האָבען זיי נישט אַרויסגערעדט. דאָס פייער פון דער שריפה האָט זיי באַלויכטען דעם וועג.

די נאַכט האָט געלעבט איהר שטום נאַכט־לעבען. אַ לייכט־בלאָזענד ווינטעל האָט געדרעהט זיך און געס'סוד'עט זיך מיט רויט־באַזוימטע נאָדלען פון די שוואַרץ־געשלייערטע שטאַמען. דאָ און דאָרט האָט אַ שאָרך געטון. אַ שישקע איז אַראָפּגעפאַלען. זיי זענען געגאַנגען זיכער, שטום, טרעטענדיג אויף נאָדלען, ברעכענדיג צווייגען. אַז זיי זענען צוגעקומען צום בערגעל, וואו דער אויסגעהוילטער בוים איז געשטאַנען, צום בוים, צו וועלכען זי איז אַזויפיל מאָל געגאַנגען, אַזוי אַז די טריט אַליין האָבען שוין דאָרט געטראָפען, האָבען זיי זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד. שטום, בלויז מיט אַ ברום, ווי שטומע פולע באַשעפענישען, זענען זיי צוגעפאַלען צו זיך און געוואָרען איינס.

זי האָט געשריגען אין איהר ערשט גליק, געשריגען אין דער געדיכטער סוף־פריהלינג נאַכט, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט ריחות פון בעז און בליהענדער אַקאַציע.

דער הימעל האָט זיך אַלץ ברייטער געצונדען, פון פייער פאַרכאַפּט געוואָרען.

## *צוועלפט קאַפּיטעל*

אין נישאָווער הויף איז געווען פּוסט, חושך.

אויפ'ן אָרט פון גרויסען בית-המדרש זענען איצט גע־שטאַנען בלויז הויכע שוואַרצע קוימענס, ווי שטומע עדות פון דער שריפה, פאַררייסענדיג די טרויעריגע קעפּ צום בלויען זו־ניגען הימעל. קראָהען האָבען כּסדר געוואוינט אויף די שפּיצען פון די וויסטע קוימענס און געקראַקעט שלעכטע בשורות אין דער וועלט אַריין. פון דעם רבּינ'ס הויז זענען צוויי פליגעל מיט רויך אָפּגעגאַנגען. שטיקער אינערליכע ווענט האָבען גע־קוקט ווי נאַקעטע אַרום זיך מיט זייערע פאַררויכערטע טאַפּע־טען. די איבריגע פליגעל, וואָס די באַלמעלאָכעס און באַלעגאָ־לעס האָבען אין שבועות אָפּגעראַטעוועט, זענען געווען פאַר־רויכערט, פאַרזענקט און געשפּרייט אַרום זיך ריחות פון קויל, רויך.

דער רבּי מיט מעהרסטענס קינדער און קינדס-קינדער זע־נען זיך צעפאָהרען אין די וואַרמבּעדער. ערשטענס, האָט ער זיך געפיהלט נישט מיט אַלעמען, דער רבּי. די געלענקען האָ־בּען איהם געבּראָכען. פון עגמת-נפש און פון דער שריפה איז איהם דאָס האַרץ אַבּיסעל שלאַבּעריג געוואָרען, און די דאָק־טוירים האָבּען איהם פאַרשריבּען וואַרמבּעדער, עטליכע וואַרמ־בּעדער, בּלאָטע-בּעדער פאַר די געלענקען, וואָס דערפון ווערט נאָך מעהר אָפּגעשוואַכט דאָס האַרץ, און דערנאָך קוואַלען

פאַר׳ן האַרץ, וואָס איז אָפּגעשוואַכט פון דער בלאָטע און פון עגמת-נפש. צווייטענס, האָט ער אויך געדאַרפט זאַמלען געלד אין די וואַרמבעדער, וואוהין עס קומען זיך אָן אַ סך גבירים און „דייטשען" פון גאָר דער וועלט.

קיינמאָל האָט ער נאָך נישט געדאַרפט אַזוי פיל געלט, ווי איצט. דאָס בית-המדרש איז געווען פאַרברענט און מען האָט געדאַרפט בויען אַן אַנדערס. אויך אַ האַלבער הויף איז מיט׳ן פייער אַוועק, צוזאַמען מיט׳ן מעבעל, מלבושים, וועש און כלים. אָבער ערגער פון אַלץ איז געווען דאָס, וואָס אַ סך געלד, שווערע טויזענדער רייניש, זענען אין דער שריפה פאַרפאַלען געוואָרען. אין דער גראָבער גמרא חולין, וואָס איז געשטאַנען אין שטוב פאַרשלאָסען אין אַלמער, האָט ער בסוד געהאַט אָפּ-געשפּאָרט געלד, אין די גוטע טויזענדער רייינישען, אין גרויסע פּאַפּיר-באַנקנאָטען. קיינער האָט דערפון נישט געוואוסט. ער האָט די גמרא חולין געהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ.

זיין שטוב איז אפילו ביי דער שריפה גאָרנישט געשעהן, דאָס פייער האָט אַהין נישט דערגרייכט. אָבער ישראל אביגדור האָט פון דאָרט די ספרים געראַטעוועט. קיין שום זאַך האָט ער אַזוי נישט געראַטעוועט, ווי דעם רבינ׳ס ספרים, איבער-הויפּט די, וואָס שטעהען איז פאַרשלאָסענעם אַלמער. ער האָט מיט גרויס גבורה דעם שלאָס אויפגעריסען, די ספרים אַרויס-געטראָגען און אַוועקגעשיקט זיי אַהיים צו זיך אין שטוב, וואָס ליגט ווייט פון הויף. ער האָט זיי אָפּגעבראַכט דערנאָך די ספרים, קיין איין ספר האָט נישט געפעהלט. דער רבי האָט זיך דאָס ערשטע געכאַפּט צו דער גמרא חולין. מיט ציטערדיגע הענט האָט ער גענומען בלעטערען, אָבער קיין פּרוטה איז דאָרט צווישען די בלעטער מעהר נישט געווען. אַלץ איז געווען, יע-דער רבינ׳ס האָר פון דער באָרד, וואָס ער האָט דאָרט אַריינ-באַהאַלטען אין די בלעטער, יעדער ביסעל שמעק-טאַבעק, וואָס ער האָט פאַרשאָטען, יעדער אַלטע ציצה, וואָס ער האָט דאָרט אַריינגעלייגט, נאָר נישט די באַנקנאָטען, קיין איינער אפילו נישט.

דער ניעשאַווער האָט ישראל-אַביגדור׳ן געפּרעגט, געפּאָרשט, געבייזערט זיך אויף איהם. ער האָט איהם שיער נישט מיט די אויסגעקוילערטע אויגען אויפגעגעסען אַ לעבעדיגען. אָבער ישראל אביגדור האָט אַפילו קיין פּינטעל מיט די אויגען נישט געטון.

— אַז דער רבי איז מיך חושד — האָט ער געזאָגט אַ באַליידיגטער — קען איך, נאָך דרייסיג יאָהר גבאות, אַוועקגעהן... עך קען שווערען, עך.

דער ניעשאַווער האָט איהם באַטראַכט מיט איין אויג, לאַנג איהם דורכגעגנומען און פּאַר צאָרן אפשר צעהן מאָל גע-פּאַטשט מיט די ליפּען אין פּאַרלאָשענעם ציגאַר.

— מוחל דיר דיינע שבועות... — האָט ער געברומט מיט אונגלויבען — גיב פייער, גיב, זעהסט נישט, אַז דער ציגאַר האָט זיך פּאַרלאָשען?

ישראל אביגדור האָט גיך, מיט פּלוצלינגדיגען איבערגע-טריבענעם דרך-ארץ, צוגעטראָגען דעם רבי׳ן פייער און געלאָזט זיך אָנפּיפען פולע אויגען רויך.

— ביז ימים-נוראים, מען זאָל עס דערלעבען — האָט ער געזאָגט מיט טריישאַפט — וועט מען אויפשטעלען אַ דערווייליג הילצערען בית-מדרש. צום צווייטען זומער, אם ירצה השם, וועט מען מויערען אַ גרויס בית-מדרש, אַ דאָפּעלט-גרעסער, ווי דאָס אָפּגעברענטע, עטליכע טויזענד אידען, קיין עין-הרע, זאָלען אַריין.

— ביזט אַן עם-הארץ, ישראל אביגדור — האָט דער רבי איהם געזידעלט — ווייסט נישט, אַז מען טאָר נישט צענעמען איין מקום-קודש ביז מען בויט נישט פריהער אויס אַן אַנדערס?

ער איז געבליבען, ישראל אביגדור, ווי שטענדיג. דער רבי האָט זיך אָהן איהם נישט געקענט באַגעהן. נאָך דערצו, ווען מען האָט זיך געגרייט אין וועג. און ער האָט די רייזע צוגעגרייט מיט גרויס ברען. ער האָט געקראָגען אַ ספּעציעלען וואַגאָן פאַר׳ן רבי׳ן און די זאַכען. אַלץ, וואָס איז געבליבען נאָך דער שריפה, האָט ער געלאָזט איינפּאַקען, מלבושים, וועש, ספרים, זילבערן-געשיר, פוטערס אַפילו, טאָמער וועט זיין קיהל.

אויך אַ שוחט איז מיטגעפאָהרען, אַ קעכין, אַ משרת. ער האָט זיך נישט פאַרלאָזט, דער ניעשאַוער, אויף קיין פרעמדע שחיטה, אויף פרעמדע קיכען, נאָך דערצו אויף די געגאָלטע דייטשען פון די גוי׳שע וואַרמבעדער.

אויך דעם רבינ׳ס זיהן מיט זייערע ווייבער און קינדער זענען זיך צעפאָהרען — יעדער אין אַן אַנדער באָד. אין פרעמ-דע ערטער האָבען זיי, יעדער פאַר זיך, רבי׳טסטווע געפיהרט, טישען געמאַכט, תורה געזאָגט, שיריים געטיילט און געלט גע-נומען. איבערהויפט האָט מען געמאַכט געלט אין די וואַרמבע-דער, וואו עס זענען דאָ קוואַלען פאַר עקרות. נאָך דער שריפה אין הויף האָבען אידען גערן געלט געגעבען.

צוזאַמען מיט די ברידער, צו אַ קוואַל פאַר ווייבער, וואָס ווילען האָבען קינדער, איז אויך סערעלע געפאָהרען.

זי האָט נאָכ׳ן יאָהר פון דער חתונה איהרער קיין קינד נישט געהאַט, אַפילו אין טראָגען נישט פאַרגאַנגען. דאָס האָט זי זעהר באַאומרוהיגט. דערצו האָבען איהר די עלטערע שוועסטער, גרויסע קינדלערינס, געפרעגט ביי יעדער געלע-גענהייט:

— גאָרנישט, סערעלע?

— גאָרנישט — האָט סערעלע בעזאָגט מיט אַן אַראָפּגע-לאָזטען קאָפּ.

— עך אין דיינע יאָהרען — האָט זיך יעדע פון זיי באַריהמט — האָב שוין געטראָגען מיט׳ן צווייטען... וואָס איז די מעשה?...

סערעלע האָט זיך עס צום האַרץ גענומען און זי האָט אָפּגעמאַכט ביי זיך, מיטצופאָהרען צו די קוואַלען.

— אַוודאי — האָט דער ניעשאַוער איהר צוגעשאָקעלט — פאָהר, און זאָל דער אייבערשטער העלפען.

אויך מלכה׳לע איז מיטגעפאָהרען. דער ניעשאַוער האָט שטאַרק מורא געהאַט, אַז זי וועט נישט וועלען פאָהרען, אַז זי וועט איהם זאָגען עזות. נאָר אַרויסגעוויזען האָט זיך, אַז זי איז גערן איינגעגאַנגען. זי איז גאָר גוט געוואָרען צו איהם.

דער ניעשאַווער האָט אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז דערפאַר האָט ער באַלד נאָך די בעדער זיך לאָזען איבער דער וועלט, צו אַלע חסידים זיינע, און אַ סך געלד מאַכען, נייע זאַכען איינקויפען פאַר איהר, ניי ציהרונג, אויך געלד איהר אָפּשרייבען. עס קומט איהר.

אַ טאָג פאַר דעם רבינ׳ס נסיעה זענען אַ סך אידען פון די נאָהענטע שטעטלעך אָנגעקומען זיך געזעגענען. מען האָט אַ סך לעקעכער אָנגעבאַקען, מתנות מיטגעשיקט. גאַנץ ניעשאַווע איז אַרויס עטליכע קילאָמעטער באַגלייטען דעם רבי׳ן. בחורים זענען נאָך דער קאַרעטע נאָכגעלאָפען און פון קוטשער בייטשען געכאַפּט. און באַלד דערנאָך איז אַ פּוסטקייט אויפ׳ן הויף אַנגעפאַלען, אַ מרה-שחורה. קיין חסידים זענען מעהר נישט געקומען, די יושבים זענען זיך צוקראָכען, צופאָהרען. בלויז אַ מנין שלים-מזל׳דיגע יושבים׳לעך, וואָס טויגען נישט צו קיין זאַך, האָבען זיך אַרומגעוואַלגערט איבער׳ן אָפּגעבערענטען הויף, געשאַרט זיך הונגעריגע אַרום דער קיך. די דינסטען און משרתים האָבען נישט געוואָלט טון קיין זאַך, זיי זענען געלעגען אין די קיכען און געדרימעלט. מלכה׳לעס דינסט, די גראָבע לאַכענדיגע מויד, וואָס האָט געדאַרפט היטען דער רבי׳צינס שטובען, האָט איבערגעלאָזט די דירה אויף הפקר. אין אַ ווייט דאָרף ביי ניעשאַווע איז ביי אַ איד אַ טעפּער זיין אידענע געשטאָרבען און איבערגעלאָזט איהם אַ סך קינדער, איינס קלענער פון אַנדערען. די פאַרזעסענע מויד האָט דערפיהלט, אַז זי קאָן נאָך אויפגעריכט ווערען און געהן, ביי איהרע פערציג יאָהר, מיט׳ן טעפּער צו דער חופה. זי איז דעריבער צו איהם אָפּט אין דאָרף אַרויסגעגאַנגען, זי האָט דאָרט די ליימענע פאָדלאָגע פון זיין שטיבעל אויסגעקעהרט, די קינדער די קעפּלעך אויסגעצוואָגען און דעם אלמן אַ לאַטע אויף די הויזען צוגענעהט, זיפצענדיג דערביי כסדר:

— אַז אַ מאַנסביל, מ׳שטיינס-געזאָגט, איז אַליין...

איבער׳ן הויף האָבען זיך באַלמעלאָכעס אַרומגעדרעהט, מען האָט געלאָשען קאַלך, געגראָבען גריבער, געקאַפּט, גענגרייט

בויען. אין די אָווענדען איז געווען חושך, וויסט, ווי אויף אַ בית-עולם. פונקט אַזוי חושך, וויסט און פול מיט מרה-שחורה איז געווען נחום׳טשע, וואָס איז איינער אַליין פאַרבליבען אין הויף אויף זיין גאָרען-שטיבעל, וואָס די שריפה האָט עס אויס-געמיטען.

ער האָט נישט געוואָלט פאָהרען אין ערגיץ, וויפיל מען האָט איהם נישט געבעטען, וויפיל דער רבי האָט מיט איהם נישט איינגע׳טענה׳ט.

— איך וויל בלייבען אין הויף — האָט ער געזאַגט — איך דאַרף אַזוי.

און גאַנצע טעג איז ער אָפּגעזעסען אין זיין לערען-שטי-בעל אויפ׳ן גאָרען. ער איז נישט אַראָפּגעגאַנגען דאַווענען מיט מנין מיט די יושבים, ער האָט זיך אויף דער גאַס נישט גע-וויזען, ער האָט ווינציג געגעסען, אָפטמאָל איינגאַנצען זיך נישט צוגעריהרט צום עסען, וואָס איינער פון די יושבים האָט איהם אַרויפגעטראָגען פון דער קיך, און בלויז געקוקט אין די ספרים אָדער גאָר שעה׳נווייז געזעסען אומבאַוועגליך אויף אַן אָרט און געקוקט מיט פינסטערע בליקען אויף די שטומע קוימענס, וואָס זענען געבליבען נאָך דער שריפה.

און גרעסער פון אַלע זינד אויף דער וועלט — האָט ער געלערענט אין די ספרים — איז די זינד פון טוען אומווער-דיגקייט מיט אַ פרוי פון אַ מאַן. דען אַ מאַן, וואָס ענטפלעקט די שאַנד פון זיין חבר — זאָגט די הייליגע תורה — איז גע-טייט זאָל ער געטייט ווערען, אי דער מאַן, אי די פרוי, וואָס האָט אָפּגעקעהרט, זאָלען זיי ביידע פאַרטיליקט ווערען פון פאָלק. און ווער איז צו די רשעים, וואָס זינדיגען מיט פרעמדע ווייבער, דען זיי בעטען אויף זיך דעם גיהנום אויף יענער וועלט, אָבער מען לאָזט זיי נישט אַריין, דען זייער אומווער-דיגקייט איז זעהר גרויס, און מען וואַרפט זיי אין כף-הקלע פון איין עק וועלט ביז דעם צווייטען, און זיי ווערען מגולגל אין בהמות און חיות און עופות און שרצים און אין פיש און אין שפּראָצונגען, און זייער צער איז גרויס און נאָך גרעסער

די בושה. און ווען זיי שטאַרבען און די ערד דעקט זיי צו, קומען שדים אין געשטאַלט פון אָקסען און טרעטען זיי מיט די פיס, און דער מלאך-הדומה קלאַפּט אָן מיט אַ פייערדיגער רוט אין קבר און שרייט: ווער ביזטו, רשע, און ווי איז דיין נאָמען? און די רשעים, וואָס האָבען פאַראומרייניגט דאָס אידישע פאָלק, בפרט די, וואָס האָבען ממזרים געברענגט אין קהל, פאַרגעסען זייערע נעמען. דעמאָלט קומען שדים אַזויפיל, ווי דאָס זאַמד פון ים, און זיי שלאָגען און זיי פייניגען און זיי שפּעטען, אַז מען הערט די קולות פון געפייניגטען פיר הונדערט מייל אויף פיר הונדערט מייל, און דער רשע וויל תשובה טוען, אָבער די רוחות לאַכען פון איהם, דען זיי זאָגען, איצט איז שוין צו-שפּעט.

נאַכט ביי נאַכט האָט ער שריפות געזעהן, פייער-פלאַמען. דער ניעשאַווער הויף האָט געברענט. וואו דאָס בית-המדרש איז געשטאַנען, איז מיטאַמאָל דאָס גיהנום געוואָרען. מלאכים שטעהען אין גיהנום אין אַטלעסענע קאַפּאָטעס און זאָגען תקון-שבועות. דער רבי שטעהט מיט זיי. נאָר מיטאַמאָל קומען רוחות אָן און שפּעטען פון דעם רבי'ן, זיי פיהרען איהם אין אַ וואַלד אַוועק, צו אַ בוים אַן אויסגעהוילטען. ער מיט מלכה'לען, נאַקעטע אינגאַנצען, לויפען, אידען יאָגען זיי נאָך, פיהרען זיי אַוועק קיין ירושלים, וואו דאָס בית-המקדש שטעהט, און כוהנים זיצען פאַר'ן טויער פון שטאָט. דער רבי שרייט צו די כוהנים, ווייזט אָן אויף מלכה'לען, אַז זי האָט געזינדיגט. מלכה'לע לייקענט. דעמאָלט הויבט זיך אויף דער כוהן, אַ איד מיט אַ שוואַרצער באָרד ביז'ן גאַרטעל, אַ בייזער זעהר, און גיט מלכה'לען צו טרינקען ביטער-וואַסער, און ער שעלט הויך, און ער שרייט, אויב דו האָסט געזינדיגט און פאַראומרייניגט זיך, און דו האָסט געטון אַ פעלשונג אין דיין מאַן, זאָל דאָס וואַסער מאַכען געשוואָלען דיין בויך, און דיין דיך זאָל אַרויספאַלען, און דו זאָלסט זיין אַ ק׳לה און אַ פלוך צווישען דיין פאָלק. זי שרייט: נחום, נחום'טשע! ער וויל זי פאַרשטעלען, נאָר די אידען כאַפּען שטיינער און וואַרפען אויף איהם און

שרייען: פאַרטיליגט זאָל ווערן דער מאַן, וואָס האָט ענטפלעקט די שאַנד פון אַ ווייב פון אַ מאַן, זיין בלוט אין איהם!...

מיט אַ יאָמערלעך געשריי פלעגט ער זיך אויפכאַפּען פון שלאָף און קאָרטשען זיך אינגאַנצען אין וועהטאָג.

אויך אויף דער וואָך האָט ער זעהונגען געהאַט. איבערהויפט אין די פאַרנאַכטען, ווען ער איז געזעסען איינער אַליין אין דער טונקעלקייט פון צופאַלענדען אָווענד און די שטומע קוימענס האָבען צו איהם אין פענסטער אַרייגעקוקט. שטימען פאַרהוילענע, ווייטע, האָבען זיך געטראָגען צו איהם פון די פינסטערע ווינקלען. געשטאַלטען זענען געקומען נישט דורך דער טיר און גערעדט צו איהם אין דער טונקעלקייט.

און בלינד איז דער — האָט איין געשטאַלט געזאָגט, — וואָס מיינט, אַז ווען מען ווערט געשטרויכעלט, איז שוין קיין האָפנונג נישטאָ, דען גאָט איז אַ דערבאַרמדיקער, און ער האָט דעם מענש געגעבען די ברירה, גוט צו מאַכען דאָס, וואָס ער האָט קאַליע געמאַכט. און אַפילו ווען דיינע זינד זענען רויט, ווי רויטער פאָדים, קאָנען זיי דורך תשובה און פיין ווערען אָפּגעוואַשען און ווייס, ווי שניי. און פייניגען דאַרף דער זינדער זיין גוף, און פאַסטען, און אַש אויף דעם קאָפּ שיטען, און חרטה האָבען מיט'ן גאַנצען האַרץ, דען אַזוי ווי פייער רייניגט דעם ראָסט פון אייזען, אַזוי רייניגען יסורים דעם זינדיגען גוף פון עבירות. און עס איז בעסער צו פייניגען דעם גוף אויף *דער* וועלט, ווי לאַנג עס איז נישט שפעט, איידער צו ליידען טויזענדער מאָל שטאַרקער אויף *יענער* וועלט...

דער שוטה מיינט — האָט די אַנדערע געשטאַלט געלאַכט — אַז מיט פייניגען און פאַסטען קאָן מען זיך דערנעהנטערן צו דער גאַנצקייט. נאַראָנים, זיי ווייסען נישט, אַז די מחשבה, דער מענשליכער געדאַנק איז טויזענד מאָל שטאַרקער פון דער זינד אַליין, און דאָס טראַכטען וועגען זינד, וואָס מען טוט נישט, איז פיל ערגער, ווי די זינד, וואָס מען טוט, דען די זינד איז נישט דויערהאַפט און דער געדאַנק איז שטענדיג. דען ווען דער מענש האָט דעם יצר-הרע נאָכגעגעבען און

איז זאַט, האָט ער שוין מעהר די זינד נישט אין זיך, ער האָט זיך פון איהר באַפרייט, און דער קאָפּ איז ריין, און דער מוח איז לויטער, און מען קאָן פאַרשטעהן די העכערע זאַכען. אָבער, ווען דער מענש פאַסט און טראַכט נאָר וועגען עסען, ווען דער מענש שיידט זיך אָפּ פון לוסט און ווייבער און טראַכט נאָר וועגען אומווערדיגקייט, איז פינסטער זיין געדאַנק, איז אומריין זיין מוח, און ער קאָן נישט גאָט דינען, און ער איז איינגעטונקען אין שלעכטע געדאַנקען און מרה-שחורה, וואָס איז געגליכען צו טומאָה. און געוועזען זענען צדיקים, וואָס האָבען געוואָלט ברענגען די אויסלייזונג דורך עבירות, דען משיח קאָן נאָר קומען, ווען אַלע וועלן זיין גערעכט אָדער אַלע וועלען זיין אומגערעכט, און ווייל אויך די זינד זענען פון גאָט, און אויך די סטרא-אחרא, די אומריינע כוחות זענען אַ טייל פון דער גאָטהייט, איז גאָט דאָ אויך אין דער זינד, ווייל אין אַלץ איז גאָט, און עס שטעהט געשריבען, איך וועל רוהען אין אייך אין אייער טומאָה... און אַזוי ווי מען קאָן נישט ווייס מאַכען קיין שוואַרצקייט, אַזוי קאָן מען נישם אינגאַנצען ריין מאַכען דאָס, וואָס מען האָט איינגערעכט, דעריבער קאָן מען אויסרייניגען זיך פון דער אומריינקייט דערמיט, וואָס מען שפּייט די זינד אויס פון זיך, מען עסט זיך איבער מיט איהר, ווי דער פרעסער, וואָס פרעסט אַזוי לאַנג, ביז ער ברעכט אויס, און מען קומט צו דער גאָטהייט.

ער האָט געבלאָנדזשעט, אַליין נישט געוואוסט, וואָס צו טון מיט זיך.

עס זענען געווען טעג, ווען ער האָט זיך גענומען פּייניגען. ער האָט נישט פאַרזוכט קיין פליייש אַפילו אין שבת. אין די קיהלסטע טעג איז ער אין די קאַלטסטע מקוות געגאַנגען. ער האָט זיך אויך נישט צוגעריהרט צו זיין געלעגער, נאָר געשלאָפען אויף דער הוילער ערד. אויף שבת האָט ער קיין העמד נישט איבערגעטון.

עס זענען געווען טעג, ווען ער האָט נישט געדאַווענט, די תפילין אויפן קאָפּ נישט אנגעטון, ווייל ער האָט נישט

געוואָלט דעם של־ראש אויף זיין זינדיגען קאָפּ פאַרשוועכען, ווייל ער האָט מורא געהאַט מיט זיינע אומריינע ליפּען אַ אידיש וואָרט אַרויסצוזאָגען. געה, זיי דיך מטמא, האָבען שטימען צו איהם גערעדט, ווייל צו דער ריינקייט וועסטו שוין מעהר נישט קומען. לייקען, טרייב זנות, דען אין דער טומאָה וועל איך רוהען צווישען אייך, שטעהט געשריבען.

צוויי כּוחות האָבען אין איהם מלחמה געהאַלטען, איינמאָל האָט זיך איין כּוח געשטאַרקט, באַלד — אַ צווייטער. און אַמאָל האָבען ביידע כּוחות צוזאַמען גלייך געוועלטיגט איבער איהם, די קדושה מיט דער טומאָה צוזאַמען, אַזוי, אַז ער האָט אַליין נישט געוווסט וואָס ער איז און ווער ער איז. אין מיטען דאַוונען, אין דער גרעסטער תּשובה, האָט ער פּלוצלינג אַראָפּגענומען די תּפילין פון קאָפּ, ער איז אַרויס הינטער דער שטאָט און מיט גיכע טריט געלאָזט זיך צו די פעלדער, וועלדער. אויפ׳ן וועג האָט ער צו זיך אַליין גערעדט. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר׳ן טייכעל, וואו גויעס, האַלב נאַקעטע, שטעהען און קלאַפּען אויס וועש, און געקוקט אויף זייערע רויטע אָפּגעדעקטע פיס. ער האָט אָנגעשטעלט די אויגען אויף די צלמים פון דער דאָרפס־קירכע און שלעכטע געדאַנקען דערפיהלט.

אָפטמאָל איז איהם אויסגעקומען, אַז ער איז גאָר נישט נחום, נאָר עפּעס אַן אַנדערער, אַ גלגול, וואָס האָט זיין פריהערדיג געשטאַלט אָנגענומען. און אַמאָל איז איהם אויסגעקומען, אַז ער איז נישט איין מענש, נאָר צוויי, אַז אין איהם אַליין איז אַ פאַרצווייאונג פאַרהאַן. דאָס האָט איהם מיט אַזאַ שרעק אַרומגענומען, אַז ער פלעגט צו זיך אַליין נעמען שרייען:

— ווער ביסטו, האַ?...

אַז דער רבי מיט זיין הויז־געזינד זענען צו די ימים־נוראים צוריקגעקומען פון די וואַרעמבעדער קיין ניעשאַווע, האָבען זיי נחום׳טשען נישט דערקענט. אין הויף איז צוריק געוואָרען פרעהליך. דער רבי האָט אַ סך געלד געבראַכט. אויך

זי זיהן האָבען גוטע צייטען געהאַט. חסידים זענען זיך אָנגעקומען, יושבים, אורחים. אין בית-המדרש האָבען אידען מעד געטרונקען, מזל-טוב זיך אָפּגעגעבען. מען האָט שוין געוואוסט, אַז דעם רבינס פערט ווייב איז אין טראָגען פאַרגאַנגען, אַז עס וועט זיין אַ אינגעל, ווי דער רבי האָט נאָך פריהער-אויס אַ וואָרט דעריבער געלאָזט פאַלען.

— לחיים, אידען – האָט מען זיך געוואונשען – ס'זאָלען נור זיין שמחות ביי אידען.

נחום'טשע האָט קיינעם נישט געוואָלט זעהן, מיט קיינעם קיין וואָרט נישט אויסגערעדט. ער איז אַפילו קיין איין מאָל נישט צום רבינס טיש געגאַנגען. אין הויף האָט מען גענומען מורא האָבען פאַר איהם.

— ר'האָט זיך זיינע געגג – האבען אידען געזאָגט שטיל – נישט צו פאַרשטעהן.

סערעלע האָט חדשים לאַנג געליטען. זי האָט זיך אָנגעטון אַ כוח און מיט איהר מאַן געפּרואווט רעדען, דערנעהנטערען איהם צו זיך. ער האָט נישט געענטפערט. זי איז אַריין צו איהר פאָטער מיט אַ געוויין:

טאַטע – האָט זי געכליפּעט – ער האָט זיך אינגאַנצען אָפּגעשיידט פון מיר...

דער ניעשאַווער האָט זי געטריבען מיטן ספּאַדיק, ווי שטענדיג.

— געה, געה, שוטה'לע – האָט ער געברומט – עך וועל איהם זאָגען, עך. עך וועל איהם געבען אַ פסק, אַז אין ניעשאַווע האָלט מען נישט פון אַזעלכע זאַכען. עט...

ער האָט זיך טאַקע געגרייט מיט איהם צו רעדן, דער רבי. ער האָט עס בלויז אָפּגעלייגט פון טאָג צו טאָג. ער איז געווען שטאַרק פאַרנומען, אַ סך חסידים געהאַט, געלט אויפ'ן בית-המדרש געפּאָהרען זאַמלען, און ער האָט נישט געהאַט קיין קאָפּ דערצו. ער האָט באַשלאָסען עס אָפּצולייגען אויף פורים. ביי דער סעודה, ווען אידעז זענען בגילופין – האָט ער

געטראַכט — וועט ער איהם נעמען פאַר דער האַנט און מאַכען ליצנות פון איהם.

— עך האָב שפּעטער פון דיר חתונה געהאַט — וועט ער איהם זאָגען — פונדעסטוועגען בין עך מעהר בּריה פון דיר, דו ראַכמאַניוועקער ליטוואַק...

אָבער פאַר פּורים איז אַן אומגליק געשעהן אין הויף.

אין אַ שטאַרק-פראָסטיגער נאַכט, כאָטש עס איז שוין געווען אין אדר, האָט מלכה'לע שווערע וועהען געקראָגען און נישט געקענט געבוירען. פון רבּינ'ס הויף האָט מען אַרויסגעשיקט אַ שליטען מיט דריי פערד נאָך דעם אַלטען דאָקטאָר פון דער נאָהענטער גרויסער שטאָט, וואָס זאָל דעם ניעשאַווער דאָקטאָר צוהילף קומען. אָבער בּיז ער איז געקומען, דער אַלטער דאָקטאָר, איז שוין געווען צו שפּעט.

זי איז געשטאָרבּען מיט'ן קינד אין בּויך.

דער רבּי איז געזעסען אין אַ ווינקעל-שטוב און געיאָמערט. קיינער פון די קינדער זיינע איז צו איהם נישט צוגעגאַנגען.

— נישט געדאַרפט חתונה האָבּען מיט אַ קטלן — האָבּען די ווייבּער געמורמעלט.

אַ גאַנצען מעת-לעת צייט האָבּען די ווייבּער געוואָלט אַרויסקריגען בּיי דער געשטאָרבּענער רבּי'צין איהר טויט קינד, כדי עס צו בּאַגראָבּען בּאַזונדער, ווי דער מנהג איז. אָבער זי האָט עס נישט געגעבּען. מען האָט זי טויטערהייט אין מקוה געטונקען, תהילים געזאָגט, עס האָט נישט געהאָלפען.

מען האָט אויף איהר גוזר געווען.

— מלכה בּת שפרה — האָט אַ בּית-דין פון דריי רבּנים צו דער טויטער געזאָגט — מיר זענען גוזר אויף דיר, דו זאָלסט אַרויסגעבּען דיין קינד פון דיינע געדערים, ווי דער דין איז...

די טויטע האָט עס נישט געגעבּען. זי איז געלעגען מיט פאַרהאַקטע צייהן אין דער אונטערשטער ליפּ און געקוקט אויף אַלעמען מיט אָפענע אויגען.

די שטאָט האָט מורא געהאַט. דאָס איז געווען אַ שלעכ־טער סימן.

און אינמיטען דער נאַכט, ווען אַלע זענען געזע־סען אַרום דער טויטער, געצונדען ליכט און תּפילות געזאָגט — האָט נחום׳טשע אויפגעפּעפּנט שטיל די טיר פון זיין לערען־שטיבעל אויפ׳ן גאָרען און ער איז פאַרשוואונדען אין דער נאַכט. ער איז געגאַנגען נאָך אַ קול, וואָס האָט איהם גערופען.

אַלע מלבושים זיינע זענען געבליבען. בלויז די תּפילין האָבען געפעהלט.

מען האָט פאַנאַנדערגעשיקט שליחים איבער אַלע וועגען. מען האָט געלאָזט אויסרופען אין בתי־מדרשים און שוהלען אין שטעט און שטעטלעך. מען האָט דער פּאָליציי צו וויסען גע־געבען. מען האָט אפילו אין די גוי׳אישע בלעטער אריינגע־שריבען. נאָר מען האָט איהם נישט געפונען. מען האָט שליחים קיין ראַכמאַניווקע אַוועקגעשיקט. ער איז דאָרט נישט געווען. ער איז פאַרפאַלען געוואָרען, ווי אַ פליעווע, וואָס דער ווינד בלאָזט אַוועק.

סערעלע האָט אָנגעגליהט אַ ציגעל אין קיך אויף רויט און זי האָט געזאָגט איבער איהם אַ שפּרוך:

— שטיין, שטיין, אַזוי ווי דו גליהסט, אַזוי זאָל גליהען דאָס האַרץ פון מיין מאַן נחום צו מיר. קום, קום, קום!

ער איז נישט געקומען.

נאָך עטליכע וואָכען אומזיסטען זוכען אי דורך דעם ניע־שאַווער הויף, אי דורך ראַכמאַניווקע, האָט דער רבי געשיקט רופען סערעלע׳ן צו זיך.

ער האָט זי נישט געבעטען זיצען, אפילו זיך נישט רעכט אומגעקוקט אויף איהר.

— זיי וויסען, אַז דו ביסט אַן עגונה — האָט ער איהר געזאַגט — ביסט נישט מעוברת?

זי האָט זיך פאַנאַנדערגעוויינט, סערעלע, אָבער דער פאָ־טער האָט זי נישט געטרייסט.

— נו געה, געה — האָט ער זי געטריבען מיט'ן ספּאָ־
ריק — נו !...

זי איז אָוועק צו זיך אין שטוב. זי האָט אַראָפּגענומען דעם אַטלעסענעם שלייער פון קאָפּ און איינגעהילט זיך אין אַ גרוי טיכעל, נישט אין קיין זיידענס, נאָר אין אַ וואָלענס, ווי עס טראָגען אָרעמע ווייבער. דערנאָך האָט זי אָנגעטון אַן אַלט שוואַרץ קלייד, און די פיס אין לויזע שיך אָנגעשטעקט.

זי האָט אויסגעזעהן ווי אַלע פּאַרלאָזענע פּראָסטע ווייבּ־לעך פון שטאָט, וואָס זייערע מענער באַלמעלאָכעס זענען פון זיי אָוועק קיין אַמעריקע און זיי געלאָזט עגונה'ס.

## דרייצעהנט קאַפּיטעל

אויף די בלאָטיגע וועגען, וועלכע פיהרען קיין ביאַלאָגורע אין פוילען אויף דער רוסישער זייט, האַרט ביי דער גאַליצישער גרעניץ, איז באַוועגליך און טומעלדיג.

אין ביאַלאָגורע איז אַ יאַריד, דער גרויסער יאָהרמאַרק פאַר ניטעל, אויף וועלכען פויערען פון אַלע אַרומיגע דערפער קומען זיך צונויף. רייכע גוים אין רויטע פעלצען פאָהרען מיט ווייב און קינדער און מיט אַ ביק צוגעבונדען ביי די הערנער צום וואָגען פון הינטען. אָרעמע גוים געהען צופוס, בלויז האַלטענדיג צוגעבונדען אַ שטריקעל צו אַ הינטערשט חזיר׳יש פיסעל. בעטלערס מיט ווייסע בערד און ברייטע קליידער, עהנליכע צום הייליגען ניקאָלאַי, וואָס מען מאַכט פון איהם צוקערלעקעכלעך פאַר קינדער, שלעפען זיך אויף וועגען, קניהענדיג אין שניי פאַר יעדער הייליגער פיגור, פאַר יעדער אויסגעבויגענעם חרוב׳ן צלם. אידען קרעמער, טאַנדעטניקעס, היטעלמאַכערס, שוסטערס, קירזשנערס פאָהרען מיט ווייב און קינדער אויף לייכטע אידישע וואָגענס. יונגע געזעלען, פרעהליכע, צולאָזענע בחורים, מיידען אויס די פויערישע פוסגעהער, די באַלעבאַטישפאָהרענדיגע גוי׳אישע וואָגענס. פאַר יעדען דאָרף, וואָס זיי פאָהרען דורך, מאַכען זיי מיט די הענט צו די שיקסעס פאַר די געפלאָכטענע פלויטען און שרייען:

— מיינע הענט און פיס אויף דיין לייב און לעבען...

עלטערע אידען מוסר'ן זיי:

— יונגאַטשעס, טשעפּעט נישט ס'גאַיעס.

נאָר די יונגען הערען נישט.

— העי! — שרייען זיי צו אַ תּמ'עוואַט פויערעל, וואָס טראָגט אַ מענדעל אייער אין אַ רויטער קעשענע-פּאַטשיילע אויפ'ן יאַריד צו פּאַרקויפען — קופּטשע יעלה-ויבוא, טאַניאָ...

דאָס גוי'עצעל שפּאַרט אונטער אַ האַנט אונטער'ן ברוין-און-בלויען אויער.

— טשעגאָ? — שרייט ער.

און די געזעלען קנייפּען די מייסטערס טעכטער פאַר הנאה.

אידען שמאַטניקעס מיט געשוירענע בערד, שוואַרצע, אָפּ-געברענטע, עהנליכע צו ציגיינער, פאָהרען מיט זייערע לייוועג-טענע ביידלעך, אָנגעפּיהלטע מיט מציאות, כּלים, פייפלעך, גלע-זערנע קרעלען, דראָטענע פינגערלעך, פּאַטשערקעס, וואָס זיי געבען פאַר שמאַטעס און ביינער. ביי יעדער דאָרף, וואָס זיי פאָהרען דורך, קלינגען זיי מיט גלעקלעך, קרעהען אין ערדענע גאָלד-געפאַרבטע הענער און רופען צום גראַם אין אידיש, פּוי-ליש און רוסיש געמישט, מיט אַ ניגון פון אתּה הראית:

בתולה'ס, פּאַניענקעס, מאָלאָדיצעס,
זאַ שאַראַוואַרי, סוקענעטשקי און ציצית,
סאַראַפּאַני, קאַפּטאַני און הויזען,
ביינער, שמאַטי און שאַלאַמויזען.
בראַנסאַליעטקי, קאָראַלען, זהב-טהור,
האָבען זאָלט עטץ מיר אַזאַ יאָהר,
דאַיו זלאָטאָ, סרעבראָ און טייער שטיין
די ממתּקים אַהער, ונאמר אמן!...

טשעכישע קונצענמאַכער מיט מאַלפּעס אויף די אַקסלען, ציגיינער מיט קופּערנע פאַנען און קעס'ען, הונגעריגע רוטענער, הוצולען פון די קאַרפּאַטען-בערג, דראָטשאַרעס, וואָס געהען אויס וועלטען מיט זייערע בינטלעך דראָט, צו פּאַרריכטען

געשפּאָלטענע ערדענע כּלים, — געהען איבער די וועגען שווייגענדיגע, פאַרוואָלקענטע.

— קאַמעראַדי — בעטען זיי ביי זייערע לאַנדסלייט, גאַליצישע אידען אין רבני'שע קאַפּעלאַטשען און אין לאַנגע פאַריבלאָטיגטע זשופּיצעס, וואָס שוואַרצען איבער די גרעניץ וואָלענס און זיידענס אויף דער רוסישער זייט — קאַמעראַדי, גיט עפּעס צו עסען, אַ שטיקעל צוויבאַק כאָטש, די קישקעס דרעהען זיך איבער פון הונגער. גאָט וועט באַצאָהלען.

אידען פערד-הענדלער פון דער רוסישער זייט גרעניץ, אידען גיבורים מיט הויכע שטיוועל, מיט שווערע בורקעס און מיט שעפּסענע היטלען אויף די קעפּ, קריגען זיך מיט זייערע קאָנקורענטען, פערדס-הענדלער פון גאַליציען, אידען מיט לאַנגע פּיאות און רבני'שע זשופּיצעס, וואָס קומען אַהער אויף דער רוסישער זייט איינקויפען פערד פאַר דער עסטרייכישער קאַוואַלעריע.

לאַנגע טאַבונען פערד פיהרען זיי מיט זיך, פערד יונגע, שטאַרקע, וואָס הירזשען מיט בענקשאַפט און באַגעהער צו פאַרלאָזענע שטאַהלען און צו אָגערס. פריהעראויס רייט אַ גאַליציאַנער איד מיט אַ רויט געזונט פּנים, וואָס שפּראָצט מיט בלוט, מיט אַ געדיכטער באָרד און פּיאות. ער רייט אָהן אַ זאָטעל. די פיס הענגען זיך איהם נאָך, די לאַנגע זשיפּיצע שלעפּט זיך, די פּיאות פלאַטערען, די ציצית פון לאַנגען טלית-קטן באָמבלען זיך, דער פאַרשמאָלצעוואַטער רבני'שער קאַפּעלאַטש איז פאַררוקט אין אַ זייט. אָבער אַראָפּוואַרפען פון פערד לאָזט ער זיך נישט, אַפילו פון הייס-בלוטיגסטען אָגער.

— העפּ, העפּ! — שרייט ער און יאָגט מיט'ן טאַבון אויף די בלאָטיגע וועגען — ווישטאָ, קינדערלעך, העי!...

די קאָנקורענטען זייערע פון דער רוסישער זייט גלוסט זיך שטענדיג אויפסניי לאַכען פון די פערד-יונגען אין די רבני'שע זשופּיצעס.

— קיר"ה מאַק — שרייעז זיי נאָך און שמייסען מיט די

לאַנגע בייטשען דעם „רב׳ס" פערד, כדי דעם קאָנקורענט אַראָפּ-צוּוואַרפען — באָבעלע-יושקע... קאשטאַנער רבי...

— פּאָניע חזיר! — ענטפערט דער „רב" אין גאַלאָפּ — עך לאַך פון אייער גע׳פּגר׳טען טאַטען...

אין גרויסען שטאָטישען אַלטען בית-המדרש, וואָס מיט זיינע משונה׳דיגע ווענט און האַלב-רונדע פאַרקראַטעוועטע פענ-סטער דערמאָנט עס אין אַ פעסטונג פון מלך סאָביעסקי׳ס צייטען, איז געפּאַקט. אידען פרעמדע, יאַריד-פאָהרערס, בעטען זיך מיט רויהע קולות ביי די שטאָטישע שעהנע-אידען, זיי זאָלען זיי לייהען טלית און תפילין.

— ס׳עט נישט לאַנג דויערען — זאָגען זיי צו — איידער איהר קוקט זיך אום, האָב איך שוין אָפּגעפּאָהרען. ס׳עט געהן ווי געשמירט. נישטאָ קיין צייט...

לייטישע אידען ווילען נישט געבען.

— נאָכאַמאָל — זאָגען זיי געלאַסען, נישט געאיילט — נאָכאַמאָל זאָלט עטץ וויסען, אַז אַ איד טאָר אָהן טלית און תפילין נישט אַרויספאָהרען — אַ פלעשעל בראָנפען פאַרגעסט מען וואויל נישט מיטצונעמען, נאָר תפילין יאָ, גראָבע יונגען...

— אַ סוף, אַ סוף — בעט זיך אַ באַלעגאָלע און דעקט אָפּ די לינקע האַנט פון אַלע אַרב׳עך, פון אַלע לייבלעך און שפּענצערס, וואָס ער טראָגט — יעך וועל נאָר דאָס געשפּאַן אַרויפוואַרפען, אַ קוש טון די ציצית, אויסשפּייען און היידאַ! אַ סוף, כ׳האָב איבערגעלאָ׳ט די פערד אויף הפקר...

אידען חסידים טרינקען בראָנפען, מען ווינשט זיך לחיים און מען פאַרבייסט מיט הייסע באָבעלעך מיט קאָשע געפּיהלט, וואָס אַ אידענע פאַרקויפט אין ווינקעל פון בית-המדרש און פון אונטער אַ פאַק שמאַטעס, כדי זיי זאָלען האַלטען היץ.

— לחיים, אידען, אַ גוטען יאַריד, גאָט זאָל העלפען!...

בית-המדרש בחורים׳לעך, קעסט-איידעמלעך מיט פוכ׳יגע בערדלעך, זיצען ביי די גראָבע טישען, ביי ריזיגע צעריסענע גמרות און זינגען, מאַכען קולות, נאָר לערנען וועניג. זיי זע-נען מקנא זייערע חברים, וואָס טאַטעס און שווערס האָבען זיי

צוגענומען אויף א טאָג פון דער גמרא און אַוועקגעשטעלט ביי קראָמען, אַכטונג צו געבען אויף פויערען, קוקען גוי׳עס אויף די הענט. דער יאַריד, די פרעמדע מענשען, דער טומעל רופט, לאָזט ביי די גמרות נישט איינזיצען. צום וויפילטען מאָל הויבען זיי אָן אויפסניי:

— שור שנגח את הפרה, אַן אָקס האָט געשטויסען א קוה...

און הינטער׳ן ריזיגען בית-המדרש אויוועך, אין וועלכען מען לייגט אַריין גאַנצע שייטען האָלץ, טומעלט זיך און רודערט זיך. גאַנצע מחנות אָרעמעלייט זענען זיך צוזאַמענגעקומען אויפ׳ן יאַריד, ווען אידען לייזען געלד און מען קאָן כאַפּען פעטע נדבות, און זיך אין בית-המדרש הינטער׳ן אויוועך באַזעצט. בייטאָג קאָנען זיי נישט בעטלען. אידען זענען פאַרנומען. אויף פאַרנאַכט וועט מען נישט קאָנען געהן איבער די הייזער, ווייל אידען וועלען זיין פאַרנומען מיט רעכענען, צעהלען געלט. געהן וועט מען ערשט קאָנען צומאָרגענס. און דערווייל האָט מען זיך דאָ אויסגעזעצט אין בית-המדרש, הינטערן גרויסען אויוועך, וואו ס׳איז וואַרעם און אָפּגעזונדערט. זיי זיצען אויף דער ערד, אויף די טאָרבעס, אויף שמאַטעס, זיי צעהלען גראָשענס, לייגען אויס ברודיגע שטיקלעך צוקער, וואָס קאַרגע ווייבער גיבען זיי אָנשטאָט גראָשענס.

דעם צוקער פאַקען זיי אין טאָרבעלעך און שאַצען איהם אָפּ, וועגען אין די הענט, וויפיל געלט מען וועט קריגען דערפאַר ביי די קאַצאַפּעס, וואָס קויפען דעם צוקער אויף מאַכען „סאַכאַמאָראָזש״. אויך באַלעבאָסטעס פון אָרעמע גאַסט-הייזער קויפען דעם צוקער אויף זיס צו מאַכען טהע.

אַנדערע לויזען זיך, קראַצען זיך אין די געדיכטע בערד און קאָלטענעס, בינדען זיך שמאַטעס אַרום די וואונדיגע פיס און רעדען וועגען גוטע און שלעכטע שבתים. זיי געהען איבער שטעט און שטעטלעך לויט דער פרשה פון דער וואָך. זיי שטעלען אַזוי אויס זייער מאַרשרוט, אַז צו דער זעלבער פרשה זאָלען זיי זיין אין דער זעלבער שטאָט. די נעמען פון די

שטעט געדענקען זיי נישט אַלעמאָל, זיי געדענקען בלויז די סדרה'ס און ביי וועמען זיי האָבען געגעסען שבת. און זיי רע-דען וועגען די שבתים.

— בראשית — זאָגט אַ איד מיט רויטע אויגען — האָב יעך אַ פּעטען. פיש און פּעטשאַי, און ציבעלעס מיט שמאַלץ, און קוגעל, און קישקע, און צימעס, און בראָנפען וויפיל מען וויל נאָר, און אַפילו מלוה-מלכה גיט מען אַ צולאָג, בארשט מיט קאַרטאָפעל. איך וואָלט פאַר מיין בראשית קיין דריי גול-דען נישט גענומען.

— מיין ויקרא — ענטפערט אַ דיקער איד מיט אַ פעך-שוואַרצער באָרד און מיט פינסטערע אויגען, וואָס אַזעלכע אי-דען געפינט מען אין די אַלטע שפּאָט-ביכלעך אויף אידען — מיין ויקרא זאָל אַ פייער נעמען. אַ קליין פיצעל פיש, קיין פּעטשאַי אינגאַנצען נישט, און חלה גיט מען נור צו דער מוצא, דערנאָך דערלאַנגט מען ברויט.

צווישען גאַנצען עולם בעטלערס, אָפגערוקט אָן אַ זייט, אין לייכטע צעריסענע קליידער, מיט אַ יונג, שוואַרץ בערדעל אַרום זיין בלאַס מאַט פנים, זיצט אַ יונגער בעטלער אויף זיין מאָגער זעקעל און זאָגט כסדר תהילים פון אַ צעשיט סידור'ל. ער איז אַ פרעמדער צווישען די אַלע. זיי קענען איהם קיי-נער נישט, קיינמאָל האָט מען איהם נאָך נישט באַגעגעגט אויף די וועגען, און מען וויל דערגעהן ביי איהם, ווער ער איז, מען וו'ל מיט איהם האַנדלען.

— יונגערמאַן — פרעגט אַן אַלטער בעטלער — וויפיל קלעצלעך צוקער האָסטו? יעך קויף צוקער.

— איך האָב נישט קיין צוקער — ענטפערט דער יונגערמאַן און זאָגט ווייטער תהילים.

— אפשר האָסטו פרוטות? — וויל וויסען אַן אַנדערער — פאַר פינף פרוטות גיב יעך אַ גראָשען.

— איך האָב נישט קיין פרוטות — זאָגט דער יונגערמאַן און הערט נישט אויף זאָגען ווייטער אין סידור'על.

— קום מיט מיר שותפות — זאָגט אַ בלינדער — וועסט

מיך פיהרען און וואָס מען וועט מאַכען, וועט זיין העלפט אויף העלפט.

— איך קאָן אַליין נישט די וועגען — ענטפערט דער יונגערמאַן.

— וואָס קאָנסטו? — פרעגען די אָרעמעלייט.

— גאָרנישט.

— וואָס טוסטו?

— איך זאָג תהילים.

— אַ משוגענער! — זאָגט איינער.

— ניין, אַ שווינדלער! — זאָגט אַ צווייטער — קיין קאַליקע איז ער נישט, יונג איז ער אויך, מאַכט ער זיך פרום, אַבי כאַפּען אַ גראָשען.

— אויב אַזוי זאָל ער גייען צו די בכבודע אָרעמעלייט — שרייט אַ איד מיט אַ פייערדיג רויטער באָרד און מיט איין הילצערנעם פוס — זאָל ער גייען צו די אייניקלעך, נשרפים. אונז זענען פּראָסטע בעטלערס, אורחי־פורחי...

— העי, העי, טראָג זיך פון דאַנען!...

— רוקט איהם אַראָפּ דאָס היטעל איבער די אויגען! — לאַכט מען.

— לאָמיר איהם עפענען דעם זאַק. אפשר האָט ער דאָרט אַן אוצר...

די גאַנצע חברה רוקט זיך צו צו איהם פּאָרזיכטיג. זיי וואַרטען, אַז ער וועט זיך געגענשטעלען. אָבער ער זאָגט ווייטער תהילים. זיי בינדען אויף זיין זאַק און געפינען דאָרט גאָרנישט. בלויז אַ תפילין־זעקעל און אַ שטיינדעל, וואָס זאָל האַלטען געוויכט אין זעקעל.

— לאָזט איהם אָפּ — זאָגען עלטערע אָרעמעלייט — ער האָט גאָרנישט.

— ניין, זאָל ער גייען פון דאַנען! — שרייען אַנדערע — מיר דאַרפען נישט קיין צדיקים.

— זאָל ער גייען, זאָל ער גייען! — שרייט דער בעטלער

מיט דער פייערדיגער באָרד און מיט'ן הילצערנעם פוס — ס'איז אַזוי אויך ענג, איך וויל דאָ עמיצען אַריינגעמען...

ער געהט אַרויס פאַר דער טיר און באַלד קומט ער אַריין מיט אַ שוואַרץ ווייבעל, אַ בלינדע אויף איין אויג, וואָס טראָגט אַ מענערישע קאַפּאָטע מיט אַ שטריקעל פאַרבונדען.

— שיינדעל — זאָגט דער הינקענדיגער — דאָ קריך אַרונטער. ס'וועט דיר זיין וואַרעם. אידען, לאָזט זי אַריין.

די אָרעמעלייט מאַכען אַ געוואַלד!

— אַ אידענע אין בית-המדרש! מ'טאָר נישט! דער שמש וועט אונז אַלע אַרויסטרייבען...

— זי איז נישט זיין ווייב, ר'האָט זי צוגענומען ביי אַ בלינדען, אַן אשת-איש...

— זאָל זי געהן אין הקדש!

דער הינקעדיגער שטעקט אַרויס זיין מעכטיגע ברוסט פון אַ גיבור.

— עטץ פאַרגינט מיר נישט — זאָגט ער — עס עסט ענק די לעבער. דוקא וועל יעך זי אַריינגעמען און טוטס מיר עפּעס!...

ער געהט מיט כח. ביי איין האַנט האַלט ער דאָס ווייבעל מיט'ן בלינדען אויג, מיט דער צווייטער האַנט שאַרט ער אַלעמען אַוועק פון וועג, שפּאַרט אָפּ. מיט אַ גוואַלדיגער גבורה שפּאַרט ער אָן זיין הילצערנעם פוס אין דער ערד און שטעהט ווי אַ מויער געגען אַלע. דערנאָך פאַרמעסט ער זיך מיט'ן הילצערנעם פוס אויף דעם פרעמדען יונגעגמאַן, וואָס זאָגט תהילים:

— ציה אָפּ! — באַפעהלט ער — וואָרים כ'וועל דיך דורס'ען!

אַלע בעטלערס מאַכען קולות.

— טרעט נישט אָפּ! — רופען זיי צום יונגען בעטלער — מיר'ן רופען דעם שמש. מיר'ן דיר נישט לאָזען קיין שלעכטס טון.

דער יונגער בעטלער רעדט נישט קיין וואָרט. ער הויבט זיך אויף פון אָרט, נעמט דאָס זעקעל מיט זיך, פאַרלאָזט דעם

וואַרעמען הינטער׳ן אויוועץ און זעצט זיך ביי דער טיר זאָגען ווייטער תהילים.

— בהמה! — שרייען איהם אָרעמעלייט נאָך — קאַלב!...

דער יונגערמאַן ענטפערט נישט און זאָגט ווייטער פון סידור׳על.

פאַרנאַכט, ווען אידען קומען צו מנחה־מעריב, שטעלען זיך אויס אַלע בעטלער ביי דער טיר פון בית-המדרש. יעדער רוקט אַרויס זיין מום און דאַווענט פרום. פאַר אַלע שטעהט דער רויטער מיט׳ן הילצערנעם פוס. דאָס ווייבעל מיט׳ן בלינ-דען אויג האָט ער באַצייטענס אַוועקגעשיקט. איצט דאַווענט ער פרום. דעם הילצערנעם פוס שטעקט ער אַרויס, מען זאָל איהם זעהן. קיינער זאָל נישט זעהן, קנייפט ער ביים דאַוונען יעדען אָרעמאַן, וואָס וויל זיך אַרויסרוקען אין פראָנט פאַר איהם און פאַרשטעלען זיין הילצערנעם פוס. ביי דער שמונה-עשרה קרי-גען זיך אָרעמעלייט שטילערהייט, אַזוי שטיל, קיינער זאָל נישט הערען און מיינען, אַז דאָס דאַווענען זיי אַזוי פרום. איינער דעם אַנדערען קריכט מיט נעגעל אין לייב.

נאָכ׳ן דאַוונען קלויבען זיך באַלעבאַטים אויס אָרעמעלייט און נעמען זיי מיט זיך אויף וועטשערע און נאַכטלעגער.

דאָס בית-המדרש ווערט ליידיג. דער שמש פאַרלעשט די לאָמפּען, דערנאָך קוקט ער זיך אַרום אין אַלע זייטען, געהט-צו צו די יאָהרצייט-ליכט, זוכט אויס די נישט-באַלעבאַטישע ליכט, די, וואָס אָרעמע אלמנות האָבען אַוועקגעשטעלט פאַר די נשמות פון זייערע מענער די באַלמעלאָכעס. ער לעשט זיי גיך אויס, באַהאַלט זיי אונטער׳ן בעלעמער, און דערנאָך לאָזט ער זיך מיט אַ ניגונ׳דעל צו דער טיר, קושט די מזוזה און געהט אַרויס. אָבער אויף דער שוועל שלאָגט ער זיך אָן אין עמיצען. אַ ווײלע דערשרעקט ער זיך.

— אַ מת! — גיט איהם אַ בליץ אין קאָפּ — א מת, וועמענס יאָהרצייט-ליכט ער האָט אויסגעלאָשען.

אָבער באַלד קומט איהם צוריק זיין קאַלטבלוטיגקייט, די קאַלטבלוטיגקייט פון אַ שמש, וואָס איז יאָהרען-לאַנג אויך אַ

באַגרעבער, וואָס ווייסט, אַז פּאַר מתים איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבן. ער דערזעהט אַ יונגעמאַן, וואָס זיצט און זאָגט תהילים, און ער פרעגט שטרענג:

— ווער ביסטו?

— אַ פרעמדער?

— וואָס טוסטו?

— כ'געה איבער דער וועלט.

— וואו ביסטו געווען פריהער? ביי מנחה-מעריב?

— אין בית-המדרש.

— פאַרוואָס ביסטו נישט געשטאַנען ביי דער טיר, צווישען די אורחים, מען זאָל דיך נעמען אויף וועטשערע?

דער יונגערמאַן שווייגט.

— איך וועל דיך איצט צו קיינעם נישט פיהרען. וואָס וועסטו איצט טון?

— כ'וועל זיצען און זאָגען תהילים.

דער שמש באַטראַכט דעם פרעמדען, קוקט איהם אָן פון אַלע זייטען און ברומט בייז.

— עפּעס אַ קאַלב — זאָגט ער.

ער שאַרט איהם אַוועק מיט אַ פוס און פּסק'ענט אָפּ ביי זיך צו לאָזען איהם זיצען דאָ פאַר דער טיר. אויב אַן אָרימאַן האָט נישט קיין שכל זיך אַוועקצושטעלען ביי דער טיר און אויפזוכען אַ באַלעבאָס, איז אַ שמש נישט מחויב איהם צו באַזאָרגען. כאַפּט איהם דער רוח! אָבער אין דער זעלבער רגע גיט איהם עפּעס אַ בליץ אין געדאַנק. עס קומט איהם אויפ'ן זינען זיין צביה, די פאַרזעסענע האַלב-שטומע איינציגע טאָכטער זיינע. און ער פאַרהאַלט זיך נאָך אַ ווייל'ע.

— וואָס ביסטו? — פרעגט ער דעם פרעמדען — אַ בחור? אַן אַלמן?

— אַ גע-ונד'ניק — ענטפערט דער פרעמדער.

— ווי הייסטו?

דער פרעמדער טראַכט אַ היפּשע ווײַלע. ענדליך רופט ער אָן זײַן נאָמען.

— י אָ ש ע.

— אפשר אַ גאָט-זאַך — פאַלט אײַן דעם שמש אַ געדאַנק. ער נעמט דעם פרעמדען בײַ אַ האַנט און פיהרט איהם מיט זיך אויף וועטשערע.

— אַי ביסטו אַ קאַלב, יאָשע — זאָגט ער און טשאַפּעט מיט די שטיוועל אין בלאָטיגען שול-געסעל, וואָס פיהרט צום אַלטען בית-עולם, וואו ער וואוינט אין קהל'שען שטיבעל. הינטער איהם געהט נאָך דער פרעמדער.

זיי געהען פאַרבײַ דעם באָד, וואָס שטעהט ווי אַ ממשות'דיגער פלעק, ווי אַ פיר-קאַנטיגער שווערער חושך אין דער נאַכט. זיי געהען דורך דעם הקדש און קומען אַרויס צום אײַנגעפאַלענעם שטײנערנעם פאַרקאַן, וואָס נעמט אַרום דאָס בית-עולם. פון הינטער דער צוים רוישען פאַר'עקשנ'ט בוימער.

— ס'בית-עולם — ברומט דער שמש — האָסט מורא פאַר מתים?

— כ'האָב מורא פאַר גאָט — זאָגט דער פרעמדער.

דער שמש רעדט נישט מעהר. עפּעס ווערט איהם אונהיימליך מיט דעם דאָזיגען שווײַגענדיגען פרעמדען. באַלד קומען זיי צו צו אַ טויער מיט אַ נידעריג טירעל.

— בויג אײַן דעם קאָפּ — זאָגט דער שמש, שוין נאָכדעם ווי דער פרעמדער האָט זיך אָנגעקלאַפּט אין שטערן.

אין פעדערהײַזעל שטעהט אַ טהרה-ברעט און אַ קעסטעל פאַר מתים-קינדער, אין ווינקלען אַ גרויסע קאַץ מיט קעצעלעך זיצען.

דער שמש טרײַבט זיי מיט'ן שטעקען.

— אַ פּשיק, אַן אויסרײַסעניש אויף זיי. האָבען שוין נישט וואו צו זיצען?

דערנאָך פיהרט ער אַרײַן דעם פרעמדען אין אַ קליין שטיבעל, אין ווינקלען עס הענגט אַ מעשענער שבת'דיגער הענגלײַכטער מיט רויטע פּאַפּירענע בלומען פאַרפּוצט און עס

שטעהען צוויי הויך-פאַרבעטע בעטען, איבערגעדעקט מיט סיט-צענע ליילעכער. די ליילעכער זענען זעהר פאַרביגע, מיט אַ סך רויטע בלומען און פויגעל.

פון אַ טיפען ברענענדיגען באַק-אויוועןשטעקט אַ מויד אַרויס אַ בלאָנדען צעשויבערטען קאָפּ מיט גרינע אויגען, ווי ביי אַ קאַץ.

— כ'האָב געבראַכט אַן אורח — זאָגט דער שמש — גרייט צום טיש, צביה! און שלאָפען וועט דער אורח אויפ'ן פּיעקע-ליק. וועסט אויסזוכען מיין אַלטען פעלץ און איהם צודעקען.

די בלאָנדע צעשויבערטע מויד צעהאַקט אַ הערינג מיט ווילדער גיכקייט. אַלץ ציטערט אונטער איהרע הענט. די צע-שויבערטע האָר, די פליישיגע היפטען, די גרויסע ברוסטען איה-רע, אַלץ צאַפּעלט און טרייסעלט זיך, ווען זי טוט עפּעס. זי קוקט אויף דעם פרעמדען מיט גרינע אויגען און צעלאַכט זיך. זי לאַכט מיט אַ ווילד שטום געלעכטער.

— וואָס לאַכסטו, צביה? — פרעגט דער פאָטער.

— הי, הי הי — ענטפערט זי דערויף און האַקט נאָך שטאַרקער דעם הערינג, אַזוי, אַז די עטלעכע היהנער, וואָס דרימלען אויף אַ פּאָליצע, כאַפּען זיך דערשראָקענע אויף. אַ האָן נעמט פאַטשען מיט די פליגעל און צעקרייעט זיך פלוצלינג.

צביה יאָגט איהם דערפאַר אַראָפּ מיט'ן פאַרטוך פון דער פּאָליצע — אַשאָ, אַ שאָאָאָאָ...

דער פרעמדער האַלט די אויגען אַראָפּגעלאָזען. ער עסט ווייניג און זאָגט אַ סך. די מויד טראָגט צו צום טיש הייסע קאַרטאָפעל, פון וועלכע עס שלאָגט אַ וואַרעמע פּאַרע. זי געהט צו אַזוי נאָהענט צום פרעמדען, אַז זי שפּאַרט איהם אַזש צו מיט איהרע גרויסע ברוסטען. צוזאַמען מיט דער פּאַרע שלאָגט פון איהר אַ היץ, אַ הייסער אָטעם. דער פרעמדער דרעהט זיך אויפ'ן אָרט. די מויד כיקעט. ער בענשט לאַנג, דער פרעמדער, זאָגט פאַרשידענע תּפילות פאַר'ן שלאָפען און קריכט אַרויף אויפ'ן פּיעקעליק. די מויד דעקט איהם איין מיט אַן אַלטען צוריסענעם

פּעלץ זי הערט גאָרנישט אויף כיקען און דערבײַ קיצעלט זי איהם אין די פּיס און אין די זייטען.

— הי, הי, הי — זאָגט זי מיט האַלב־שטומע רייד און בליצט אויף איהם מיט אַ משוגע'נעם גלאַנץ אין די אויגען — הי, דו חתן מיין, הי...

דער קליינער הענגענדיגער נאַפּט־לאָמפּ ציטערט מיט אָהן אַ שיעור רונדע שאָטענס, ווי שוואַרצע טעלער.

אין מיטען דער נאַכט, ווען דער זייגער הויבט אָן הײַזעריג זיך וואַרגען מיט זיין אַלט געווערק און די נאָכהענגענדע געוויכטען קלאַפּען אויס טעמפּע צוועלף קלאַנגען, הויבט זיך דער פּרעמדער אויף פון זיין געלעגער און זאָגט חצות. ער ווייגט מיט אַ ביטער איינגעהאַלטען קול און שלאָגט זיך מיט דער פויסט אין האַרץ. אין שטוב איז שטיל. בלויז דאָס שווערע אָטעמען פון די שלאָפענדע הערט זיך. אַ מאַנסביילשער דיקער שנאָרך הויבט אָן און אַ ווייבערישער אַ דינער ענטפערט איהם צו דער רגע. דער פרעמדער וויינט אַלץ העכער און העכער. איהם האַלטען אונטער די רוישענדע בוימער פון בית־עולם. אַ גריל, אַן איינציגע גריל באַגלייט מיט איהרע קינות פון [illegible] טער'ן פינסטערען באַק־אויוועז.

# פערצעהנט קאפיטעל

צומארגענס נאָכ׳ן יאַריד האָבען די אָרעמעלייט געגומען די שטאָט מיט שטורם.

ווי אַלעמאָל, האָבען די באַלעבאַטים גענומען טיילען די אָרעמעלייט פרוטות. אָבער זיי האָבען נישט געוואָלט נעמען. דער יאָהרמאַרק איז געווען אַ גוטער, און די אָרעמעלייט האָבען געוואָלט נאָר געלט אין מזומנים. קיין איין פרוטה, קיין איין שטיקעל צוקער האָבען זיי אין האַנט נישט גענומען. מוציא׳ס ברויט האָבען זיי צוריקגעוואָרפען.

— ווערטס דערוואָרגען מיט די פרוטות און מיט׳ן צוקער — האָבען זיי געשאָלטען.

די באַלעבאַטים האָבען געקרעכצט און געגעבען גראָשענס. נגידים האָבען אַפילו געמוזט געבען קאָפּיקעס.

אַלע פרוטות זענען אַריינגעפאַלען צום פרעמדען יונגענמאַן, דעם שמש׳ס אורח.

פאַרנאַכט איז ער אַוועק צום שטאָט-גבאי, אויסטוישען די פרוטות אויף געלט.

— וויפיל האָסטו? — האָט געפרעגט דער גבאי, אַ בייזיגער איד מיט אַ קורצען אָטעם.

— כ׳האָב נישט געצעהלט.

— פאַרוואָס האָסטו דיר אַלע פרוטות געלאָזט אַריינגאַרען?

— כ׳האָב געגומען, וואָס מען האָט מיר געגעבען.

— אַ בהמה אַ איד — האָט געזאָגט דער גבאי, צעהלענ־דיג פּאַמעליך די שמוציגע פאַרפעטסטע פּאַפּירלעך, אויף וועלכע עס איז דאָ אַ רונדער שוואַרצער סטעמפּעל מיט אָפּגעריבענע אותיות „פּרוטה דק״ק ביאַליגורה״. ער האָט כּסדר געגעצט דעם פינגער אין מויל, כּדי בעסער צו צעהלען די קלעפּיגע פּאַפּיר־לעך, אונטערזיפצענדיג מיט גבאי׳ש־נחת׳דיגע זיפצעלעך.

פונקט ווי דער פרעמדער האָט נישט געצעהלט די פּרוטות, האָט ער אויך נישט געצעהלט די דריי גולדען, וואָס דער גבאי האָט איהם אויסגעצאָהלט אין סאַמע גלאַטיגע דרייערס. ער האָט געקושט די מזוזה און איז אַרויס.

ביי דער טיר אין דרויסען האָט איהם דער שמש פאַר־האַלטען.

— וויפיל געלט האָסטו געמאַכט? — האָט ער איהם שטרענג געפרעגט.

— כ׳ווייס נישט. אין קעשענע ליגט אַלץ.

— גיב מיר איבערצוצעהלען.

דער פרעמדער האָט איהם אַוועקגעגעבען אַלע דרייערס. דער שמש האָט איבערגעצעהלט געלאַסען ביים שיין פון זיין לאַמטערן און זיי אַריינגעלייגט צו זיך אין דער קעשענע. דער פרעמדער האָט גאָרנישט נישט געזאָגט, אַרומגעגאַרטעלט זיך און געלאָזט זיך געהן.

— יאָשע, וואו געהסטו?

— אין דער וועלט.

— ביינאַכט אין וועג? האָסט נישט מורא פאַר אַ סכנה?

— אומעטום איז פול מיט סכנות.

— איי, ביסטו אַ קאַלב, יאָשע! — האָט דער שמש גע־זאָגט — קום, קום מיט מיר אין בית־המדרש.

— דער פרעמדער האָט געפאָלגט. אין בית־המדרש האָט איהם דער שמש געגעבען אַ בעזים אין האַנט און געהייסען אויסקעהרען. דערנאָך האָט ער איהם געהייסען אָנטראָגען האָלץ און איינהייצען אין אויוון, שפּעטער האָט ער איהם געפיהרט

צו זיך אַהיים, געגעבן עסן און איהם געהייסן אַרויפקריכען אויפ׳ן פּיעקעליק.

ער איז פאַרבליבען אַ משרת אין בית-המדרש, אונטער-שמש ביי ר׳ קנה שמש.

גאַנצע טעג האָט ער געאַרבעט. באַלד פאַרטאָג שוין האָט ער אָנגעטראָגען האָלץ און דעם ריזיגען אויוועז איינגעהייצט. דערנאָך האָט ער געבראַכט וואַסער פון ברונים און אָנגעפיהלט דאָס גרויסע פאַס און אַלע קופערנע האַנטפאַסען. אויך האָט ער אויסגעקעהרט און אַלע געפונענע שמות אויפגעהויבען און אַוועק-געטראָגען אויפ׳ן בוידעם. די לאָמפען-גלעזלעך האָט ער אויס-געווישט מיט דער פאָלע.

— נישט ליידיג געגאַנגען, געאַרבעט! — האָט איהם קנה שמש געמונטערט יעדעס מאָל, ווען ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי דער טיר זאָגען תהילים — תהילים ווערסטו זאָגען שבת.

אַליין האָט ער איצט גאָרנישט געטון, קנה שמש. ער האָט בלויז אָפּגעהיט יאָהרצייטען, באַהאַלטען ליכט, אַוועקגעטראָגען די שטאָטישע חופה אויף נגידישע חתונות און געקלונגען אויף לויות מיט דער פושקע און גערופען „צדקה תציל ממות". אַלץ האָט געטון יאָשע. אפילו דאָס קלאַפּען אין די לאָדען יעדען פאַרטאָג אין אידישע הייזער, האָט ער איהם איבערגעגעבען. נאָך אין דער נאַכט איז שוין יאָשע געלאָפען פון לאָדען צו לאָדען און געקלאַפּט מיט׳ן הילצערנעם האַמער.

— שטעהט אויף אידען, צייט גאָט צו דינען! — האָט ער גערופען.

אַמאָל האָט ער געכאַפּט קלעפּ. ער האָט נאָך נישט גע-קאָנט די גאַנצע שטאָט און אָנגעקלאַפּט צו אַ גוי, וואָס האָט געוואוינט צווישען אידען. דער גוי האָט איהם מיט קאַלט וואַ-סער אָפּגעגאָסען דערפאַר. יאָשע האָט זיך אָפּגעשאָקעלט פון וואַסער און געגאַנגען ווייטער פון לאָדען צו לאָדען. טאָמער איז עמיצער געשטאָרבען אין דער נאַכט, האָט קנה געוועקט יאָשע׳ן אויפ׳ן געלעגער.

— יאָשע, היינט זאָלסטו געבען מיט איין קלאַפּ וועניגער. אַ מת איז דאָ אין שטאָט.

פרייטאָג האָט איהם קנה געשיקט איבער דער שטאָט קלאַפּען מיט'ן הילצערנעם האַמער צו ליכט-צינדען. ר' קנה אַליין איז געגאַנגען פון שטוב צו שטוב מיט דער פּושקע נאָך שמשות-געלט. ער האָט זיך אַזוי גענומען לאָזען וואוילגעהן, ר' קנה, אַז אפילו פּויקען אין מאַרק יעדעס מאָל, ווען מען הייצט אין באָד, האָט ער אַליין נישט געטוּן. ער האָט אָנגעהאָנגען יאָשען די פּויק, געלערענט איהם ווי אַזוי צו קלאַפּען מיט די שטעקעלעך, און אַליין איז ער געלעגען און געשלאָפען.

— אַ טייערע עלטער — האָבען איהם אידען מקנא געווען — לעבט זיך ווי אַ מאָנאַרך.

און טאָמער האָט ער שוין געהאַט אַ מינוט צייט, יאָשע, און זיך אַוועקגעזעצט ביי דער טיר זאָגען תהילים, האָבען איהם די בחורים און יונגעלייט אין בית-המדרש נישט געלאָזט קיין מנוחה און איהם געשיקט מיט שליחות'ן.

— יאָשע קאַלב, געה ברענג געבראָטענע עפּעלעך. יאָשע, וואַסער ברענג. יאָשע, פּאַפּיראָסען קויף. יאָשע, לויף נאָך אַ פלעשעל בראָנפען צו אַ יאָהרצייט...

יאָשע הויבט זיך אויף פון אָרט, זאָגט נישט קיין איינציג וואָרט און טוט, וואָס מען הייסט איהם.

בגידישע בחורים'לעך, חתנים מיט גאָלדענע זייגערס, דערגעהען איהם די יאָהרען. פון ליידיג-געהן, פון אַ סך עסען און פון גאָרנישט נישט טוּן, זענען זיי איבערגעזעטיגט, איבערגעלאָדען מיט גלוסטיגקייט. זייערע כלות קענען זיי נישט, שרייבען צו זיי נישט. בלויז צו די מחותנים שרייבען זיי פּשט'לעך, וואָס מלמדים מאַכען פאַר זיי. די אייגענע כלות שטעלען זיי זיך פאָר אין די משונה'דיגסטע געשטאַלטען. זיי וואַרטען מיט אומגעדולד אויף דער חתונה, אויף זייער חופּה-נאַכט. דערווייל שטילען זיי זייערע באַגעהרען אין די פעטע ערטער פון דער גמרא און אין די שאלות-ותשובות וועגען ווייבערישע זאַכען. אַלע בלעטער אין די דאָזיגע ספרים זענען פאַרפעטסט, אויסגעריסען.

אָבער אַז דאָס ווערט זיי אויך צוגעגעסען, רעדען זיי ניבול־פּה און זיי רינגלען אַרום יאָשען און לאָזען איהם קיין תהילים נישט זאָגען.

— יאָשע — שטאַרקען זיי איהם — אַ ווייב האָסטו שוין אַמאָל געהאַט? קאַלב, די ערשטע מצוה האָסטו שוין מקיים געווען ?...

ער ענטפערט זיי קיין וואָרט נישט. ער זאָגט בלויז תהלים, זאָגט ביי דער אַרבעט, ביי געהן אַ גאַנג, ביים הייצען אין אויוועז, אפילו ביים אויסקעהרען דאָס בית־מדרש. עפּעס אַ דערש פון תהילים זאָגט ער נישט. בלויז ביינאַכט, ווען ער איז ביים שמש אויפ׳ן פּיעקעליק, זאָגט ער עפּעס אַנדערש. פּונקט צוועלף ביינאַכט כאַפּט ער זיך אויף. ער צינדט דאָס לעמפּעל נישט אָן. אין דער פינסטערניש גיסט ער זיך אָפּ די נעגעל פון דעם שעפּער וואַסער, וואָס ער גרייט זיך אָן, ער טוט אָן די צעריסענע קאַפּאָטע, גאַרטעלט זיך אַרום און זאָגט חצות. ער זאָגט זוהר פון אויסענווייניג, סליחות. ער וויינט, שלאָגט זיך אַ סך אין הארץ. אַ סך מאָל נעמט ער אָן אַ האַנט אַש פון פּיעקעליק און שיט זיך אויפ׳ן קאָפּ. אָבער אויך דאָ האָט ער קיין מנוחה נישט. צביה, דעם שמש׳ס טאָכטער, פּייניגט איהם.

פון ערשטען טאָג אָן, זינט ער איז דאָ אַריינגעקומען, יאָשע, טשעפּעט זי זיך צו איהם. ביי וועטשערע, ווען ער זיצט ביים טיש און עסט, קוקט זי איהם אין די אויגען אַריין און כיקעט. קעצישעס האָט זי אין איהר פּנים, די צביה, סיי אין דער ברייטער נאָז, סיי אין די גרינע אויגען, סיי אין מויל, וואָס זי האַלט אין איין צוציהען און אַרויסווייזען שפּיציגע צייהן. אויך אין איהר צושפּאַרען זיך צו אַ מענש איז דאָ קעצישעס. ווי אַ קאַץ, וואָס הויבט אויף די הינטערשטע פיס אין דער הויך, פאַרהויבט דעם עק, לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ און שפּאַרט זיך צו צו מענשישע פיס, שפּאַרט זיך צו עקשנות׳דיג, פאַרביסען, וויפיל מען זאָל זי נישט אָפּשטויסען, אַזוי שפּאַרט זיך די האַלב־שטומע,

האַלב־מטורפ׳דיגע מויד צום פרעמדען. ביי יעדען עסען־דערלאַנ־
גען שפּאַרט זי זיך צו איהם. זי טרעט איהם אָן אויף די פיס,
קוועטשט אים צו מיט אַ היפּט, פאַרקלעמט איהם מיט די אי־
בערגעיוירענע ברוסטען גלייך אין פּנים, אָטעמט אויף איהם
שווער. איהם באַשלאָגט אַ דאָפּעלטע היץ, פון געקעכטס און
פון ווייב, און ער נעמט שטיל זאָגען עפּעס אַ תפלה.

זי צערייבט איהם די הייסע קאַרטאָפּעל מיט אַ הילצער־
נעם קאָכלעפעל, אַז אַלץ ווערט אין פּאַרע געהילט, און זי כי־
קעט ווילד.

— וואָס כיקעסטו, צביה? — פרעגט זי דער פאָטער.

— הי, הי, הי — ענטפערט זי מיט נאָך אַ שטאַרקערען
געלעכטער און אַרבעט נאָך גיכער מיט׳ן לעפעל, אַזוי, אַז דער
הענגעללייכטער ציטערט מיט אַלע פּאַפּירענע בלומען זיינע.

און ביינאַכט, ווען ער, יאָשע, שלאָפט, דערפיהלט ער
מיטאַמאָל, ווי עפּעס שפּאַרט זיך צו איהם, בלאָזט אויף איהם
מיט וואַרעמקייט. און ווען ער כאַפּט זיך אויף, טרעפט ער זי,
די מויד, ליגען נעבען זיך. ווי אַ פוילע קאַץ, וואָס וויל נישט
אָפּטרעטען פון אַ וואַרעמען מענשלעכען געלעגער, צו וועלכען
זי האָט זיך צוגעשאַרט בגנבה אין דער פינסטערניש, אַזוי
וויל די האַלב־שטומע מויד נישט אָפּטרעטען פון יאָשעס גע־
לעגער.

— הי, הי, הי — לאַכט זי — דו חתן. טאַטע זאָגט, דו
צביה׳ס חתן. הי, הי, הי...

ער רוקט זיך פון איהר אָפּ, אָבער זי קריכט איהם נאָך.
ער רוקט זיך צו צו אַ ווינקעל. זי שפּאַרט איהם צו. ער פאַר־
שטעלט זיך מיט די הענט, מיט די עלענבויגענס.

— געה, געה! — יאָגט ער זי — איך וועל אויפוועקען
דעם טאַטען, געה!

זי הערט נישט. זי נעמט אים קיצלען אין די פיענטעס,
אונטער די אָרעמס. ער שטופּט זי אָפּ מיט כח. אָבער זי איז
שטאַרק, נישט פון אָרט צו ריהרען.

— דו יאָשע, קאַלב — שיפּעט זי און נעמט איהם

קושען, קושען ווילד, אין די הענט, אין די פיס, אין די קרייז־לעך פון זיין בערדעל.

וואָס מעהר ער טרייבט זי פון זיך, וואָס פעסטער ער שטויסט זי אָפּ, אַלץ מעהר קושט זי איהם, אַלץ הייסער, ווילדער. די אויגען איהרע לייכטען מיט גרינע פייערלעך אין דער פינסטערניש. ער נעמט שרייען.

— ר׳ קנה! — רופט ער — ר׳ קנה!

אָבער דעם שמש איז נישט צו דערוועקען. ער ליגט פאַרפאַקט אונטער צוויי שווערע פערענעס, אונטער זיין אייגענער און אונטער דער פערענע, וואָס איז געבליבען נאָך זיין פאַרשטאָרבען ווייב. בלויז זיין שנאָרכען טראָגט זיך הויך, פאַר־עקשנ׳ט, מיט אַ געבייזער, ווי ער וואָלט זיך שטאַרק געקריגט מיט עמעצען.

ער רייסט זיך אַרויס פון איהר. מיט צאָרן שטופּט ער זי אָפּ פון זיך, קריכט אַראָפּ פון אויווען און זעצט זיך אַוועק אין אַ ווינקעל, אין אַ פינסטער ווינקעל. די מויד שאַרט מיט די באָרוועסע פיס איבער דער שטוב, וואַרפט זיך אין איהר בעט אַריין. עס קרעכצט דאָס בעט. יאָשע הויבט ווידער אָן זאָגען אין דער נאַכט. אָבער די מויד שטערט איהם. זי וויינט, יאָמערט שווער, אומגליקליך. זי הערט אויף אַ ווייל׳ע, כּדי צו כאַפּען אָטעם, און הויבט ווידער אָן אויפ׳סניי, נאָך שטאַרקער, נאָך אומגליקליכער. אין איהר וויינען איז דאָ בהמה׳שעס, אַזוי וויינט אַ הילפלאָז באַשעפעניש אין זיין שטומען צער. ווען זי געהט איבער אין היילען, דערמאָנט זי אין היילען פון אַלטע הינט, וואָס יונגערע פאַרטרייבען זיי פון אַ צויג אין אַ רע־גענדיגער נאַכט פון סוף ווינטער.

איהר וויינען צינדט אָן זיין בלוט מעהר ווי איהר קער־פּער פריהער אויפ׳ן אויווען. ער וויל זיך פאַרטויבען. אָבער אַ דראַנג, אַ שטאַרקער דראַנג שטויסט איהם צוצוגעהן צו איהר, אַרויפלעגען די האַנט אויף איהר קאָפּ און טרייסטען זי, טרייס־טען זי אין דער שטילער שוואַרצער נאַכט. פון בלויזען גע־דאַנק נעמט איהם אַרום אַ ציטערניש. ער שאָקעלט זיך, וואַרפט

מיט'ן קאָפּ, כּדי צו פאַרטרייבען זיינע אייגענע געדאַנקען. ער קנייפּט זיך, רייסט פון זיך אויס שטיקער לייב, פּייניגט זיך, כּדי צו פאַרטרייבען פון זיך די שלעכטע געדאַנקען. אָבער אין קנייפּען זיינעם פּיהלט ער מעהר פאַרגעניגען ווי וועהטאָג. דער וועהטאָג איז זיס, האָט אַ טעם ווי אייגען בלוט, וואָס מען זויגט מיט'ן מויל פון אַ פאַרוואונדעטען פינגער.

לאַנג זיצט ער אַזוי אין ווינקעל שטוב, ביז דאָס געוויין הערט אויף. ער שאַרט זיך צוריק שטיל אַרויף צו זיין געלעגער און דעקט זיך איבער מיט ר' קנה'ס אַלטען פעלץ איבער'ן קאָפּ. ער וויל שלאָפען, אָבער איהם נעמט נישט קיין שלאָף. זיין בלוט איז וואַך. ער מאַכט צו פעסט די אויגען, דריקט צו די לעדלעך, אָבער וואָס מעהר ער שליסט די אויגען, אַלץ מעהר זעהען זיי. ער זעהט כּל-ערליי ווייבערישע געשטאַלטען, נאַקעטע, צולאָזענע, וואָס שטרעקען אויס צו איהם אָרעמס, וואָס רופען איהם. ביי זיין קאָפּ שטעלט זיך אַוועק דער שטן, אין געשטאַלט פון שטאָטישען רופא, מיט אַ שפּיציג בערדעל און מיט אַ דין שטעקעלע אין דער האַנט. ער לאַכט פון איהם.

— שוטה — זאָגט ער איהם — דו טרייבסט אַוועק פון זיך אַ בתולה, אַ יתומה, כּדי צו זינדיגען אין געדאַנק מיט שד'יכעס און זונות...

ער טוט זיך גיך אָן. ער ווערט ענטלויפען. אין מיטען דער נאַכט ווערט ער אַוועק פון דאַנען אין דער וועלט, אַבי מעהר די דאָזיגע שטוב נישט אָנצוקוקען. ער ציהט גיך אַרויף די שטיוועל אויף זיינע פיס, טוט אָן די קאַפּאָטע, גאַרטעלט זיך פעסט אַרום און זוכט אין דער פינסטער זיין זעקעל. אָבער אַ שטאַרקע קראַפט, אַ זייטיגע, אַ פרעמדע, האַלט איהם, מאַכט איהם שוואַך זיינע פיס, גיסט זיי אָן מיט בליי, פון אָרט נישט צו ריהרען.

איידער ער געהט נאָך, נעמט איהם שוין אַרום אַ בענקשאַפט, אַ באַגעהר נאָך דער דאָזיגער שטוב, נאָך דער פינסטערער וואַרימקייט איהרער, נאָכ'ן שטילען קלאָגען פון דער גריל, נאָך דעם אָטעמען, וואָס טראָגט זיך פון וואַרימען ווייבערישען

בעט. אַ שלעפעריגקייט באַפאַלט איהם, אַ מידקייט, אַ שוואַכע מידקייט, וואָס מאַכט זיס, ווי אין חלשות. ער דערפיהלט זיך אַזוי פויל, מיד, אַז ווען זי קומט איצט צו איהם, וואָלט ער אַפילו נישט געהאַט קיין כח זי אָפצושטויסען פון זיך.

אין די קליידער ליגט ער צוריק אויף זיין געלעגער און ער זאָגט תהילים מיט געבעט. טרעהרען רינען איבער זיינע באַקען, דערגרייכען איהם ביז צו די געשפּאָלטענע ליפּען.

— גאָט — בעט ער — פאַרוואָס האָסטו מיך פאַרלאָזט? איך רוף צו דיר בייטאָג און דו ענטפערסט מיר נישט, איך שריי ביינאַכט — און דו שווייגסט!

# פופצעהנט קאַפּיטעל

אויפ׳ן וועג אַרום בית-עולם האָט אָנגעהויבען שרעקען אין די נעכט.

באַלעגאָלעס, וואָס זענען דורכגעפאָהרען שפּעט ביינאַכט מיט זייערע וואָגענס זאַלץ און נאַפט פאַרביי דעם בית-עולם, האָבען געהערט שאָרכען, שאַרען זיך. אידען דאָרפס-געהער, וואָס שלעפען זיך אַרום איבער דערפער, איינקויפען חזיר-האָר און האָזענע פעלעכלעך, האָבען געזעהן אויפ׳ן בית-עולם פייערלעך זיך צינדען און פאַרלעשען.

אַ שרעק איז אָנגעפאַלען אויף דער שטאָט. אידען האָבען בסדר אַכטונג געגעבען אויף די ציצית פון זייערע טלית-קטנ׳ס, צי עס פעהלט נישט אַ ציצה. ווייבער האָבען זיך נישט איינגעשטעלט אַרויסצוגעהן פאַרנאַכט אָהן אַ פאַרטוך. בייטאָג איז מען נאָך ווי עס איז פאַרבייגעגאַנגען פאַר׳ן בית-עולם. געגאַנגען איז מען גיך, אונטערגעלאָפען. אַז מען האָט דערזעהן דעם שטיינערנעם פאַרקאַן הינטער זיך, האָט מען לייכטער אָפּגעאָטעמט פון שרעק און פון לויפען. ביינאַכט האָט קיינער זיך נישט איינגעשטעלט דאָרט דורכצוגעהן. אַפילו די באַלעגאָלעס, וואָס האָבען נישט מורא געהאַט אַליין צו פאָהרען דורך גראַף זאַמאָיסקי׳ס געדיכטע וועלדער, וואו עס זענען געווען גזלנים און וועלף, האָבען זיך נישט איינגעשטעלט דורכצופאָהרען אַליין שפּעט ביינאַכט פאַרביי דעם בית-עולם. מען האָט געוואַרט אויף גאַנצע

חברות באַלעגאָלעס, זיך צונויפגענומען, עס זאָל זיין היימליכער. מען האָט געשמיסען די פערד, געקנאַלט מיט די בייטשען, כדי די אייגענע שרעק צו פאַרטויבען, און שטילערהייט, אַזוי, אַז קיינער זאָל נישט הערען, האָט מען אַראָפּגעשלונגען אַ שמע־ישראל.

— שילם, לייביש, אוריש, גדליה! — האָט מען אַריבער־געשריגען צו זיך פון וואָגען צו וואָגען, כדי צו מאַכען זיך קוראַזש — וויאָ!...

חדר־אינגלעך האָבען מורא געהאַט צו געהן אַליין אין אָוועגט פון חדר. האַלטענדיג זיך ביי די הענט, מיט אָנגעצונ־דענע ליכטלעך אין די פּאַפּירענע לאַמטערענדלעך, זענען זיי געלאָפען איבער׳ן מאַרק און געלייענט קריאת־שמע. מעהר מורא־דיגע האָבען געהאַלטען גרייט אין די הענט די ציצית פון די לייבסערדאַקלעך. ווייבער לשון־הרע׳ניצעס, וואָס לויפען איבער אַלע הייזער, וואו נאָר מען פרעגעלט שמאַלץ אויף פסח אָדער מען שלייסט פעדערען, כדי אויסצולאָדען אַלע רכילות און פליאָט־קעס, האָבען זיך צונויפגענומען אַ סך, גאַנצע כאָפּטעס, און, לוי־פענדיג פון די געסלעך, האָבען זיי הויכע שפּרוכען הינטער זיך געוואָרפען.

— רויך דיר אין די אויגען, עסיג אין האַלז. ני באָרע, ני מאָרע, קיין בייז אויג, קיין עין־הרע...

כלות און טראָגעדיגע ווייבלעך האָט מען אינגאַנצען נישט אַרויסגעלאָזט אין אָוועגט, סיידען דורך צוויי מאַנסבילען גע־פיהרט.

— זי וואַרט נאָר, מען זאָל לאָזען אַ כלה אָדער אַ טראָ־געדיגע אַליין — האָבען די ווייבער געזאָגט און געשפּיגען — און זי וועט זיך גלייך אַריינכאַפּען, אויף אַלע וויסטע פעלדער געזאָגט!...

געמיינט האָט מען דאָס פייגעלע די משומדת׳טע, ליפע דעם פאָדריאַטשיק׳ס געשטאָרבענע טאָכטער. זי איז געווען אַ כלה שוין מיט אַ ישיבה־בחור, די פייגעלע, אָבער זי האָט געהאַט טרייף בלוט און פאַר דער חתונה ענטלאָפען מיט אַ קאָזאַק פו

דער אינטענדענטור און זיך אין רוסישען גאַרניזאָן-קלויסטערל, טאַקע אין די עלטערענס שטאָט, גע'שמד'ט. זי האָט געהאַט אַ שלעכטען סוף, ווי די ווייבער האָבען עס פאָראויסגעזאָגט. ער האָט זי געשלאָגען, דער קאָזאַק, פון דער שטוב אַרויסגעטריבען, און זי האָט זיך געהאָנגען, געהאָנגען זיך אויף דער טיר פון שטוב, צוזאַמען מיט איהר קינד, וואָס זי האָט שוין געהאַלטען ביים געבוירען. מען האָט זי באַגראָבען אויפ'ן רוסישען צמענטער, ביים פלויט, ווי עס קומט זעלבסטמערדער. דער מאַן איהרער, דער קאָזאַק, האָט אַ פראָסטען הילצערנעם צלם נאָך איהר נאָכגעטראָגען. קיינער איז נאָך איהר לויה נישט נאָכגעגאַנגען. גלייך דערנאָך האָט גענומען שרעקען אויפ'ן בית-עולם. יעדער נאַכט האָט געשאַרט, פייערלעך האָבען זיך געצונדען, און אידען האָבען געוואוסט, אַז דאָס איז פייגעלעס אַרבעט.

— ביים לעבען אונז בזיונות אָנגעטון — האָט מען גע-זאָגט — און נאָכ'ן טויט לאָזט זי קיין מנוחה נישט...

יונגע מיידלעך האָבען רחמנות געהאַט.

— זי וויל, נעבעך, צום אידישען גוטען-אָרט. זי בלאָנקעט זיך דאָרט אַרום, נאָר מען לאָזט זי נישט אַריין.

די סופרים האָבען געהאַט אַ סך אַרבעט. אידען האָבען געלאָזט איבערקוקען די תפילין, דורכזעהן די מזוזות, צי עס איז, חלילה, קיין אות נישט אָפגעשפרונגען. אידען נגידים האָבען אָפגעריסען די טיר ביי ר' משה סופר.

ער איז געוועזן אַ צדיק, דער ר' משה סופר. פאַר יעדער שם, וואָס ער האָט אויפגעשריבען, האָט ער זיך פריהער געטונקען אין מקוה. אויך פלעגט ער פאַסטען גאַנצע וואָכען. כאָטש ער איז שוין געוועזן פערציג יאָהר אַ סופר, האָט ער בלויז צוויי ספר-תורה'ס געהאַט אָנגעשריבען. אַ פאָר תפילין, אַ מזוזה, האָט ער אָפגעהאַלטען חדשים-לאַנג. אידען נגידים האָבען דוקא גע-וואָלט איצט איבערקוקען די תפילין און מזוזות ביי ר' משה'ן. מיט זיינס אַ מזוזה האָט מען זיך געפיהלט זיכערער.

— ר' משה — האָבען זיי איהם געבעטען — וויפיל געלט

איהר וועט נאָר וועלען, וועלען מיר באַצאָהלען, אַבי נעמט גאָר אָן.

נאָר ר׳ משה האָט נישט געוואָלט.

— נו־אָ — האָט ער געברומט, קיין וואָרט נישט געוואָלט אויסרעדען און געוויזען מיט דער האַנט, אַז ער איז פאַרנומען.

אין קליינעם שטיבעל זיינעם איז געווען אַ קעלט, די שויבען זענען געווען מיט קישענס פאַרשטופּט, פון קיך האָט געריכערט, די ווענט זענען געווען שוואַרץ, נאַס-ווילדע שוואַמען האָבען אויף זיי געוואַקסען. דאָס צווייטע ווייב זיינס, אַ אידענע אַן אויסגעדאַרטע, אַ לאַנגע, איז געזעסען אויף אַ קליין בענקעלע, געשטופּט איהר טאָרבעדיגע ברוסט אַ זויגלינג אין מיילכעל און געשריגען:

— זויג, ציה, זויג פון מיר ס׳חיות אויס...

קינדער, איינס יונגער פון צווייטען, בלאַסע, קרומפיסיגע פאַרשמירטע, האָבען זיך געוואַלגערט אויף דער ערד, וואָס האָט אַפילו קיין פאָדלאָגע נישט געהאַט און בלויז געווען מיט ליים באַדעקט. זיי האָבען געגומען אין די פיסקלעך אַלץ, וואָס זיי האָבען געפונען אויף דער ערד, שאָלען, דאַרע שטיקלעך ברויט, קאַלך אַפילו. זיי האָבען געוויינט, געלאַכט, געפּאַלען, געשריגען, נאָר ר׳ משה סופר האָט זיך נישט אומגעקוקט. ביי אַ טיש, אויף וועלכען עס איז געלעגען אויסגעשפּרייט אַ קעלבערנע פעל, איז ער געזעסען אין טלית און תפילין, מיט אַ געגזענער פען אין האַנט, און מיט פאַרהויבענע ברענענדיגע אויגען געקוקט צום פאַררויכערטען באַלקען. ער האָט געציטערט מיט דער האַנט, געשאָקעלט זיך, געברומט עפּעס שטיל, פאַרמאַכט די אויגען. צעהן מאָל האָט ער צוגעלעגט די האַנט צום פאַרמעט, געוואָלט אויפשרייבען אַן אות, נאָר ער האָט נישט געשריבען.

— גזלן! — האָט זיין ווייב געשריגען און אירום געהויבען צוויי דאַרע פויסטען גלייך אין די אויגען אַריין — מענשען בעטען זיך ביי דיר, ווילען באַצאָהלען. שוחט אָהן אַ חלף!

נאָר ער האָט זיך נישט אָנגערופען. זיינע גרויסע רונדע

שוואַרצאַפּלען זענען געווען אָפּען, אָבער זיי האָבען גאָרנישט געזעהן נעבען זיך. די נגידים זענען אַוועק ברוגז'ע.

— מילא — האָבען זיי זיך געטרייסט - אַנדערע סופרים זענען אויך אידען, עהרליכע אידען...

דער רבי ר' ברוך'ל, אַ וויזבערישער רבי, אַ טאַטע פון פיר טעכטער, וואָס אַלע זענען זיי שטום, האָט כסדר איצט געשריבען קמיעות. נישט נאָר ווייבער, נאָר אַפילו מאַנסבילל, חסידים אַפילו, וואָס האָבען קיינמאָל נישט געהאַלטען פון ר' ברוך'לען, חוזק געמאַכט פון איהם, האָבען איצט געקויפט זייַנע קמיעות. וואָס ער האָט אין רויטע בייטעלעך געפּאַקט. ער האָט זיי אַליין געשריבען, די קמיעות, מיט אַ גענזענער פעדער אויף גלייכע שטיקלעך פּאַרמעט, וואָס די שטומע טעכטער האָבען צוגעשניטען.

גאָט צערייס דעם שטן — האָט ר' ברוך'ל געשריבען — אין נאָמען פון גרויסען און פאָרכטיגען מלאך, דעם ברענענדיגען און פייערדיגען, דעם פלאַם, וואָס עסט פייער, דעם וואָס איז געזעצט צו געוועלטיגען איבער די ווינטען און זיין נאָמען א"ז יהשציזיחיקיתיאל, באַשווער איך דעם גרויסען און פאָרכטיגען מזיק, דעם אומריינעם און דעם שוואַרצען, דעם כלב, וואָס געבוירט אומריינקייט, דעם אָפּשטאַמענדען פון שטן און לילית, ימח שמם, וואָס זיין נאָמען איז כתשיחורזומהליצילהשן, ער זאָל פאַרשווינדען אין די שפּאַלטען פון די פעלזענשטיינער און אין די נעגעל פון די אומריינע פויגעל, וואָס נח האָט אַרייַנגענומען בלויז צו איין פּאָר אין דער תיבה און וואָס זיי עסען פגרים און אויך קעץ. זאָל זיין פאַרפלוכט דער טאָג פון זיין געבוירען. דער ריינער מלאך זאָל אָנשרייַען אויף איהם. ער זאָל נישט האָבען קיין צוטריט נישט צו קיין מאַן, נישט צו קיין פרויענצימער, נישט צו קיין יונגפרוי, וואָס האָט נאָך נישט געקאָנט קיין מאַן, נישט צו קיין קינד און נישט אַפילו צו אַ קינד, וואָס איז נאָך אין די געדערים פון דער מוטער'ס בויך. דריי שוואַרצע הינט פרעסען אומריינקייט, רחמנא-ליצלן.

די שטומע טעכטער האָבען געאַרבעט, געהאָלפען דעם

טאַטען אין דער פרנסה. זיי האָבען גענעהט בענדלעך צו די בייטעלעך, מען זאָל זיי קאָנען טראָגען אויפ׳ן האַלז. זיי האָבען פעסט די בייטעלעך פאַרנעהט, כדי קיינער זאָל נישט קאָנען צוקומען צום פאַרמעט. די גרעסטע אָרימעלייט האָבען געקויפט די קמיעות פאַר אַלע קינדער זייערע, דעם לעצטען גולדען אַוועקגעגעבען, אַבי זיך פיהלען זיכער געגען דער וואַגלענדער פייגעלע דער משומדת. מיט אַזא קמיע, האָט מען געוואוסט, איז מען זיכער.

ר׳ ברוך׳ל האָט געשאַרט די גולדענס אין טישקעסטעל אַריין. ער האָט גוט באַטראַכט מיט די קורצזיכטיגע אויגען די מטבעות, וואָס מען האָט איהם געגעבען, צי מען פּאַקט איהם נישט אַריין קיין אָפּגעריבענע, און ער האָט געוואָרענט:

— מען דאַרף עס טראָגען אויפ׳ן בלויזען לייב, און היטען זיך נישט צו עפענען, חלילה.

דער איינציגער, וואָס האָט נישט מורא געהאַט, איז געווען ר׳ קנה שמש. פונקט ווי תמיד, איז ער זיך געגאַנגען מיט זיין שמש׳ישען לאַמטערן צום בית-עולם, צו זיך אַהיים. נאָך איהם איז נאָכגעגאַנגען יאָשע קאַלב.

ער האָט נישט געהאַט פאַרוואָס מורא צו האָבען, ר׳ קנה.

עס האָט זיך, אמת, געצוודערט אויפ׳ן בית-עולם, געשאַרכט. אויך האָבען זיך פייערלעך געצונדען און געלאָשען. אָבער ר׳ קנה האָט געוואוסט, אַז דאָס איז נישט די אַרבעט פון דער טויטער פייגעלע דער משומדת, נאָר פון ר׳ זיינוועל מוילעכער מיט זיינע יונגען און שקצים. ער האָט געפיהרט קאָנטראַבאַנדע, ר׳ זיינוועל. גאַנצע וואָגענס עסטרייכישע זיידענס און וואָלענס האָט ער איבער דער נאָהענטער גרעניץ בייגאַכט געשוואַרצט און זיי אויפ׳ן גוטען-אָרט אויסבאַהאַלטען.

ר׳ קנה האָט איצט אַ סך געלט פאַרדינט. ר׳ זיינוועל האָט איהם אַ גאָלד-שטיקעל פאַר אַ נאַכט געצאָהלט, אַ חוץ עסטרייכישען גליה-וויין אַ מתנה צוגעגעבען. ער האָט די גאָלד-שטיקלעך אין אַן ערדענעם טאָפּ אַריינגעלייגט און דעם טאָפּ באַגראָבען אין דער ערד, נעבען אַ קבר פון אַ צדיק, וואו

מען באַגראָבט קיינעם נישט מעהר, און פון גליה-ווײַן האָט ער אַ"ע מאָל פאַרזוכט. האַרטער ווי שטענדיג, איז ער לעצטענס געלעגען אונטער די ביידע פערענעס און געשנאָרכט. ער האָט אַפילו אויפגעהערט צו געהן צו טויטע. ער האָט עס איבערגע-לאָזט פאַר'ן שמש פון קצבים-שוהלכעל. ער האָט געשנאָרכט מיט גרויס זיכערקייט, באַלעבאַטיש, רוהיג.

און אויך יאָשע קאַלב האָט געהאַט מנוחה אויף זיין גע-לעגער אויפ'ן פיעקעליק.

זי איז נישט געקומען צו איהם מעהר, צביה. זי האָט נאַכט-ביי-נאַכט זיך אַרויסגע'גנב'עט צו די יונגען, וואָס באַגראָ-בען זיידענס צווישען קברים, באַהאַלטען וואָלענס אין אַלטע גוט-אידישע אוהל'ס.

ווי נאָר דער וואַנט-זייגער מיט די שווערע געוויכטער האָט אָנגעהויבען הייזעריג אויסקרעכצען אַלע קלאַנגען, האָט זיך די מויד אויפגעהויבען פון בעט, אָנגעטון זיך גיך, געכאַפּט אַ צעריסענע שאַל אויפ'ן צעשויבערטען קאָפּ און פאַרשוואונדען אויף שעה'ן. זי האָט זיך געשאַרט צווישען די קברים, געבוי-גען זיך אונטער אַראָפּהענגענדיגע צווייגען פון בוימער און אויג און אויער אויפגעשטעלט, אויפצוכאַפּען אַ שטילען שאָרך, אויפצוכאַפּען אַן אויפבליצענד פייערל פון אַ פאַררויכערטן פּאַ-פּיראָס.

זיי האָבען זי נישט געטריבען פון זיך, די יונגען, ווי יאָשע קאַלב. ניין. זיי האָבען איהר געגעבען געגזענס, געבראָ-טענע געגזענע פּולקעס, וואָס זיי האָבען געקריגען פון ר' זיינוולען זייער באַלעבאָס. אויך גליה-ווײַן האָבען זיי איהר גע-געבען צו זשליאָקען פון אַ צינערן זעלנעריש פלעשל. אַפילו מתנות האָבען זיי איהר געשאָנקען, זיידענע רויטע בענדער און סטענגעס צום צעשויבערטען קאָפּ האָר. און דערפאַר מיט איהר געקראָכען צו די אוהל'ס פון די צדיק'ישע קברים, וואָס זענען מיט פעק וואָלענס אָנגעלייגט.

— דו, חתן מיין... — האָט זי געזאָגט צו יעדען יונג אין

דער פינסטערניש, גישט זעהענדיג אַפילו צו וועמען זי רעדט
– דו חתן צביה'ס, הי, הי, הי...

און יאָשע איז געלעגען אויפ'ן פּיצקעליק און געגליהט
אינגאַנצען. ער האָט אויפגעכאַפּט מיט וואַכע אויערען יעדער
שאָרך, יעדען רויש פון דרויסען, און זיך דערפאַר געקנייפּט,
שטיקער פלייש פון זיך אויסגעריסען.

ער האָט געזאָגט זוהר פון אויסענווייניג.

## זעכצעהנט קאַפּיטעל

סוף ווינטער, באַלד נאָך פּורים, איז אויסגעבראָכען אין שטאָט אַ מגפה אויף קינדער.

אָנגעהויבען האָט עס זיך הינטער דער שטאָט, אויף די זאַמדען, וואו די דאָנער קאָזאַקען האָבען זייערע קאַזאַרמעס און פערד־שטאַלען. פּראָסטע אידען האָבען געוואוינט אויף די זאַמדען, דאָרפסגעהער, מיליטערישע שניידער, באַלעגאָלעס, ליים־פיהרער און אויך אַ פעטער פון אַ פרעהליך הייזעל פאַר די סאָלדאַטען.

ביי איינער אַ אידענע אַן אלמנה, וואָס טראָגט אַרום אַ קוישעל מיט קערלעך אַרום די קאַזאַרמעס, איז אין שושן־פורים אַוועקגעפאַלען אַ קינד, גענומען זיך שטיקען. די אלמנה האָט אַראָפּגעצויגען אַ זאָק פון פוס, אָנגעפּיצלט איהם מיט הייס זאַלץ און אַרומגעוויקעלט דעם קינד דאָס העלזעל. אָבער עס האָט נישט געהאָלפען. די אידענע איז אַוועק מיט פאַרבראָכענע הענט אין שטאָט צו שמשון דעם רופא.

ר׳ שמשון — האָט זי געמאַכט קולות — ראַטעוועט מיר מיין אויג אין קאָפּ. כ׳בין אַ וויסטע אלמנה!

ר׳ שמשון רופא האָט לאַנגזאַם גענומען זיין קעסטעל באַנקעס אונטערן אָרעם, פאַמעלעך אָנגעטון זיין אַכט־עקיג הי־טעל מיט׳ן סאַמעטענעם קנאָפּ אין דערמיט, ער האָט גלייך גע־מאַכט דעם שרונד אין זיין פירעקיג פאַרשוירען בערדעל, וואָס

יעדער האָר דערפֿון איז געווען האַרט, ווי אַ שפּיזעל, און מיט געבייזער געלאָזט זיך געהן מיט דער אידענע.

— שוין נישט געהאַט ווען אַוועקצופּאַלען, נאַר אין שושן-פּורים! — האָט ער זיך געבייזערט — געה שלעפּ זיך איצט אַזש צו די זאַמדען.

די אידענע האָט נישט אויפגעהערט בענשען:

— גוטער מלאך, קרוין! יערעצקי דער דאָקטאָר מעג דאָך פּאַר אייך די כּפּרה זיין. וואָס איהר ווייסט אין נאָגעל, ווייסט דאָך נישט יערעצקי אין זיין גאַנץ לייב און לעבען...

ר׳ שמשון רופא איז ווייכער געוואָרען. קיין זאַך האָט איהם נישט אַזוי געגומען, ווי אַז מען האָט איהם געהויבען איבער זיין שונא יערעצקי דעם דאָקטאָר.

— נו, שוין, שוין — האָט ער געברומט מיט הנאה — אין וועל עס אייך ראַטעווען, ס׳קינד. קומט.

אָבער ער האָט עס נישט געראַטעוועט. ביי איהם אויף די הענד האָט עס זיך פאַרקייכט און די אויגלעך פאַרגלייזט.

— יענע מעשה — האָט שמשון דער רופא געזאָגט, אויס-געשפּיגען און גיך אַוועק אַהיים מיט׳ן קעסטעל באַנקעס אונ-טער׳ן אָרעם.

דער געדאַנק, אַז אין שטאָט הויבט זיך אָן, אַז עס וועט זיין, מיט גאָט׳ס הילף, אויף פּסח, האָט איהם געטרייסט פאַר דעם אומזיסטען געהן אויף די זאַמדען. די אלמנה האָט איהם אין איהר טרויער נישט באַצאָהלט דעם גולדען פאַר דער טרחה.

צומאָרגענס איז די אלמנה געלאָפען צו די חברה-קדישא, מען זאָל קומען נאָכ׳ן מת. אָבער די חברה-קדישא-לייט זענען געווען מיד און שיכּור פון דער שושן-פּורים סעודה, וואָס זיי האָבען געמאַכט. אַ גאַנצע נאַכט פריהער האָבען זיי געטרונקען, אַריינגעריסען זיך אין שטובען מיט כּוח און פלאָדענס אַרויס-געכאַפּט, וויין פון קעלערס אַרויסגע׳גנב׳עט. און זיי האָבען מיט דער אידענע נישט געוואָלט רעדען.

— אַ גוטען פּורים! — האָט דער גבאי פון דער חברה-

קדישא, אַ טויט-שיכור'ער, געשריגען צו דער אַלמנה — ארורה זרש...

די אידענע איז געגאַנגען צום ראש-הקהל. נאָר ער האָט זי נישט אויסגעהערט.

— אַ שעהנע מעשה — האָט ער זיך געקרימט — אַזש אויף די זאַמדען! — פאָלג מיך אַ גאַנג...

די אלמנה איז אַהיימגעגאַנגען. זי איז צוגעגאַנגען צום ווינקעל שטוב, וואו איהר אַלט חופה-קלייד האָט נאָך געהאָנגען הינטער אַ לײַלעך. זי האָט דאָס לײַלעך אַראָפּגענומען, צעשניטען עס און דערפון דעם קינד איהרען תכריכים אויפגענעהט. דערנאָך האָט זי פון איהר קוישעל אויסגעשאָטען אַלע קערלעך און דאָס קינד דערין אַרײַנגעלייגט. מיט אַ געוויין האָט זי עס אַוועקגעטראָגען צום בית-עולם און געגעבען קנה שמש אַ גולדען, ער זאָל עס טון זיין רעכט. ביים צוריקגעהן פון בית-עולם, האָט זי ביידע דאַרע הענט פון איהר שוואַרצער צוריסענער שאַל אויפגעהויבען אין דער הויך צו דער שטאָט און זי פאַרשאָלטען.

— סדום! — האָט זי געזאָגט און געשאָקעלט מיט ביידע הענט — עס זאָל דיך נישט מיידען. ר'זאָלט פיהלען, שלעכטע מענשען, מיין וועהטאָג, פאַר דער חרפּה פון אַן אָרעמער אַלמנה.

פון די אָרעמע זאַמדען האָט עס זיך אַריבערגעטראָגען אין שטאָט. צומערשט צו די געסלעך פון די באַלמעלאָכעס, צו די אָרעמעלײַט. באַלד איז עס אַריבער אין מאַרק, וואו עס וואוינען די סוחרים און די נגידים. די געוויינען פון די ווײַבער אין די נעכט האָבען אַלע פון שלאָף אויפגעוועקט.

— אידען בני רחמנים, ראַטעוועט מיין קרוין פון קאָפּ!

תחלת איז מען געלאָפען צו דאָקטוירים. פון אָרעמע געסלעך זענען געלאָפען ווייבער אין שלאָף-קאָפּקעס צו שמשון רופא אין מיטען דער נאַכט און געקלאַפּט מיט געביילטע פויסטען אין די לאָדענס.

— גזלן, עפענט!

פון באַלעבאַטישע הייזער איז מען געלאָפען צום פּוילישען דאָקטאָר יערעצקי. אַ משוגענער איז ער געווען, דער יערעצקי, אַ צודרעהטער. ער האָט געשריגען אויף די קראַנקע, אַמאָל אפילו דערלאַנגט אַ פּעטשעל אויך.

— פּופּיק צייג, שייגעץ — האָט ער גערעדט מיט אידישע ווערטער — אַכציג שוואַרץ יאָהר, אוי ווי, מוישע...

— פריץ! — האָבען איהם אידען אין בלויזע אָפּגעדעקטע קעפּ געבעטען — פריהער גאָט, דערנאָך דו, פּראָפעסאָר. זיי אַ גוטער מלאך!

נגידים האָבען גענומען דעם קאָזאַקען-דאָקטאָר שאַלופּין-שאַלאַפּניקאָוו, אַ גענעראַל מיט אַ באָרד ביז'ן גאַרטעל.

— ניטשעוואָ, גאָלובטשיק, ני-טשעוואָאָאָ — האָט ער געהאַט אַ טבע צו טרייסטען מיט אַ טיפען באַס.

אפילו ביי אַ גוסס האָט ער נישט פאַרלוירען זיין גוטמוטיגע רוהיגקייט.

— ניטשעוואָ, גאָלובטשיק, ני—טשעוואָאָאָ...

זיי האָבען געאַרבעט, די דאָקטוירים, באַטראַכט, פאַרשריבען מעדיצינען, דערנאָך לאַנג די הענט אין שיסלען וואַרעם וואַסער מיט זייף געוואַשען, נאָר געהאָלפען האָבען זיי נישט.

די מגפה האָט זיך געשפּרייט אַלץ מעהר און מעהר.

מען האָט אָנגעהויבען נוצען ר' ברוך'על דעם ווייבערישען רבי.

גאַנצע טעג איז ר' ברוך'על געזעסען און געאַרבעט. ער האָט געשריבען קמיעות, ספּעציעלע קמיעות געגען אַן אונטערגאַנג. ער האָט אויך פאַרקויפט קרייטעכצער, געטריקענטע, אין בייטעלעך. דערצו האָט ער געהאַט אָפּגעשפּראָכענעם בורשטין, וואָס האָט נאָך געשטאַמט פון קאָזשעניצער מגיד, שטיקלעך שוואַרצען צוקער פון שפּאָלער זיידען, שנירלעך וועלפען-צייהן, שוואַרצע טייוועלס-פינגער, גאַרטעלעך פון קרייקעס, אָפּגעשפּראָכענעם בוימעל פון צפת. אַלע שטומע טעכטער זיינע האָבען איהם צוגעהאָלפען ביים פּאַקען די קרייטעכצער אין די זעקעלעך, ביים גיסען דעם צפת'ער בוימעל, ביים נעהען גאַרטעלעך.

אין די בתי-מדרשים האָבּען ווייבּער איינגעריסען, אויפ-
געריסען ראשיג די טירלעך פון די ארון-קודש'ס און מיט היי-
עריגע קולות פון וויינען אַריינגעשריגען צו די ריינינקייטען.
— רחמים פאַר מיין קינד! דערבּאַרמדיגקייט פון מיין אויג
אין קאָפּ.

מיט פאַרוואָרפענע טיכער איבּער די קעפּ, כדי נישט צו
ווייזען די מאַנסבּילען די געזיכטער, האָבּען זיי זיך אַרומגע-
דרעהט איבּער די בתי-מדרשים, צוגעגאַנגען נאָהענט צו די
מאַנסבּילען און געוויינט:

— בּעט, אידען, פאַר לאה בּת חנה דבורה! זאָגט תהילים,
אידען, פאַר שמחה מאיר בּן פייגע האָדעל...

אידען האָבּען געזאָגט תהילים, טאַטעס האָבּען זייערע קינ-
דער נייע נעמען געגעבּען. אינגלעך האָט מען צוגעלייגט דעם
נאָמען חיים, כדי זיי זאָלען לאַנג לעבּען, אַלטער — כדי זיי
זאָלען זיין אַלט, זיידע — כדי זיי זאָלען דערלעבּען צו ווערען
זיידעס. מיידלעך האָט מען געגעבּען נעמען: חיה, אַלטע, בּאָבּע.
טייל האָבּען אַפילו דריי נעמען צוגעלייגט מיט אַמאָל. אויבּ עס
איז אָנגעשריבּען אין הימעל שלעכטס פאַר איין נאָמען, זאָל עס
נישט זיין קיין בּייז קוויטעל פאַר'ן אַנדערען נאָמען, פאַר'ן דרי-
טען. מאַמעס, וואָס עס האַלטען זיך נישט בּיי זיי קיין קינדער,
האָבּען זייערע קינדער, וואָס זענען געבּליבּען די איינציגע
קדישים, אָנגעטון פון קאָפּ בּיז די פיס אין ווייסע לייווענטענע
קליידער. אָרימע אינגלעך האָבּען נאָכגעיאָגט די נגידישע בּן-
יחיד'לעך אין די ווייסע קאַפּאָטעס און היטלען.

— טויטער מלאך! גן-עדן-עפּעלעך...

נאָר די מאַמעס האָבּען די ווייסע קליידער פון זייערע
קדישים נישט געוואָלט אַראָפּנעמען. אויבּ עס איז אָנגעשריבּען
אין הימעל צו טראָגען ווייסע קליידער, תכריכים, זאָל מען זיי
טראָגען בּיים לעבּען, נישט דאַרפען זיי, חלילה, אויף אַן אמת.

אָרעמעלייט האָבּען אויפגעלעבּט. מען האָט מעהר נישט
געגעבּען קיין שטיקלעך צוקער, קיין פּרוטות, נאָר גראָשענס,
דרייערס און אַפילו צעהנערלעך. ר' קנה שמש האָט יעדען אָוונט

פאַר׳ן שליסען דאָס בית־המדרש, אַרויסגעצויגען מיט אַ פאַרבוי־געגעם שטיק דראָט מטבעות פון די פאַרשלאָסענע ארץ־ישראל־פושקעס, וואָס זענען געשוואָלען געוואָרען פון נדבות. קיין ליכט האָט ער שוין נישט באַהאַלטען, עס איז מעהר קיין אָרט נישט געווען אונטער דעם בעלעמער. אַזוי פיל ליכט האָט מען מנדר געווען.

— אַז ס׳געהט — האָט ער געזאָגט — געהט עס דורך טיר און טויער.

אָבער די מגפה האָט זיך געשטאַרקט אַלץ מעהר און מעהר.

ווייבער האָבען זיך גענומען צום בית־עולם.

יעדער טויט קינד האָט מען נאָכגעשריגען אין ארון אַריין, עס זאָל לויפען און מיהען זיך.

— צו די הייליגע מוטערס לויף! — האָט מען געבעטען ביי די קינדער — זאָג, אַז עס איז שוין גענוג.

ביי אַלע צדיקים אויף די קברים האָט מען געצונדען ליכט, געשריבען קוויטלעך און געוואָרפען. אידען האָבען אויפ׳ן בית־עולם אַרויסגעשטעלט טישען, טינט און פעדער מיט פאַפיר אַוועקגעשטעלט און צו אַכצעהן גראָשען גענומען פאַר אַ קוויטעל. בעלנים זענען געווען אַ סך און אידען האָבען געזאָגט:

— דעם קינדס נאָמען און דער מוטערס נאָמען, און אַכצעהן גראָשען, גיך, מען וואַרט!

ווייבער עקרות האָבען דאָס גוטע־אָרט אויסגעמאָסטען אַרום און אַרום מיט לייוונט און די לייוונט פאַר אָרעמע כלות אויף וועט מנדר געווען. אַנדערע האָבען געצויגען קנויטען צו ליכט און דערמיט געמאָסטען דאָס בית־עולם. דערמיט האָט מען אָפּגעשלאָסען דאָס גוטע־אָרט, עס זאָל מעהר קיין מתים נישט נעמען. אָבער עס האָט זיך נישט געלאָזט אָפּשליסען.

די מגפה האָט זיך געשטאַרקט אַלץ מעהר און מעהר.

ר׳ מאיר׳ל דער רב האָט גערופען די באַלעבאַטים פון שטאָט אויף אַן אסיפה.

— זינד זענען דאָ אין שטאָט — האָט דער רב געשריגען — אידען טוט תשובה, אפשר וועט גאָט זיך דערבאַרימען. צוליב

די זינד פון איינעם קאָן, חלילה, אַ שטאָט מיט יונגע עופה׳לעך אומקומען.

אַ ציטערניש האָט די אידען אַרומגענומען. מען האָט גע־נומען זוכען חטאים, נאָכקוקען איינער דעם אַנדערען. ווייבער האָבען אַכטונג געגעבען, אַז ביי שמשון דעם רופא זאָלען זיך נישט צונויפקומען שבת די קלעזמערס מיט די דינסטמיידלעך. מען האָט גערעדט אין שטאָט, אַז זיי טאַנצען דאָרט צוזאַמען, און ווייבער זענען כסדר געשטאַנען אויף דער וואַך. מען האָט אויך געלאָזט רופען דעם פעטער פון פרעהליכען הייזעל אויף די זאַמדען און איהם באַפוילען, גלייך אַרויסצוטרייבען דאָס איינציגע אידישע מיידעל פון דער פרעמד, וואָס איז געווען ביי איהם צווישען עטליכע שיקסעס. דער פעטער, אַאיד מיט אַ רוסיש העמדעל איבער די ברייטע הויזען, אַ פאַרבליבענער זעלנער פון פאָדאָל, האָט זיך גענומען דינגען.

— רבי — האָט ער געזאָגט — כ׳מוז האָבען איינע אַ אידישע. די חזירים ווילען עס...

אַז דער רב האָט זיך איינגעשפאַרט, האָט ער איהם גע־פרואווט נעמען מיט מצוות.

— רבי האָט ער זיך געבעטען — זי איז, נעבעך, אַ יתומה, דאָס מיידעל, וואו וועט זי געהן?

אָבער דער רב האָט זיך געבייזערט, געזאָגט, אַז מען וועט איהם נישט לאָזען זאָגען קיין קדיש אין שוהל נאָך זיינע על־טערען, אויב ער וועט די אידישע חצופה נישט אַרויסטרייבען, און דער פעטער האָט נאָכגעגעבען. פאַר קדיש האָט ער מורא געהאַט.

אידען נגידים האָבען גענומען דעם בעדער אויף אַ פאַר־הער, וועלכע ווייבער עס געהען וועניג אין מקוה. מענער האָ־בען אַכטונג געגעבען אויף זייערע ווייבער, זיי זאָלען גוט פאַר־דעקען די קעפ, קיין איין פאַרשייט לעקעל האָר זאָל נישט אַרויס־קוקען דורכ׳ן שייטעל, קיין איין קרייזעל זאָל נישט אַרויסזעהן זיך אויפ׳ן קאַרק און איבער די אויערען. טאַטעס האָבען אַכטונג

געגעבען אויף די טעכטער, זיי זאָלען צודעקען די העלזער, נישט געהן מיט אָפּגעדעקטע הענט.

דער רב האָט געלאָזט אָנשרייבען אַ גרויסען קול-קורא. בית-המדרש-בחורים מיט אַ שעהנער האַנטשריפט האָבען די אויפרופען מיט געציקעלטע אותיות, ווי געדרוקט, אויסגעצייכענט און אויסגעקלעבט אויף אַלע ווענט פון שול-הויף ביז'ן באָד און הקדש.

מיט דער הילף פון אויבירשטין געלויבט זאָל זיין זיין נאָמין — האָט דער קול-קורא געשריבען — איז דערגאַנגין ציא אינזערע אויערין דאָס איין אויפברעכינק איז אויסגעבראָכין אין ישראל. דאָס ווייבער רחמנא ליצלן גייען אין אייגענע האָר אינטער די שייטלין. אויך פאַרדעקין זייא נישט דיא האָר בייא דעם שטערין אין בייא דיא אויערין וואָס עס איז אַ גרויסע זינד דען דאָס איז שאַנד און מען טאָר נישט קיין אידיש וואָרט זאָגין כּידוע. אויך זויגערינס זיינען נישט גיוואָרינט אין זויגין זייערע קינדער פאַר די טירין ווען עס גייען פאַרבייא מאַנסביילין אויך בחורים אין זיי אַנטפּלעקין זייערע בריסטין וואָס איז גיגליכין ציא שאַנד. אויך די בתולות זענין נישט גיוואָרינט דען זייא גייען אָהן אַרביל אין מיט אָפּגידעקטי העלזער. אויך זינגין זייא וואָס דאָס קול פין איין פרויענצימער אפילו איין בתולה איז שאַנד אין מען טאָר קיין ברכה נישט מאַכין. אויך איז דערגאַנגין ציא אינזערע אויערין דאָס דיא בתולות קעמין דיא האָר אין שבת וואָס איז וויא מען וואָלט אָנגעצינדין פייער אין שבת. אין צייליב דעם איז אַ שטראָף פון הימיל אויף אינזערע עופהליך וואָס האָבין גאָר נישט געזינדיגט גיפאַלין אין אַ צאָרנינק פין צאָרין. זאָל דער טויט פאַרשווינדין ביז עוויג אמן. דעריבער ריפין מיר אויס אין דיא טויערין פין ישראל דאָס דיא שענדליכקייט זאָל אָפּגיטין ווערין. די ווייביר זאָלין זיך באַדענקין אויך דיא בתולות. אין מען זאָל אָפּריקין די בעטין איין פין אַנדערין אויף אַן אייל אין דיא ווייביר זאָלין דיא האָר אָפּגאָלין. דיא אָרימי ווייביר וועט

קהל מיט גאָטס הילף גאָלין אויף חשבון פון קהל יעדין טאָג אין באָד אצל הטיקערין מיט אַ קוויטיל פון גבאי. אויך וועט מען פאַר אָרימי געבין מיט דעם אויבירשטינס הילף טבילה אימזיסט. אין עס זאָל קימען אַן אויסלייזינק פאַר ישראל אין דער אויבירשטיר זאָל זאָגין דעם שלעכטין שטן געניג, אין זאָל פאַרשווינדין ווערין דער טויט. אַזוי זענין דיא רייד פין דיא ציבראָכיני וואָס שרייבין מיט ציטירינ־דיקי הענט אין אַ גיבראָכין גימיט. צים סדר ט״א אָפּ פין דיר דיא שאַנד.

דערויף זענען געווען אונטערגעשריבען דער רב ר׳ מאיר׳ל און דער ווייבערישער רבי ר׳ ברוך׳על:

דער קליינער און יונגער מאיר יהודה, דער זוהן פון דעם גרויסען רב און גאון ר׳ שמואל זאב, זכרונו לברכה, דער רב פון דער הייליגער קהלה.

דער קליינער און דער נבזה ברוך, דער זוהן פון דעם געטליכען מלאך, דעם פייערדיגען זייל דער רבי ר׳ ניסן פון טאָרבין און דער אייניקעל פון קדושים, מגיד אין דער הייליגער קהלה.

אַ פרומקייט האָט אַלע אידען אין שטאָט אַרומגענומען. ווייבער האָבען זיך אַראָפּגערוקט די קאָפּקעס און שייטלען ביז איבער די אויערען, מיט שאַלען זיך פאַרהאָנגען, בלויז מיט אויגען און מיט אַ שפּיץ נאָז געקוקט אויף גאָטס וועלט. יונגע־לייטלעך נאָך דער חתונה האָבען זיך נישט פאַרגונען קיין ליצנות צו מאַכען מיט זייערע יונגע ווייבלעך. אפילו חדר־אינגלעך האָבען נישט איבערגעהיפּערט אין דאַוונען. באַלמעלאָ־כעס האָבען ביי דער אַרבעט קיין איין פאַרשייט לידעל נישט געזונגען און דינסטמיידלעך האָבען זיך נישט געלאָזט טשעפּען פון באַלעגאָלעס ביים געהן צום טייך נאָך וואַסער. אָבער עס האָט נישט געהאָלפען.

די מגפה האָט זיך געשטאַרקט אַלץ מעהר און מעהר. ר׳ מאיר׳ל דער רב, צוזאַמען מיט ר׳ ברוך׳לען דעם

ווייבערישען רבין, האָבען ווידער אַלע אידען פון שטאָט צוזאַ-
מענגערופען אין שוהל און אויסגערופען אַ חרם אויף אַלע, וואָס
האָבען אויף זיך זינד און זענען זיך נישט מודה. נאָך אָפּזאָגען
סליחות אין מיטען דער וואָך, האָט קנה דער שמש אָנגעצונדען
גרויסע ליכט, ווי אין ערב יום-כּיפּור פאַר כּל-נדרי. יאָשע קאַלב
האָט געבראַכט צושלעפּען דאָס טהרה-ברעט און עס אַוועקגע-
שטעלט אין אַ ווינקעל. די גבאים האָבען אַרויסגענומען די ספר-
תורה׳ס פון ארון-קודש, די קהל-לייט האָבען די טליתים מיט
קיטלען אָנגעטון. קנה שמש האָט געגעבען דריי קלעפּ מיט׳ן
הילצערנעם האַמער אין שולחן, און דער רב האָט גענומען לייע-
נען מיט אַ הויך פייערליך קול פון אַ פּאַרמעט:

— מיט׳ן וויסען פון קהל און מיט דער הסכמה פון בית-
דין רופען מיר אויס צו די, וואָס זענען זינדיג, סיי מאַנסבי-
לען, סיי ווייבער, סיי בחורים, סיי בתולות, סיי אייגגעזעסענע,
סיי פרעמדע, זיי זאָלען זיך מודה זיין אין זייערע זינד פאַר
קהל, דען אַ גרויס אומגליק איז געפאַלען אויף אונזער שטאָט,
עופה׳לעך פאַלען ווי פליגען. איבער די זינד פון איינעם, קען,
חלילה, אַ גאַנצע שטאָט אומקומען, און געדאַרפט וואָלטען מיר,
ווי אַמאָל, ווען מיר זענען אין אייגענעם לאַנד געווען, אַרויס-
צוגעהן פאַר׳ן טויער פון שטאָט און זאָגען: אונזערע הענט
האָבען נישט פאַרגאָסען דאָס דאָזיגע בלוט! ווייל דאָס איז גע-
גליכען צו איינעם, וואָס שטעהט אויף אין פעלד און הרג׳עט
אַ מענש. דאָס פאַרשניטענע לעבען פון יונגע קינדער שרייט
צו אונז. אָבער איידער דאָס בית-המקדש איז געבויט, איז דאָס
בית-דין געגליכען צו אַ בית-המקדש, אונז איז געגעבען דער
כּוח צו געהן מיט תקיפות, און דעריבער רופען מיר אין די
טויערען און זאָגען: פאַרשאָלטען זאָל זיין דער, וואָס באַהאַלט
אויס זיינע זינד, סיי אַ מאַנסביל, סיי אַ פרויענצימער, סיי אַ
יונגגעזעלען, סיי אַ בתולה, וואָס האָט נאָך קיין מאַן געקענט,
סיי אַן אייגגעזעסענער, סיי אַ פרעמדער, און פאַרוויסט זאָל
ווערען זיין נאָמען, און אַ שטרויכלונג זאָל אַרומנעמען זיינע
לענדען, און צו שפּאָט און צו שאַנד זאָל בלייבען זיין געדעכעניש

אין ישראל, און זאָלען זיינע הענט געליימט ווערען און זיינע פיס זאָלען שלאַבעריג זיין, און זיין דיך זאָל אויסגעטריקענט ווערען, ער זאָל מעהר קיין קינדער נישט ברענגען. און איז עס אַ פרויענצימער, זאָל פאַרשניטען ווערען איהר טראַכט, און איהרע קינדער זאָלען פאַרשניטען ווערען און זיי זאָלען בליי-בען אויף אַ משל אין ישראל, אמן!

— אמן! — האָבען אַלע אידען און ווייבער נאָכגעזאָגט מיט אַ געוויין.

— שופר! — האָט דער רב געזאָגט דעם בעל-תקיע.

דער גראָבער גבאי מיט'ן קורצען אָטעם האָט דריי מאָל געבלאָזען.

אַ טויטקייט האָט די שוהל אַרומגעכאַפּט. קיינער האָט אַפילו נישט פאַרגונען זיך פריי צו עטעמען. בלויז אַ פאַרבלאָנ-דזשעטער פויגעל, וואָס האָט זיך דורך אַ צעבראָכענער שויב אַריינגעקריגען אין שוהל, האָט זיך געדרעהט אַ פרעהליכער אַרום דעם גאָלדענעם לייב ביים ארון-קודש, געשפּילט זיך מיט זיין רויט-אַרויסגעשטעקטער צונג און געזונגען. אַלע אויגען זע-נען געווען אָנגעשטרענגט. מען האָט געוואַרט מיט איינגעהאַל-טענעם אָטעם.

מיטאַמאָל האָט זיך ר' משה סופר אויפגעהויבען פון זיין אָרט, מיט גיכע טריט איז ער אַרויף אויפ'ן בעלעמער און אַ געשרעה געטון:

— אידען, איך בין זיך מודה!

אַ ציטערניש איז אַלעמען באַפאַלען.

— אידען! — האָט ר' משה סופר גערופען און זיינע אויגען האָבען געגלאַנצט — איך בין פול מיט זינד. איינגערעכט פון קאָפּ ביז די פיס...

ער איז אַראָפּגעלאָפען גיך פון בעלעמער, אויסגעגלייכט זיך אויף דער שוועל און געבעטען זיך:

— אידען, טרעט איבער מיר, שפּייט אויף מיר, זייט מיך מבזה!

אָבער קיינער האָט זיך נישט געריהרט פון אָרט. בלויז

דער רב צוזאַמען מיט ר׳ ברוך׳לען דעם ווייבערישען רבי׳ן זענען גיך צוגעלאָפען, אויפגעהויבען דעם איד פון דער שוועל און געבעטען זיך ביי איהם:

— ר׳ משה, אייער זכות זאָל אונז ביישטעהן, בעט פאַר אונז!

ווייבער האָבען אָראָפּגעשריגען פון ווייבער-שוהל:

— צדיק, ראַטעוועט אונזערע קינדער!

אָבער אויך דער חרם האָט נישט געהאָלפען. קנה שמש האָט גאָרנישט אויפגעהערט קלאַפּען מיט דער פושקע אויף די לויות און רופען, אַז צדקה וועט ראַטעווען פון טויט.

די מגפה האָט זיך געשטאַרקט אַלץ מעהר און מעהר.

ביז אַביש קצב האָט זיך גענומען צו דער זאַך און ער האָט געפּאַקט דעם זינדיגען.

— חרם, שמייךעם — האָט געזאָגט אַביש קצב, אַ איד אַ גיבור, דער גבאי פון קצבים-שוהלעכעל, שבת נאָכ׳ן דאַווע-נען צו זיינע קצבים — מיט אַזעלכע מעשיות וועט זיך קיינער נישט מודה זיין. לאָמיר אונז, קצבים, זיך נעמען צו דער אַר-בעט. לאָמיר זוכען אין שטאָט, און אַז מען וועט פּאַקען עמי-צען, וועט מען מאַכען פון איהם קרעפּעל-פלייש, ווי יעך בין אַ איד געבוירען!...

גאַנצע אַכט טאָג צייט האָט ער געזוכט, אַביש קצב, גע-נישטערט. אַלע ווייבער, וואָס קומען צו איהם קויפען פלייש, האָט ער געפאָרשט, פון די אויגען נישט אַראָפּגעלאָזט, ביז ער האָט געפּאַקט.

געפּאַקט האָט ער צופעליג.

נאָך אַלע ווייבער, וואָס זענען געקומען צו איהם קויפען פלייש אויף שבת, איז צביה דעם שמש׳ס געקומען מיט אַ קוי-שעל אין האַנט אין דער יאַטקע. איהר טאַטען קנה איז זעהר גוט געגאַנגען, און צביה האָט געקויפט אַ סך פלייש, לעבער און לונגען, גריישלעך און קעלבערנע פיסלעך מיט וואַמפּען.

ער האָט זיך מיט איהר געטשעפעט, אַביש קצב, פונקט ווי מיט אַלע מיידען. יעדען טאָג ביים דאַווענען האָט ער זיך

געגעבען דאָס וואָרט, אָפּגעמאַכט ביי זיך, צו זיין פרום און גוט און די מיידען נישט צו טשעפּען, נאָך דערצו אין אַזאַ ביטערער צייט! אָבער ווי נאָר ער איז געקומען צום יאַטקע-קלאָץ, האָט ער אין אַלץ פאַרגעסען, האָט ער זיך נישט געקאָנט אָפּהאַלטען, נישט צו כאַפּען אַ קניפּ אין אַ מוידישען הינטער, נישט צו פאַרקריכען צו אַ צעוואַקסענעם בוזים. די הענט אַליין זענען ביי איהם געקראָכען. זיין ווייב ביילע דאָבע, אַ אידענע אַ פוילע און אַ שלעפּעריגע, האָט איהם אפילו מעהר נישט נאָכגעקוקט. זי איז געזעסען אין אַ ווינקעל און געדרימעלט, אויפכאַפּענדיג זיך בלויז יעדעס מאָל, ווען אַ מויד האָט גע-שריגען:

— אַבישעל, די הענט זאָלען אייך נאָר אָפּגעדאַרט ווע-רען!...

אויך מיט צביה'ן האָט ער זיך געטשעפּעט. זי האָט זיך נישט געוועהרט, צביה, זי האָט נאָר בלויז ווילד געלאַכט:

— הי, הי, הי, אַביש פויער, הי הי הי.

און מיטאַמאָל האָט זיין געניטע קצב'ישע האנט עפּעס דערפיהלט, דערפיהלט אַזעלכעס, וואָס האָט אין זיין מוח אַ האַק געטון ווי מיט אַ האַק. אין זיין קצב'ישען קאָפּ איז איהם ליכ-טיג געוואָרען.

— ביילע דאָבע! האָט ער גענומען וועקען זיין ווייב, וואָס איז געלעגען אָנגעלעהנט אויפ'ן יאַטקע-קלאָץ און געדרי-מעלט — ביילע דאָבע, יעך האָב עס געפּאַקט! גיב נאָר אַ קוק אויף קנה'לעס טאָכטער, נאַ...

ער האָט פאַרמאַכט איין אויג און מיט'ן צווייטען פלינק און מיט געניטקייט אַ ווייז געטון אויף דער מוידס פאַרהוי-בענעם בויך.

— צדיק מיינער, ווייסט נישט, וואָס דו רעדסט — האָט ביילע דאָבע געזאָגט מיט פאַרדרוס — ס'דאַכט זיך דיר!

— ס'דאַכט זיך מיר? האָט אַביש קצב געשריגען -- יעך וועל דיר שוין ווייזען, אָקס, ווי ס'דאַכט זיך מיר!

ער איז צו צו צביה׳ן און פלינק איהר אַ קוועטש געגעבען אין בויך מיטביידע הענט.

— מאַמעלעך! — האָט זיך די מויד צושריגען, און אַביסל האָט אַזש אויסגעשפיגען צו זיין ווייב ביילע דאָבע.

— ס׳וואָרפט זיך שוין אַפילו דאָרט, דאָס ממזר. טאַטאָן, בריה מיינע, וועסטו זעהן...

גלייך דערויף איז ער אַרויס פאַר דער טיר און גענומען רופען:

— ווייבער אַהער, וועט עטץ זעהען עפּעס שיינס!...

זי האָט זיך געוואָרפען, צביה, מיט די פיס געשטויסען, מיט די נעגעל געדראַפּעט, ביי קצב׳טעס די פאַרפעדערטע שייטלעך אַראָפּגעריסען פון די קעפּ, נאָר עס האָט איהר נישט געהאָלפען. מיט כּוח האָט מען זי אַרויפגעלייגט אויף דעם יאַטקע-קלאָץ, אָפּגעדעקט זי, און די ווייבער האָבען, מיט פאַרבלוטיגטע הענט פון פלייש-האַקען, דעם מוידישען בויך באַטאַפּט און אַרומגעזוכט.

— שוין אין פינפטען חודש אַודאי — האָבען זיי געזאָגט — עס זאָל איהר נאָר אין בויך אויסרינען, טאַטע געטרייער אין הימעל!

איין אידענע, וואָס האָט ערשט מיט אַ וואָך צוריק באַגראָבען אַ קינד און נאָר-וואָס פון דער שבעה אויפגעשטאַנען, האָט גלייך גענומען קריכען מיט די הענט אין דער מוידס צעשויבערטען קאָפּ און געמאַכט געוואַלדען:

— פאַר מיין כּאַסקעלע, וואָס ליגט איבער דיר, אויסגעלאָסענע, יונג אין דער ערד, נאַ...

די מויד האָט געמאַכט קולות, געשריגען, אויסגעריסען זיך און, אָהן דעם קוישעל מיט פלייש, געלאָזט זיך לויפען אַהיים, צום בית-עולם. אָבער אַביסל איז איהר נאָכגעלאָפען און זי געכאַפּט.

— אידען, צום רב זי אַוועקטראָגען! — האָט אַביסל באַפוילען די קצבים — נעמט זי, קנה׳לעס בת-יחיד׳קע... לעבעדיג!...

צוויי קצבים ביי די הענט און צוויי ביי די פיס האָבען

די שרייענדיגע מויד פאַרוואָרפען אויף די אַקסלען מיט גרויס געשיקטקייט, ווי מען פאַרוואַרפט אַ געקוילעטע בהמה, און זי מיט גרויס פּאַראַד אַוועקגעטראָגען איבער׳ן גאַנצען מאַרק ביז צום רב.

זי האָט זיך געוואָרפען, צביה, געברומט, ווי אַ קוה. אַ שוים איז איהר אַרויס פון׳ן מויל. איהר קלייד האָט זיך פאַרשאַרט און איהרע נאַקעטע פעסטע פיס געוויזען ביז אַרויף. פון אַלע געסלעך זענען מענער, ווייבער און קינדער נאָכגעלאָפען. ווייבער האָבען איבערגעלאָזט די יויכען אין מיטען קאָכען און מיט פאַרקאַשערטע אַרבעל און מיט אַן אָפּשוים-לעפעל אין דער האַנט נאָכגעלאָפען איבער דער גאַס. באַלמעלאָכעס מיט שערען אין די הענט, מיט אַן אַרויפגעצויגענער כאַליעווע אויף דער האַנט, אין די בלויזע הויזען און אין די טלית-קטן׳ס, זענען געלאָפען פון זייערע קליינע הייזלעך. וואַסער-טרעגער האָבען אַפילו די שווערע עמער וואַסער נישט אַוועקגעשטעלט. אַביש קצב איז געגאַנגען פאָראויס, ווי אַ מחותן, און געררופען מיט זיין פעסטען באַס:

— געכאַפּט קנה׳לע שמש׳ס טאָכטער... מ׳פיהרט זי צום רב...

מענער האָבען געלאַכט. ווייבער צעיאָכמערטע, צעהיצטע, מיט רשעות׳דיגע אויגען און מיט צעפלאַמטע פּנים׳ער, האָבען געבײלט ביינערדיגע פויסטען.

— פאַרשטיינען זי, די הור, פאַר אונזערע עופה׳לעך! פאַרשטיינען זי!...

## *זיבעצעהנט קאַפּיטעל*

ר׳ מאיר׳ל דער רב איז געזעסען אין זיין רויט־סאַמעטע־נעם וואַטעגעם שלאַפראָק, כאָטש עס איז געווען וואַרעם, אויף זיין גרויסער האַרטער בית־דין שטוהל איבער אַן אָפען אַלט ספר, געדרויכערט די לאַנגע ליולקע־ציבעק און געזיפצט.

— אוי, רבונו־של־עולם — האָט ער געקרעכצט — וויפיל איז דער שיעור אַזוי לאַנג צו וואַרטען? אוי, דאַרפען אידען אויסגעלייזט ווערען, געוואַלד!

ער האָט געהאַט אַ סך עגמת־נפש, ר׳ מאיר׳ל דער רב. אַ חוץ פון דער מגפה, אַחוץ פון די שטענדיגע געוויינען פון די ווייבער, וואָס פאַלען אַריין צו איהם, ער זאָל בעטען פאַר זייערע קינדער, האָט ער געהאַט אַ סך אַנדערע צרות. ראשית, האָט די פּאָליציי גענומען שערען ביי אידען די פּיאות. אַ גזירה איז אַרויס פון קייזער אַליין, אַז אידען טאָרען נישט טראָגען קיין פּיאות, גאַרטלען און יאַרמעלקעס, אויסער די רבנים און רבי׳ס. אידען נגידים האָבען זיך אויסגעקויפט. אָבער צו אָרע־מעלייט האָט מען זיך געטשעפּעט. דער נאַטשאַלניק פון שטאָט האָט געגעבען אַ באַפעהל די פּאָליציאַנטען, שטרענג אַכטונג צו געבען. די פּאָליציאַנטען זענען אומעטום אַרומגעקראָכען און ווי נאָר זיי האָבען געפּאַקט אַ אידען מיט אַ פּאָר פּאות, אַ יאַר־מעלקע אָדער אַ גאַרטעל, האָבען זיי איהם געכאַפּט. אויף דער גאַס האָט דער סטראַזשניק אָפּגעשניטען איין אידישע פּיאה מיט

אַ שערעל אָדער מיט דער שווערד, פאַרכאַפּענדיג שוין אין איין וועגס אויך אַ שטיק הויט, די יאַרמעלקע מיט׳ן גאַרטעל גענומען פאַר אַ זאַכליכע באַווייז און דעם שולדיגען אָפּגע־פיהרט אין „קאָזע״ אַריין. ווער עס האָט געקאָנט, האָט באַצאָהלט דריי רובעל. אָרעמעלייט זענען אָפּגעזעסען דריי טעג.

אידען האָבען זיך אַן עצה געגעבען און זיך מיט אַ קע־שענע־פּאַטשיילע אַרומגעבונדען די באַקען, ווי עס וואָלטען זיי וועה געטון די ציין. אָבער דער נאַטשאַלניק האָט זיך געכאַפּט און געהייסען יעדען פאַרבונדענעם אַראָפּרייסען די פּאַטשיילע פון די באַקען.

— שאַכער־מאַכער — האָבען די סטראַזשניקעס געלאַכט — פּייסינקי דאַוואַי...

אין דער פריה, נאָך פּאַר׳ן דאַווענען אפילו, האָט מען ר׳ מאיר׳ל דעם רב צוליב דעם טאָקע צום נאַטשאַלניק גערופען און מיט איהם האַרבע רייד גערעדט.

מיט אַ טאָג פריהער האָט מען ר׳ משה סופר געכאַפּט אויף דער גאַס און איהם אַ פּיאה אָפּגעשניטען. ער האָט גע־דאַרפט שרייבען אַ שם אין אַ ספר־תורה, ר׳ משה סופר, און ער איז פריהער אין מקוה געגאַנגען. צוריק פון מקוה איז ער געלאָפען גיך, געאיילט זיך, כדי נישט צו באַגעגענען אויפ׳ן וועג קיין ערל אָדער אפילו קיין גראָבען יונג. ער האָט געוואָלט גלייך פון דער מקוה, נאָך אַ נאַסער, אַ גע׳טובל׳טער, זיך נע־מען צום שרייבען. ער האָט קיין שום זאַך נישט געזעהן אַרום זיך. ער איז געגאַנגען מיט אָפענע אויגען, וואָס זעהען נאָר הימלישע זאַכען, און ער איז אַריינגעפאַלען צום סטראַזשניק גלייך אין די הענט אַריין.

— פּ—ר—ר—ר, טאַטעלע — האָט דער גוי פאַרהאַלטען דעם פאַרטראַכטען איד און אויף איהם געשפּאַרט מיט דער פולער ברוסט מעדאַלען — פּייסעלע, גאַרטעלע, אוי וויי...

ער האָט זיך געוועהרט, ר׳ משה סופר. ער האָט ביידע הענט פאַרלייגט אויף די פּיאות. דער גוי האָט אַרויסגענומען די

שווערד און פאַרמאַסטען זיך אויף דעם אידס הענט, נאָר ר׳ משה האָט זיי נישט אַוועקגענומען. ער האָט בעסער געוואָלט בלייבען אָהן אַ האַנט איידער אָהן אַ פיאה. דער סטראַזשניק האָט איהם אַוועקגעשלעפּט אין „קאָזע״, דאָרט האָט מען איהם ביידע הענט געבונדען מיט אַ שטריק, די רעכטע פאה ביז דער הויט אָפּגעשניטען און איהם איינגעזעצט מיט עטליכע שיכּורים צוזאַמען.

אין שטאָט האָט זיך געקאָכט. אידען זענען געלאָפען צום עלטסטען און געבעטען:

— פריץ, לאָז איהם אַרויס, ער איז אַ הייליגער, אַ רב, אַ סופר.

האָט דער עלטסטער געשיקט רופען דעם רב און איהם גענומען שט־עגג אויפ׳ן פאַרהער.

— ווער איז דאָ דער „ראַווין״ אין שטאָט? — האָט ער געוואַלדעוועט — איהר, צי דער איד, וואָס כ׳האָב איינגעזעצט אין „קאָזע״, האַ?

ר׳ מאיר׳ל דער רב האָט נישט פאַרשטאַנען קיין איינציג וואָרט פון׳ם גוי׳ס רייד. ער האָט בלויז געוואוסט, אַז ער דאַרף ציטערען פון שרעק. דער קאַזיאָנע־ראַבינער האָט איהם איבער־געזעצט דעם עלטסטענס ווערטער.

— זאָגט איהם — האָט ר׳ מאיר׳ל געזאָגט דעם איבער־זעצער — גיט איהם צו פאַרשטעהן, אַז איך בין דער רב, דער מרא־דאתרא, און ר׳ משה איז אַ סופר, אַ צדיק, וואָס איז נאָך גרעסער ווי אַ רב.

דער ראַבינער האָט עס איבערגעזעצט, נאָר דער עלטסטער האָט עס נישט פאַרשטאַנען.

— שאַכער מאַכער! — האָט ער געשריגען — מיך וועט מען מיט זשידאָווסקע שווינדלען נישט אָפּנאַרען. איך קען די אידישע דריידלעך...

אידען האָבען נישט אָפּגעלאָזט. צוויי אידען האָבען זיך גענומען געהן מיט אַ רויטער פאַטשיילע איבער די שטובען,

צונויפגענומען ביז אַ גאָלד-שטיקעל און אַוועקגעשיקט שמשון רופא אַליין צום עלטסטען בעטען. ר' שמשון האָט גע'פועל'ט. ער האָט דעם גוי זעהר קונציג אַריינגערוקט די מטביע צוזאַמען מיט דער האַנט, ביים באַגריסען זיך, און מ'האָט ר' משה'ן אַרויסגעלאָזט. אָבער ר' מאיר'ל דער רב איז געווען דערשלאָגען, צעבראָכען.

— אוי וועה! — האָט ער געזיפצט — אַז אַזאַ טמא האַנט זאָל זיך גאָר צוריהרען צו אַזאַ צדיק.

טאָמער איז דאָס נאָך וועניג געווען, האָט מען שטאַרק גערעדט, אַז מען וועט, חלילה, איינפיהרען שקאָלעס פאַר אידישע קינדער. מען וועט צונעמען אידישע קינדער פון דער הייליגער תורה און מען וועט זיי לערנען רוסיש, אפיקורסת. אַזוי האָט איהם דערצעהלט דער קאַזיאָנע ראַבינער, וואָס האָט עס אַליין געלייענט אין די גאַזעטען. ס'זאָל זיין אַ גזירה פון קייזער אַליין.

ער האָט געוואוסט, ר' מאיר'ל דער רב, אַז אידען שווייגען נישט, אַז צדיקים, גרויסע גבירים און רבנים לייגען וועלטען איין, אַז פון וואַרשע פאָהרען גבירים, גרויסע לייט זאַמלען געלט, כדי אָפּצושרייען די גזירה. הונדערט טויזענט קערבלעך האָט מען שוין צונויפגענומען ביי אידען. דאָס געלט וועט מען אָוועקפיהרען צום מיניסטער אַליין קיין פּייטערבאַרג, צום סאַמע שני-למלך, אַבי ער זאָל אידען נישט ברענגען צו דער שמד. אויך, האָט ער געוואוסט, וועלען אידען, מיט דעם אויבערשטענס הילף, פאַסטען, זאָגען, בעטען גאָט. נישט איינמאָל זענען שוין אויף אידען אַרויס גזירות. מען האָט שוין געוואָלט אָנטון אידען דייטש. מען האָט זיי געוואָלט, חלילה, פאַר פויערען מאַכען, געבען זיי ערד צו אַרבעטען, ווי די גוים, פאַנאַנדערשפּרייטען זיי איבער די דערפער, כדי זיי זאָלען נישט קענען לערנען די הייליגע תורה און זיך אָפּלערנען שלעכטס פון די גוים. געווען נאָך אַ סך אַנדערע שלעכטע גזירות. נאָר אידען האָבען נישט געשוויגען, געפאַסט, תהילים געזאָגט, געלט געגעבען און דער אויבערשטער האָט זיך דערבאַרעמט אויף זיין

פאָלק. אידען זענען געהאָלפען געוואָרען. אידען זענען געבלי־בען אידען.

אָבער פון דער אַנדערער זייט, זאָגט מען, זענען אידען רשעים אַליין זיך משתדל צו ברענגען גזירות אויף אידען. אי־דען אַליין, אוי וועה, בעטען ביי די גרויסע לייט אין פּייטער־באַרג, מען זאָל מאַכען שקאָלעס. אידען האָבען אויסגעבעטען ביי די גוים, מען זאָל נעמען אידישע קינדער צו די זעלנער, וואו זיי מוזען עסען טריפות און אַרבעטען אין שבת. איצט, ווילען זיי, מען זאָל אידען נישט לאָזען געהן אין פּיאות, אין גאַרט־לען, אין יאַרמעלקעס. זיי ווילען ברענגען אידען צו שמד, חלילה, ווי אַמאָל די צדוקים, ימח־שמם. נאָך מעהר ווי מען איז אין גלות ביי די גוים, איז מען אין גלות ביי אידען.

— משיח׳ס צייטען — איז איהם געקומען אויפ׳ן זינען — ערגער קאָן שוין נישט זיין, משיח מוז שוין קומען, און צייכענס דערויף זענען אויך דאָ.

ערשט די טעג האָט ער געהאַט געפונען אין אַ ספר אַ פּאָר ווערטער, וואָס ווייזען, אַז היי־יאָהר וועט קומען משיח. ער האָט עס געוויזען עטליכע אידען לומדים און זיי האָבען עס געזעהן קלאָר, ווי אויף דער האַנט. אויך האָט ער גע־פונען אין אַ מדרש, אַז ווען יון וועט זיך שלאָגען מיט ישמעאל וועלען אידען אויסגעלייזט ווערען, און אין מקוה האָט ער גע־הערט, אַז רוסלאַנד מיט טערקיי האַלטען ביי מלחמה.

— מ׳זעהט עס באַשיינפּערליך — האָט ער געברומט צו זיך אַליין.

אַ ווײַלע איז איהם אַפילו געקומען אַן אפּיקורס׳ישער געדאַנק אין קאָפּ אַריין. וואָרים זינט ער איז געקומען צום שכל, ר׳ מאיר׳ל, האָט ער אַלץ אַזוי אין די ספרים געפונען צייכענס, אָנצוהערענישען, רמזים אויף יעדער יאָהר. אויך ביי יעדער נייער מלחמה אויף דער וועלט זענען געווען מדרשים, וואָס האָבען געוויזען קלאָר, ווי אויף דער האַנט, אַז משיח קומט. און פונדעסטוועגען איז מען, נעבעך, נאָך אַלץ אַזוי אין

גלות. אַזאַ צדיק, ווי ר׳ משה סופר, האָט מען אָפּגעשניטען אַ פּיאה.

אָבער דער געדאַנק האָט בלויז איין ווײַלע, איין קורצע ווײַלע, אין זיין קאָפּ אַ שניט געטון. ער האָט זיך גלייך דער־פּיהלט זינדיג, ר׳ מאיר׳ל דער רב. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז דעם שטנ׳ס אַרבעט, און ער האָט גענומען פאַרטרייּ־בען פון זיך דעם בייזען געדאַנק. אַ איד דאַרף גלויבען, האָט ער גענומען איינקריצען זיך אין קאָפּ, גלויבען — יעדען טאָג, יעדע שעה, יעדע מינוט, יעדע רגע אַפילו, צו דערהערען דעם שופר פון משיח. מען דאַרף זיך לערנען פון ייִדען, דעם יאַמ־פּעלער רב, האָט ר׳ מאיר׳ל געטראַכט. ער איז געווען אַזוי שטענדיג צוגעגרייט און געוואַרט אויף משיח׳ן, דער זיידע זיי־נער, אַז ער איז תמיד געשלאָפען אין די קליידער, בלויז אָהן דעם שלאָפראָק. וויפיל די באָבע האָט איהם נישט געבעטען, ער זאָל כאָטש די זאָקען אויסטון, האָט ער נישט געוואָלט — טאָמער קומט משיח — האָט ער געזאָגט — לאָמיך נישט ערשט דאַרפען געהן זוכען די זאָקען. —

ער האָט זיך געשטאַרקט, ר׳ מאיר׳ל, אָנגעגורט זיך מיט גלויבען, און דער פריהערדיגער צער האָט אָנגעהויבען אָפּצו־טרעטען פון איהם, די געפאַלענקייט איז אַוועק. ער האָט מעהר נישט געזעהן די שלעכטע גזירות, דעם גוי אין די שליפּעס, וועלכער האָט זיך אויף איהם געבייזערט, פאַר וועלכען ער איז געשטאַנען אַן אונטערטעניגער. ער האָט נישט געזעהן די צרות, וואָס שיטען זיך פון אַלע זייטען אויף די צדיקים און פרומע לייט. אין זיינע אַלטע פאַרהאָריגטע אויערען האָט גענומען שאַ־לען עפּעס, הערען זיך אַ קול פון אַ שופר, וואָס טראָגט זיך פון איין עק וועלט ביז דעם צווייטען.

ער האָט נישט געהאַט קיין קלאָר בילד, ר׳ מאיר׳ל, וועגען משיח׳ס קומען. פון די פיל ספרים, וואָס ער האָט געדענקט, האָט ער פאַרשידענערליי צייכענס געוואוסט. טייל האָבען גע־האַלטען, אַז קומען וועט משיח מיט שטורם, מיט רעש. דריי טעג פריער וועט דונערען און בליצען, אַ שרעק וועט אָנפאַלען

אויף אַלע באַשעפעניש, און דערנאָך וועט ערשט קומען אַ בת־קול פון הימעל, וואָס וועט אָנזאָגן די בשורה. אַנדערע, ווידער, האָבן געשריבן, אַז קומען וועט משיח גאָר שטיל, ווען אידען וועלן האַנדלען און וואַנדלען. אויף אַ ווייס אייזעלע, ווי אַן אָרימאַן, וועט ער קומען, אָהן שטורם, אָהן באַזונדערע צייכענס. אָבער געוואוסט האָט ר׳ מאיר׳ל, אַז ווי אַזוי ער זאָל נישט קומען, וועט זיין גוט, אָהן אַ שיעור גוט פאַר אידען, איבערהויפט פאַר אידען לומדים און צדיקים.

אודאי, האָט ער געוואוסט, שטעלען זיך די עם־הארצים, די פראָסטע מענשען, פאָר אַלץ זעהר פשוט, זעהר באַלעבאַטיש. מען וועט עסען אַ סך פלייש פון שור־הבור, פיש פון לויתן, און ויין וועט מען טרינקען, און די גויים וועלען זיין קנעכט און דינסטען. ר׳ מאיר׳ל האָט געשמייכעלט דעריבער אין זיין שיטער גרוי בערדעל אַריין, געשמייכעלט איבער די פראָסטע מענשען, איבער דער קליינקייט פון זייערע השגות. קען זיין, איז איהם איינגעפאַלען אַ געדאַנק, אַז פאַר זיי, די פראָסטע לייט, די באַלמעלאָכעס, וועלען טאַקע זיין די אַלע פאַרגעניגענס, די פשוט׳ע. ווייל וואָס פאַרשטעהען זיי, נעבען? אָבער פאַר אידען לומדים, האָט ר׳ מאיר׳ל געוואוסט, איז נישט דאָס דער תכלית. נישט צוליב עסען און טרינקען און לאָזען זיך וואוילגעהן וואַרט מען אַזוי לאַנג אויף משיח׳ן. זיין וועט גאָר עפעס אַנדערש.

ער האָט געזעהן קלאָר. עס איז איהם געשטאַנען פאַר די אויגען. ער האָט געזעהן אַ וועלט, וואָס לייכט מיט אַזאַ ליכט, וואָס מענשען קענען עס זיך גאָרנישט פאָרשטעלען, אַ ליכט, וואָס גאָט אַליין האָט באַהאַלטען פאַר יענער צייט. אַרום טישען זיצען צדיקים, גאונים און גרויסע לייט. יעדער זיצט לויט זיין גרויסער צדקות און לומדות. די הייליגע אבות אַליין זיצען. אויך משה און אהרן און אַלע מלכים, נביאים און תנאים. אויבען־אָן זיצט כביכול, דער אויבערשטער אַליין, און שמועסט מיט די צדיקים אין לערנען.

די תורה איז גרויס, ווייסט ר׳ מאיר׳ל, זי איז פול מיט

סודות. אין יעדען וואָרט, אין יעדען אות, אין יעדער פּינטעלע אַפילו ליגען באַהאַלטען גרויסע זאַכען און סודות. אודאי ווייסט ר׳ מאיר׳ל, אַז דערויף זענען געווען אויף דער וועלט אַ סך צדיקים און גאונים, וואָס האָבען מיט זייערע קלאָרע קעפּ און ליכטיגען שכל אַ סך באַהאַלטענע זאַכען פון דער תורה דערגאַנגען. שוין טויזענטער יאָהרען, ווי אידען זיצען און לערנען און ווילען דערגעהן גאָטס תורה. ווצה, ווצה, וויפיל ספרים עס זענען דאָ אויף דער וועלט. אפילו ער אַליין, ר׳ מאיר׳ל, טראַכט ער ווען זיך, וואָס איז געגען די גרויסע לייט ווי אַ וואָרים, אַ גראָבער יונג, האָט ער פונדעסטוועגען אויך געטון זיינס און עטליכע ספרים אָנגעשריבען, כדי מיט זיין אָרעמען שכל צו געבען צו פאַרשטעהן די ווערטער פון דער הייליגער תורה. דערפאַר, טראַכט ער, וועט ער אפשר אויך האָבען די זכיה צו זיצען ביים טיש, זיצען, אמת, דער לעצטער, ביים עק, אָבער פאָרט זיצען. וואָרים דער אויבערשטער האָט ליב אַלע, וואָס פאָרשען די הייליגע תורה זיינע. אַ פרייד איז פאַר יעדען, וואָס קען אויפטון עפּעס אין דער הייליגער תורה. אָבער ער ווייסט אויך, אַז וויפיל די גאונים און הייליגע לייט האָבען נישט געאַרבעט אין דער הייליגער תורה, קלאָר געמאַכט, איז נאָך אַלץ שטאַרק פאַרהוילען, מען ווייסט נאָך גאָרנישט. און ווי גרויס וועט זיין די שמחה, ווען דער אויבערשטער אַליין, וואָס פאַר איהם זענען קיין סודות נישטאָ, קיינע פאַרהוילענקייטען, וועט ענטפּלעקען פאַר זיינע צדיקים אַלע טיפקייטען, אַלע סודות, וואָס זענען געווען נישט צו דערגרונטעווען.

אַ פרייד האָט אַרומגענומען ר׳ מאיר׳לען, אַ גרויסע פרייד. איהם איז וואַרעם געוואָרען אין זיינע אַלטע ביינער.

— אַני מאמין, איך גלויב — האָט ער גענומען זאָגען הויך, מיט ברען — איך גלויב אינ׳ם קומען פון משיח. און כאָטש ער פאַרזאַמט זיך, וואַרט איך יעדען טאָג אויף זיין קומען, יעדער שעה, יעדער מינוט, יעדער רגע אפילו.

ער האָט פאַרגלייזט די אויגען. זיינע אויגען האָבען דורכ׳ן נידעריגען פאַרוויכערטען באַלקען דערזעהן אַ ליכטיגקייט. אין

זיינע אַלטע ווייכע אויערען האָט אַ שאַלונג גענומען ציטערען. אַ קול האָט זיך דערנעהנטערט, געקומען אַלץ נעהנטער און נעהנטער. ער האָט געהערט שרייען, פייפען, קולות פון אַ סך מענשען, פון אַ המון, און איהם איז פאַרקיהלט געוואָרען עפּעס אין האַרץ. ער האָט געוואַרט... דאָס קול איז געוואָרען שאַרפער, טריט האָבען זיך אָנגעהויבען אויסטיילען, אַ סך טריט. פּלוצלינג האָט זיך די טיר האַסטיג געעפענט און אַן עדה אידען איז אַריין.

— רבי! — האָבען פרעהליכע קולות געררופען — רבי!

ר' מאיר'ל האָט אַ שפּרונג געגעבען פון אָרט.

— ר'איז געקומען! — האָט איהם אַ לייכט געטון אין קאָפּ, אין גאַנצען קליינעם גופ'על זיינעם, וואָס האָט פון קינדווייזאָן, זינט ער איז צום שכל געקומען, כּסדר געוואַרט, מיט יעדער טאָג, שעה און רגע אויף דער אויסלייזונג.

נאָר אָט האָט אַ זעץ געטון אין שטוב. פיר פאַרבלוטיגטע קצבים האָבען אַ מענשען אַראָפּגעוואָרפען פון די אַקסלען, אַ ווייגענדיגען מענשען. אַביש קצב האָט געדונערט מיט זיין פעסטען באַס:

— רבי, כ'האָב זי געפּאַקט!... קנה שמש'ס טאָכטער האָב יעך געפּאַקט, אָט איז זי, די זונה...

און ר' מאיר'ל דער רב איז אַזאַ צעטשמעליעטער געבליבען שטעהן, אַז ער האָט זיך אָנגעכאַפּט מיטביידע הענט פאַר די ביידע אָנלעהנס פון זיין בית־דין שטוהל, כּדי נישט צו פאַלען פון די פיס.

— ווער ביסטו? — האָט ער אויסגערופען מיט אַ דערשראָקען קול צום קצב.

ער האָט נישט דערקענט אַביש'ן, אַביש קצב, וואָס כּמעט יעדען טאָג ברענגט ער איהם אַ בהמה'שע לונג־און־לעבער אַ שאלה צו פרעגען.

## *אַכצעהנט קאַפּיטעל*

צביה דעם שמש'ס טאָכטער איז געלעגען אויף דער ערד בײַ דער טיר פֿון בית־דין שטוב און נישט געוואָלט אויפֿהויבן זיך פֿון אָרט. אַזוי ווי די יונגען האָבן זי אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון די אַקסלען, אַזוי איז זי געלעגן.

— חצופה, שטעה אויף! — האָבן אידען צו איהר געשריגען — מען טאָר נישט ליגען אויף דער ערד אין אַ בית־דין שטוב.

זי האָט נישט געהערט און ווייטער געלעגען, וואָיענדיג אויפ'ן קול.

אַביש קצב האָט זי געפּרואווט מיט כּוח אַוועקשטעלען. נאָר ר' מאיר'ל דער רב האָט איהם נישט געלאָזט.

— נישט מיט תקיפות — האָט ער געזאָגט.

ער האָט פּרובירט מיט גוטען, דער רב.

— נו־אָ — האָט ער גערעדט צו דער מויד, אַוועקקוקענדיג אין אַ זייט, ער זאָל זי נישט זעהן — הויב זיך אויף. אַ מענש טאָר נישט ליגען אויף דער ערד, ס'איז מעשה־בהמה...

זי האָט איהם נישט געענטפערט און ווייטער געבליבען ליגען.

די רבי'צין איז צוגעגאַנגען.

— מויד — האָט זי איהר געזאָגט — האָסט גאָר קיין בושה

נישט אין דיר? מאַנסבילען זענען דאָך דאָ אין שטוב. הויב זיך אויף!

צביה האָט נישט געענטפערט.

די רבי'צין האָט אַראָפּגענומען פון זיך דאָס ברייטע פאַר־טוך און דערמיט פאַרדעקט דער מויד די האַלב־אָפּגעדעקטע פיס.

— אַ בהמה, נעבעך — האָט דער רב געזאָגט און נישט געלאָזט איהר טון קיין שלעכטס.

— עט! — האָט ער געזאָגט צו די מענשען, וואָס האָבען אויף דער מויד געשפּיגען און געשאָלטען — אַ איד טאָר נישט שעלטען. חלילה!

ער האָט געהייסען געהן נאָך דעם פאָטער איהרען. און דערווייל, ביז קנה וועט קומען, האָט ער גענומען אויספאָרשען די ליגענדע מויד.

— זאָג נאָר, קנה'ס טאָכטער — האָט ער גערעדט צו איהר — ביסטו זיך מודה צו דעם, וואָס מען זאָגט אויף דיר, אַז דו האָסט, לא־עלינו, געזינדיגט, זנות געטריבען?

די מויד האָט איהם אָנגעקוקט און קיין איין וואָרט נישט געענטפערט.

— שווייגסט! — האָט דער רב געזאָגט — לייקענסט נישט. ס'הייסט, דו ביזט זיך מודה. אויב אַזוי, זאָג־זשע פאַר'ן בית־דין, מיט וועמען האָסטו געזינדיגט?

די מויד איז געלעגען אומבאַוועגליך.

— האָב נישט מורא — האָט דער רב געזאָגט — ביסט ביי מיר אין שטוב, איך וועל דיר נישט לאָזען קיין שלעכטס טון. זאָג, האָסטו עס געטון ביי־זוויליג, פון אייגענעם גוטען ווי־לען, אָדער האָט מען דיך אפשר מאנס געווען, שלעכטס געטון דיר, געגען דיין ווילען?

די מויד האָט איהם אָנגעקוקט מיט גרויסע אויגען און געבליבען שטום.

— אויב מען האָט דיר שלעכטס געטון, באַפאַלען דיך — האָט דער רב גענומען לערנען מיט איהר מיט אַ ניגון פון דער תורה — דו האָסט גערופען און קיינער האָט דיין קול נישט

געהערט, ביסטו נישט שולדיג, ווייל דו ביסט געגען דיין ווילען געפיייניגט געוואָרען. אַזוי זאָגט די הייליגע תורה. אויב אַ מאַן וועט טרעפען אַ יונג־פרוי אין פעלד און וועט ליגען מיט איהר, זאָלסטו דער יונג־פרוי קיין זאַך נישט טון. וואָרים ווי אַ מענש שטעהט אויף געגען זיין חבר און הרג׳עט איהם אויף טויט, אַזוי איז די דאָזיגע זאַך. וואָרים אין פעלד האָט ער זי געטראָפען, זי האָט געשריגען און עס איז נישט געווען ווער עס זאָל איהר העלפען.

די מויד האָט אַלץ אויסגעהערט, ווי מען זאָל איהר דערצעהלען עפּעס זעהר אַ שעהנע מעשה פון אַ ביכעל און גאָרנישט געזאָגט.

— אויב אַפילו — האָט דער רב געזאָגט — מען איז דיך נישט באַפאַלען, נאָר מען האָט דיך אָנגערעדט און דו האָסט זיך געלאָזט איבעררעדען, דאַרפסטו זיך מודה זיין פאַר׳ן בית־דין, דעם נאָמען פון דעם, וואָס האָט דיך אָנגערעדט, אָנרופען, און מען וועט איהם רופען צום בית־דין און משפט׳ען לויט דער הייליגער תורה. איז ער אַ בחור, וועט ער מוזען חתונה האָבען מיט דיר, כדי דו זאָלסט נישט ברענגען, חלילה, קיין ממזרים אין קהל. אויב ער איז אַ באַווייבטער, וועט ער מוזען באַצאָהלען קנס דיר און דיין פאָטער פאַר דער בושה און צער און נעמען אויף זיך אַ תשובה פאַר די גרויסע זינד.

די מויד האָט קיין איין פינטעל מיט קיין אויג נישט געטון. דאָס ערשטע מאָל איז עס געווען, וואָס עמיצער האָט מיט איהר גערעדט אַזעלכע פרעמדע און מאָדנע רייד. איהר איז דאָס געפעלען געוואָרען.

ר׳ מאיר׳ל האָט פאַרצויגען זיין הויכען שטערען.

— אויב אַפילו — האָט ער ווייטער געצויגען — מען האָט דיך נישט איבערגערעדט, נאָר דו האָסט אַליין, מיט דיין גוטען ווילען, נישט פאַר קיין שום אידיש קינד געדאַכט, די זינד געטון, דאָס הייסט, דו האָסט באַגעהרט דאָס שלעכטס, דאַרפסטו אויך אָנרופען דעם נאָמען פון דעם זינדיגען, סיי דאָס איז אַ בחור, סיי אַ באַווייבטער, סיי אַ יונגערמאַן, סיי אַן אַלטער,

סיי אַ היגער, סיי פון אַ פרעמדער שטאָט, דען אויך אין דעם פאַל, וועט איהם בית-דין רופען צום דין און משפט'ען, נויטען מיט דיר חתונה צו האָבען, אָדער איהם קנס'ענען מיט געלט. זאָג, נאָר דעם ריינעם אמת, וואָרים דו שטעהסט פאַר'ן בית-דין, וואָס איז גלייך, ווי דו וואָלסט געשטאַנען פאַר'ן אויבערשטען.

די מויד האָט נישט געענטפערט.

— אפשר שעהמסטו זיך מודה זיין פאַר אַלעמען? האָט ר' מאיר'ל געזאָגט — קאָנסטו אַריינגעהן אין אַ באַזונדערער שטוב. אָדער איך וועל הייסען אַלעמען אַרויסגעהן, בלויז איך און נאָך אַ איד וועט בלייבען, ווי דער דין איז, און דיינע רייד אויס-הערען.

די מויד האָט זיך פון אָרט נישט גערירט.

ר' מאיר'לען האָט אַ שווייס באַדעקט. ער האָט זיך עט-ליכע מאָל אויסגעווישט מיט דער גרויסער קעשענע-פאַטשיילע דעם פייכטען שטערען און ער איז איבערגעגאַנגען פון דינים צו מענשליכקייט.

— דו — האָט ער געזאָגט, נישט וויסענדיג ווי אַזוי זי אָנצורופען — אַ שטאָט מיט קליינע קינדער זענען פריה אַוועק פון דער וועלט צוליב דיר און דעם, מיט וועמען דו האָסט זנות געטריבען. בית-דין דאַרף וויסען, כדי אויסצורוימען דאָס שלעכטס פון אידען, כדי אָפּצושטעלען דעם צאָרן. ס'געהט אין מענשליכע לעבענס.

די מויד האָט אויסגעהערט אַזוי שטום ווי די פריהערדיגע רייד זיינע.

— אפשר האָסטו מורא — האָט דער רב געפרעגט — דער-פאַר, ווייל דער, וואָס האָט געזינדיגט מיט דיר, איז אַ גביר, אָדער אַ תקיף, אָדער ער האָט דיר געלט געגעבען, אָדער ער איז אַ חשוב'ער מענש. זאָלסטו נישט מורא האָבען. דען פאַר'ן בית-דין איז גלייך דער אָרעמאַן ווי דער רייכער, דער חשוב'ער מענש, ווי דער, וואָס שינדט אָפּ נבלות. זיי זיך מודה, באַקאָן זיך צו דער זינד און רוף אָן דעם זינדיגען, און זאָל ווערען

אָפּגעטון דער צאָרן פון אומשולדיגע נפשות, קליינע קינדער, וואָס האָבען נאָך גאָרנישט געזינדיגט.

די מויד האָט זיך בלויז אויסגעשנייצט די נאָז.

די פאַרזאַמעלטע אידען האָבען פאַרלוירען דאָס געדולד.

— חצופה! — האָבען זיי געשריגען און געהויבען די הענט — דער רב רעדט דאָך צו דיר.

אַביש קצב האָט נישט געקאָנט איינשטעהן.

— רבי — האָט ער געבעטען — רבי'שי, לאָזט מיך, וועל יעך איהר שוין מאַכען רעדעוודיג. רבי, ביי מיר וועט זי רעדען.

נאָר ר' מאיר'ל האָט נישט געלאָזט אַביש'ען קיין האַנט אויפהויבען. ער איז בעסער אַליין איבערגעגאַנגען צו תקיפות, צו שאַרפע רייד.

— מיין נישט — האָט ער געוואָרענט — אַז קהל וועט שווייגען! מען וועט דיך רודף'ען, ווי אַ סוטה וועט מען דיך יאָגען. דאָס קינד, וואָס דו וועסט געבוירען, וועט זיין אַ ממזר. די הייליגע תורה זאָגט, אַז אַ ממזר טאָר נישט קומען אין קהל, מען טאָר זיך מיט קיין ממזר נישט משדך זיין. אויך וועט דיך קיינער נישט נעמען. וועסט זיין צו שפּאָט און צו שאַנד און וועסט ברענגען אַ קללה אויף דיין טאַטענס הויז. דער טאַטע דיינער קאָן אויך דאָס שמשות אָנווערען, וואָרים די זינד פון קינדער פאַלט אויף עלטערען. אָבער, אַז דו וועסט זיך מודה זיין, וועסט אָנרופען דעם זינדיגען, וועט מען איהם נויטען מיט דיר חתונה צו האָבען און דו וועסט אָפּטון די שאַנד פון דיר און פון דיינע דורות. בית-דין וויל דיין טובה. ענטפער!

די מויד האָט געקוקט מיט פאַרשטאַרטע אויגען.

אַביש קצב האָט שוין מעהר נישט געקאָנט אויסהאַלטען. אָהן דעם רבי'נס וויסען, האָט ער זיך אַראָפּגעבויגען צו דער מויד, אויפגעהויבען זי מיט כּוח און צוויי פּעטש אַראָפּגעלאָזט איהר.

— ענטפער, הור, אַז דער רב, זאָל לעבען רעדט צו דיר!...

זי איז פון אַביש'עס פּעטש אַנידערגעפאַלען אויף דער ערד און זיך צעוויינט. זי האָט געוואָרפען מיט די פיס, פאַר

אַלעמען אין די אויגען זיך אָפּגעדעקט. דער רב האָט זיך צע־
בייזערט אויף אַביש'ען, נאָר מען האָט זיין שוואַך קול נישט
געהערט. עס איז פאַרלוירען געגאַנגען צווישען די געוואַלדען
פון עולם. אַביש'עס פּעטש האָבען מעהר אויסגענומען ביים
עולם ווי דעם רב'ס רייד.

— דער'הרג'ענען דאַרף מען דאָס — האָבען קולות גע־
שריגען — די הויט לעבעדיגערהייט פון איהר שינדען...

מען וואָלט זי צעטראָגען, די מויד. אָפּגעראַטעוועט האָט
זי דער פּאָטער איהרער, ר' קנה. מיט'ן לאָמטערן אין איין
האַנט און מיט'ן גראָבען שטעקען אין דער צווייטער, איז ער
אַריינגעקומען, קנה, געקומען נישט אַן אונטערטעניגער, מיט אַן
אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ, נאָר אַ גלייכער, אַ תּקיף'ער ביי זיך. אָנ־
שטאָט אויסהערען מוסר, האָט ער גאָר גענומען שרייען אויפ'ן
עולם.

— וואָס איז דאָס פאַר אַן אָנלויפעניש? — האָט ער גענו־
מען מאַכען אָרדנונג, גאָרנישט ווי ער וואָלט געווען דער פאָ־
טער פון אַ זינדיגער מויד, וואָס מען האָט געכאַפּט, נאָר ווי
שטענדיג אַ שמש, וואָס דאַרף האַלטען אָרדנונג ביים רב —
אַרויס פון בית־דין־שטוב! אַרויס!

דאָס האָט אַזוי איבערראַשט, אַז מען האָט פאַרגעסען
דאָס לשון אין מויל. מען האָט די אייגענע אויערען נישט גע־
גלויבט. די צונגען זענען פאַרגליווערט געוואָרען אין מויל.

דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צו דער טאָכטער זיינער.
ער האָט זי אויפגעהויבען פון דער ערד, צוגעדעקט איהר מיט
דער שאַל דעם צעשויבערטען קאָפּ, און מיט פעסטע טריט, ווי
ער וואָלט געפיהרט זיין טאָכטער צו דער חופּה, אַוועקשאַרענ־
דיג אַלע פון וועג, איז ער צוגעגאַנגען צום רב און גענומען
רעדען געלאַסען.

— וואָס וויל מען פון דער יתומה? — האָט ער געזאָגט
צום רב — זי איז דאָך, נעבעך, אַ קאַליקע, אָהן שכל, אַ בהמה.
צו איהם נעמט זיך, צום קאַלב, דעם פּושע־ישראל. ער האָט
זי אומגליקלעך געמאַכט.

פון דעם רב׳ס גרויסען שטערן איז איין נעץ פון פאַלדען געוואָרען.

— וואָסער קאַלב? — האָט ער נישט פאַרשטאַנען — וואָס רעדסטו, קנה?

— דער קאַלב, ימח-שמו! — האָט קנה געפייערט — יאָשע קאַלב, דער אונטער-שמש מיינער. דאָס האָט ער מיר אָפּגע-צאָהלט פאַר מיין גוט הארץ, פאַר אַריינגעמען איהם צו מיר אין שטוב אַריין, פאַר געבען איהם אַ דאַך איבער׳ן קאָפּ, דעם שלעפּער!

— יאָשע? — האָט מען זיך געוואונדערט — דער תהילים-זאָגער? דער... דער... קאַלב?...

— ער איז שוין גאָרנישט קיין קאַלב — האָט אַביש קצב געשריגען — ער איז אַ גאַנצער ביק, ווי יעך בין אַ איד גע-בוירען... האָ, האָ!

ר׳ מאיר׳ל איז געוואָרען בלאַס און שוואַרץ צוזאַמען, פּונקט ווי די ווענט פון זיין בית-דין שטוב, וואָס קהל האָט שוין לאַנג נישט געקאַלכט. וועה, וועה, וואָס דער שטן האָט אָפּגעטון אין זיין ביאַלאָגורע! אונטער דער נאָז האָט ער איהם געטאַנצט, און ער, דער פּאַסטוך פון דער עדה, האָט אַפילו נישט געזעהן. געכאַפּט אַ שמש׳ס אַ טאָכטער, וואָס האָט גע-זינדיגט מיט אַן אונטער-שמש. און וואו? אויפ׳ן סאַמע בית-עולם. געוואַלד, ווי אידען זענען שוין פאַרזונקען! געוואַלד!

ער האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין האַרטער פּאָטער-שטוהל און שטרענג באַפוילען:

— קנה, געה שוין און ברענג איהם. די מינוט זאָל ער קומען צום בית-דין!

אָבער דאָס איז געוועזן איבעריג. נאָך פאַר׳ן רב׳ס באַ-פעהל, חאָט שוין אַביש קצב אַליין מיט זיינע קצבים גענומען זיך צו דער זאַך. ווי אַ פייל אויס׳ן בויגען האָט ער געיאָגט צום בית-המדרש. נאָך איהם זענען נאָכגעלאָפען זיינע יונגען.

— אַ קאַלב איז דאָס — האָט ער געשריגען איבער דער גאַס — אַ ביק, ווי יעך בין אַ איד געבוירען...

ער איז געזעסן אין בית־המדרש, יאָשע קאַלב.

אין דער גאַנצער שטאָט איז בלויז ער איינער געווען, וואָס האָט נאָך נישט געוואוסט פון קנה׳ס מויד, וואָס אַביש האָט געכאַפּט. ער האָט עפּעס געזעהן ווי מענשען לויפען, רעדען, לאַכען, בייזערען זיך, אָבער ער האָט נישט געפרעגט, נישט געמישט זיך. ווי שטענדיג, איז ער זיך געגאַנגען אַ זייטיגער, אַן אָפּגעזונדערטער, קיין זאַך נישט געוואוסט, אַ חוץ זיין אַרבעט אין בית־המדרש, די שמות, וואָס ער טראָגט אויפ׳ן בוידעם, דאָס תהילים־זאָגען, דאָס רופען אין שוהל יעדען פאַרטאָג און דאָס גוטע־אָרט, וואוהין ער געהט יעדע נאַכט שלאָפען און זאָגען חצות. ווייטער האָט ער נישט געוואוסט, נישט געפרעגט זיך, נישט גערעדט. ער האָט איבערהויפּט מיט קיין מענשען נישט גערעדט. ער האָט בלויז געענטפערט, ווען מען האָט איהם עפּעס געפרעגט, געענטפערט קורץ, מעהרסטענס איין וואָרט בלויז — יאָ אָדער ניין.

אויך איצט, ווען די גאַנצע שטאָט האָט גערודערט, איז ער זיך געזעסן אין בית־המדרש. נאָכדעם ווי ער האָט אָנגעטראָגען אַ סך וואַסער, גלייך געלייגט אַלע ספרים און ווי ער האָט נאָר געפונען אַן אַרויסגעריסען בלעטעל פון אַ ספר, עס גלייך אַרויפגעטראָגען אויפ׳ן בוידעם, האָט ער זיך גלייך געזעצט ביי דער שוועל און געזאָגט תהילים. אין בית־המדרש איז געווען שטיל, אַלע זענען אַרויס צוליב׳ן טומעל, און ער האָט געקענט זיצען רוהיג. קיינער האָט איהם נישט געשיקט קיין גאַנג, קיינער האָט איהם נישט געטשעפּעט, קיינער האָט נישט חוזק געמאַכט פון איהם. צום טויזענטסטען מאָהל האָט ער געזאָגט תהילים פון אויסענווייניג, אַ קאַפּיטעל נאָך אַ קאַפּיטעל. ער האָט געזאָגט וואָרט ביי וואָרט, מיט גרויס כונה. פּלוצלינג האָבען זיך די שווערע אייזען־באַשלאָגענע טירען האַסטיג געעפענט, און איידער ער האָט זיך באַוויזען אומצוקוקען, יאָשע, האָבען איהם שוין געהאַלטען הענט, פעסטע שטאַרקע הענט, ווי צוואַנגען.

— אָט איז ער דאָך, דאָס קאַלב! — האָבּען קולות גע־
רופען און געלאַכט — נעמט איהם!

ער האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר גרויסע שוואַרצע פאַר־
וואונדערטע אויגען. ער האָט נישט אויסגערעדט. אין מיטען
תּהילים פלעגט ער נישט אויסרעדען. ער האָט בּלויז געגלאָצט
מיט די אויגען זיינע, וואָס זענען געווען איצט דאָפּעלט גרע־
סער. ער האָט געמיינט, אַז דאָס איז ליצנות, אַז דאָס מאַכט
מען פון איהם חוזק, ווי עס טוען עס שטענדיג די בּחורים אין
בּית-המדרש. נישט איין מאָל האָבען זיי איהם געכאַפּט, די
בּחורים, אַוועקגעלייגט אויפ׳ן טיש און איהם געמאַכט אַ משכּנתא,
אָפּגעשמיסען. זיי פלעגען איהם פּייניגען. אָבער אַזוי פעסט
גענומען האָבען זיי איהם קיינמאָל נישט. ער האָט דערפיהלט
עפּעס פרעמדע הענט, דערזעהן פרעמדע פּנים׳ער, אומבּאַקאַנטע,
צעהיצטע, און ער האָט גענומען בּעטען מיט שטום-לשון.

— נו-אַ — האָט ער געזאָגט — נו...

זיי האָבען איהם נישט אָפּגעלאָזען. פאַרקעהרט, אַ יונג האָט
אַראָפּגענומען אַ זעלנערישען רימען פון די הויזען און געבּונדען
איהם די אַרונטערגעדרעהטע הענט. ער האָט דערפיהלט אַ שרעק
און אָנגעהויבּען זיך צו שיצען.

— נו — האָט ער געשריגן — מפסיק...

געמיינט האָט ער, אַז דאָס וועט פועל׳ען. אָבער דאָס
האָט בּלויז אַ ווילדען געלעכטער אַרויסגערופען.

— הערט נאָר די תּמ׳עוואַטע ריידעלעך! — האָבען די
יונגען געלאַכט — ער טאָר דאָך נישט אויסרעדען, דער צדיק...
מיט צביה׳ן האָסטו אויך נישט געטאָרט אויסרעדען?...

— דאָס איז נישט קיין קאַלב — האָט זיך אַביש געהאַל־
טען בּיי זייגס — אַ ביק, ווי יעך בּין אַ איד...

יאָשע האָט די אַלע רייד נישט פאַרשטאַנען, נישט גע־
וואוסט, וואָס אַזוינס זיי געהערען זיך אָן מיט איהם. אָבער
דערפיהלט האָט ער, אַז דאָ ווערט עפּעס געפעהרליך, אַז דאָס
איז מער קיין ליצנות נישט. צופיל האַס און שלעכטס האָט פון

די יונגענס אויגען אַרויסגעקוקט. ער האָט פאַרגעסען דעם תהלים און גענומען שרייען:

— אידען ראַטעוועט!

אָבער דאָ האָט איהם אַביש קצב דערלאַנגט אַזאַ פויסט אין פנים אַריין, אַז בלוט האָט איהם גענומען רינען פון דער נאָז און פון דעם מויל צוזאַמען. די קרייזלעך פון זיין שוואַרץ בערדעל זענען באַלד אין פאַרקלעבטע רויטע צעפלעך אַראָפּגע-האָנגען. איהם איז גלייך פינסטער געוואָרען אין די אויגען. ער האָט פאַרלוירען דאָס לשון. פונקט אַזוי פלעגט אַביש באַ-רוהיגען די בהמות אין שעכטהויז, וואָס האָבען זיך צופיל גע-בריקעוועט פאַר דער שחיטה און איין פויסט זיינע אונטער די צייהן האָט זיי באַרוהיגט.

— ביי די הענט און פיס — האָט אַביש באַפוילען — נעמט איהם, דעם ביק!

פונקט ווי פריהער די מויד, אַזוי האָבען זיי איצט גענו-מען יאָשען און איהם פאַרוואָרפען אויף די אַקסלען. מיט זיינע אַראָפּהענגענדיגע פיס און הענט, מיט'ן טריפענדיגען בלוט פון מויל און נאָז, האָט ער אינגאַנצען דערמאָנט אין אַ געשאָכ-טען קאַלב, וואָס קצבים טראָגען אַרויס פון דעם שעכטהויז צו דער יאַטקע. דאָס היטעל האָט זיך איהם אַראָפּגעגליטשט. זיינע געקרייזעלטע פעך-שוואַרצע האָר האָבען געלויכטען אונטער דער פאַרגעהענדיגער זון.

— געפּאַקט — האָט אַביש קצב געדופען מיט זיין פעס-טען באַס איבער דעם גאַנצען וועג — געפּאַקט צביה דעם שמש'ס ביק... מען טראָגט איהם צום רב...

אידען, ווייבער און קינדער זענען נאָכגעלאָפען. מאַנס-בילען האָבען געשפּיגען, אינגלעך האָבען געוואָרפען שטיינדלעך און ווייבער האָבען געביילט פויסטען.

— פאַרשטיינען איהם, דעם פושע-ישראל, פאַר אונזערע קינדער. אויסרייסען איהם!

פון הינטען איז נאָכגעלאָפען אַן אָרעם תלמוד-תורה-אינגעל אין אַ פאָר גרויסע טאַטעשע שטיוועל און נאָכגעטראָגען יאָשעס אויסגעבלאָטיגט סאַמעטען היטעל.

## נײַנצעהנט קאַפּיטעל

שעה'ען לאַנג האָט דער ביאַלאָגורער בית-דין גע'משפּט יאָשע קאַלב און גאָרנישט נישט געקאָנט פון איהם אַרויס-קריגען.

דאָס בית-דין איז געווען פון דרײַ. אויבען-אָן איז געזעסען דער רב. פון זײַן רעכטער זײַט איז געזעסען ר' שכנא דער דײַין, אַ איד אַ כּעסן, וואָס תּמיד איז בײַ איהם די רויטע נאָז זײַנע פאַרקאַטערט און ער הערט נישט אויף שנײַצען זי אין אַ גרויסער רויטער קעשענע-פאַטשײלע. פון רב'ס לינקער זײַט איז געזעסען ר' טעוועל בורר, אַ איד אַ וואַלד-הענדלער, וואָס קאָן פּסק'ענען שאלות, נאָר ער וויל נישט. אויף בײדע לאַנגע בענק זענען געזעסען אויסגעזעצט די קהל-לײַט און די נגידים. בײַ די ווענט, בײַם אויווען, האָבען זיך געשטופּט די באַלמעלאָכעס און די אָרעמעלײַט. פאַר דער טיר און פענסטער האָבען געקלעפּט ווײַבער, וואַסער-טרעגער און קינדער.

אָנגעהויבען האָט דער רב, ווי אַלעמאָל, מיט גוטען.

ווי נאָר מען האָט איהם אַרײַנגעבראַכט, יאָשע קאַלב, צום רב אין שטוב, איז דער רב געוואָרען בלאַס.

— פּע, בלוט גאָר? — האָט ער געשריגען — נישט מעשה-איד, כ'קאָן נישט קוקען, פּע.

ער האָט אָנגענומען דעם צובלוטיגטען יאָשע פאַר'ן אַר-בעל, אַרויסגעפיהרט איהם צום פעדערהויז, וואו ס'שטעהט דאָס פאַס וואַסער, און אַלײן איהם אויפגעגאָסען וואַסער פון דעם קופּערנעם שעפּער אויף די הענט.

— ווען איז מיר נישט — האָט ער געקרעכצט און אַוועק־געדרעהט דעם קאָפּ אין אַ זייט.

דער ריח פון מענשען־בלוט האָט איהם צו חלשות גע־שלאָגען. ער האָט עס נישט געקאָנט זעהן.

אַז יאָשע האָט זיך אויסגעווישט מיט דער פּאָלע פון דער קאַפּאָטע דאָס פּנים, האָט איהם ר׳ מאיר׳ל אַפילו געהייסען זיך זעצען אויף דער באַנק. יאָשע איז געבליבען שטעהן.

— יאָשע — האָט ער געזאָגט — אין שטאָט איז אויפגע־דעקט געוואָרען אַ זינד. קנה שמש׳ס טאָכטער, אַ בתולה, האָט, לא־עלינו, מזנה געווען. זי איז מעוברת מיט אַ ממזר. איהר פאָטער, ר׳ קנה, זאָגט פאַר׳ן בית־דין, אַז דו, יאָשע, ביסט דער שולדיגער, אַז דו האָסט זי אָנגערעדט צו שלעכטס, אַז דו האָסט געזינדיגט. פרעג איך דיך, צי זענען אמת זיינע רייד?

יאָשע האָט געשוויגען.

— יאָשע — האָט ר׳ מאיר׳ל געזאָגט — שטעהסט פאַר׳ן בית־דין. דאַרפסט ענטפערען, ווען מען פרעגט דיך. איך פרעג דיך, צי זענען אמת די רייד פון ר׳ קנה׳ן, אָדער ביסטו ריין פון דער זינד?

— איך ווייס נישט — האָט יאָשע געענטפערט.

— וואָס הייסט, דו ווייסט נישט? — האָט דער רב אי־בערגעפרעגט אַ פאַרוואונדערטער — דו דאַרפסט דאָך וויסען דעם אמת!

— איך ווייס נישט דעם אמת — האָט יאָשע שטיל גע־זאָגט.

ר׳ מאיר׳ל דער רב האָט פאַררוקט זיין אויסגעקראָכען ספּאָדיקעל ביז אַ האַלבען קאָפּ.

— יאָשע — האָט ער געזאָגט — אַ שווערען חטא וואַרפט אויף דיר ר׳ קנה שמש. אויב דו פיהלסט זיך ריין פון זינד, דאַרפסטו אויסווייזען, אָפּטון פון זיך דעם שלעכטען שם. אַז דו וועסט שווייגען, וועסטו דיר קאַליע מאַכען. די הייליגע תורה זאָגט, אַז שווייגען הייסט זיך מודה זיין. ווייסטו דערפון?

— יאָ.

— אויב אַזוי, וואָס זאָגסטו אויף די רייד פון ר׳ קנה שמש?

גאָרנישט.

ר׳ מאיר׳ל דעם רב איז גלייך געוואָרען הייס. ער האָט דעם יאָשען ווייניג געקאָנט, בלויז געזעהן איהם אַמאָל אין בית-המדרש, ווי ער זיצט אויף דער שוועל און זאָגט תהלים. ער האָט איהם דעריבער איצט לאַנג באַטראַכט. יאָשע האָט אויף איהם צוריקגעקוקט, נישט אַראָפּגעלאָזט פון איהם די קויל-שוואַרצע אויגען זיינע, און דער רב האָט זיך דערפיהלט עפּעס נישט היימלעך פון דעם יאָשע׳ס קאַלב׳ס פּנים. עפּעס איז ער איהם נישט געפעלען. ער האָט זיך אַפילו דערשראָקען פאַר איהם און פאַר זיינע ענטפערס.

— ווער ביסטו? — האָט ער איהם פּלוצלינג אַ פרעג געטון.

— איך ווייס נישט — האָט יאָשע געענטפערט.

אַלע פאַרזאַמעלטע האָבען אַרויסגעלאַכט. ר׳ מאיר׳לען איז נאָך הייסער געוואָרען.

— נישט צו פאַרשטעהן — האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין און פאַרשוויגען געוואָרען.

— זעהענדיג, אַז ביי דעם רב געהט עס נישט, האָט ר׳ טעוועל וואַלדהענדלער גענומען פיהרען די זאַך, פיהרען באַלעבאַטיש, מעשה-סוחר.

— דרך-ארץ, אידען, שאַ! — האָט ער געקלאַפּט אין טיש און גענומען יאָשען אויפ׳ן פאַהער.

— זאָג נאָר, יאָשע, פון וואַנען קומסטו?

— פון דער וועלט — האָט יאָשע געענטפערט.

— צו וואָס ביסטו געקומען צו אונז אין שטאָט?

— איך ווייס נישט.

— וואָס ווילסטו דאָ ביי אונז?

— גאָרנישט.

— ווער ביסטו? ביסטו אַ יתום, אָדער האָסטו עלטערען?

ביסטו אַ בחור אָדער אַן אַלמן, לא־עלינו? אַ גרוש, אָדער אפשר האָסטו גאָר ערגעץ אַ ווייב?

— כ׳בין אַ שטיין — האָט יאָשע געזאָגט.

דער עולם האָט זיך נאָך שטאַרקער פאַנאַנדערגעלאַכט. ר׳ טעוועל האָט אַפּילו נישט געפּרוּאווט אָפּהאַלטען.

— אַ קאַלב — האָט ער געזאָגט אויפ׳ן קול — נישטאָ מיט וועמען צו טענה׳ען.

ר׳ שכנא דער דיין האָט אויסגעשנייצט די נאָז זייַ־נע הויך, אויפ׳ן קול, אויסגערייניגט זי מיט אַ פּייף, מיט אַ געבייזער, וואָס זאָגט קיין גוטס נישט אָן, און גלייך דערויף גענומען זיך צום פאַרהער שטרענג, מיט רוגזה.

— זאָג נאָר, דו יאָשע! — האָט ער אַ געשריי געטון — צי קאָנסטו לייקענען פאַר׳ן בית־דין, אַז דו האָסט גענעכטיגט ביי קנה שמש אין שטוב?

— ניין — האָט יאָשע שטיל געזאָגט.

— קענסטו לייקענען פאַר׳ן בית־דין, אַז דו האָסט געקענט זיין טאָכטער, וואָס מען רופט זי צביה?

— ניין.

ביי ר׳ שכנא דיין איז די נאָז זיינע נאָך רויטער גע־וואָרען פון צופרידענקייט, וואָס ער פיהרט די זאַך אַרויף אויף אַ וועג. ער האָט זי אויסגערייניגט, די נאָז, און נאָך בייזער, נאָך שטרענגער גענומען פיהרען דעם משפט.

— יאָשע — האָט ער געזאָגט — לערנען קענסטו נישט, אָבער עברי־טייטש לייענען קאָנסטו דאָך. ווייסטו פון די ספרים, אַז אַ איד טאָר נישט אַליין בלייבען מיט אַ נקבה, אַפּילו מיט אַ בתולה?

— יאָ.

— אויב דו ווייסט, פאַרוואָס ביסטו געבליבען? פאַרוואָס האָסטו זיך נישט געהיטן?

— כ׳ווייס נישט.

— אויב אַזוי, קאָן דיך קנה שמש חושד זיין איז זינד!

— יאָ.

ר׳ שכנא דיין האָט זיך אָנגעכאַפּט מיטביידע הענט פאַר זיין דאַרער באָרד.

— ביסטו דיך, הייסט עס, מודה, אַז די צביה איז פאַר־גאַנגען אין טראָגען פון דיר?

— ניין.

— האָסט דאָך נאָר וואָס געזאָגט, אַז מען קאָן דיך חושד זיין?

— יאָ.

— אויב דו זאָגסט אַליין, אַז מען קען דיך חושד זיין, דאַרף מען טייטשען, אַז דו ביזט זיך מודה.

— כ׳ווייס נישט.

ר׳ שכנא דיין איז אַריין אין אַזאַ צאָרן, אַז ער האָט שיער נישט די רויטע נאָז זיינע מיט דער פּאַטשיילע אָפּ־געריסען.

— עוכר־ישראל! — האָט ער געשריגען — זאָלסט ענט־פערען גלייך, וואָרים כ׳וועל דיך אויסרייסען!

ער האָט זיך אויפגעהויבען פון אָרט און ביידע האָריגע הענט פון די ברייטע אַרבעל אַרויסגערוקט. ער האָט געוואָלט פּאַטשען. דער רב האָט איהם באַצייטענס אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט.

— נישט מיט כעס, דיין, חלילה!

און ר׳ שכנא האָט זיך צוריקגעזעצט אויף זיין אָרט און גענומען אויספרעגען אויף אַן אַנדער שטייגער.

— זאָג נאָר, דו יאָשע — האָט ער באַמיהט זיך רעדען רוהיג — ווי אַלט ביסטו?

— איך ווייס נישט.

— געדענקסט נישט, מיינסטו, נו מילא, אָבער קיין אינ־געלע ביסטו נישט. ביסט שוין אַ איד מיט אַ באָרד. פאַרוואָס האָסטו נישט קיין ווייב?

— כ׳ווייס נישט.

— אפשר ביסטו אַ בעל־מום, נישט פאַר קיין איד גע־ראַכט, אַ קאַליקע?

— ניין.

— ביסטו, הייסט עס, אַ מענש מיט אַלע טבע׳ס? מיט מענשליכע געברויכען?

— יאָ.

— פאַרוואָס האָסטו דיר קיין ווייב נישט גענומען, ווי אַלע אידען? פאַרוואָס האָסטו נישט געזאָגט קהל, אַז מען זאָל פאַר דיר אויסזוכען אַן אָרעמע יתומה?

— כ׳ווייס נישט.

— וואָס איז, ביסט שטאַרקער פון יצר-הרע?

— ניין.

— ביסט זיך, הייסט עס, מודה, אַז די צביה איז מעוברת פון דיר?

— ניין.

ר׳ שכנא האָט זיך אָנגעכאַפּט ביי ביידע צעפּלאָסענע פּיאות.

— יעך וועל דעם יונג אויסרייסען — האָט ער געמאַכט קולות — שייגעץ!

ר׳ מאיר׳ל האָט איהם אָפּגעהאַלטען, נאָר ר׳ שכנא האָט נישט געהערט.

— יאָשע! — האָט ער געשריגען — ס׳בית-דין ווייסט, אַז קנה׳ס טאָכטער האָט נישט געהאַט מיט קיינעם קיין עסקים, קיין מחזקות. זיי זיך מודה, אַז נישט וועט מען דיך רודפ׳ען.

יאָשע האָט געשוויגען.

— יאָשע! — האָט איהם דער דיין געוואָרענט — אַז וועסט זיך מודה זיין, וועט דיר דאָס בית-דין בלויז אַרויסגעבען אַ תשובה און מען וועט דיך, בלי-נדר, חתונה מאַכען מיט קנה׳ס טאָכטער. קהל וועט דיר אַפילו צונויפנעמען אַ ביסעל געלט, כדי זאָלסט קענען האַנדלען און געבען אַ ווייב ברויט. וועסט תשובה טון, וועט מען דיר מוחל זיין, און וועסט נאָך, איבער הונדערט און צוואַנציג יאָהר, איבערנעמען דאָס שמשות אין שטאָט, אפשר וועסטו ווערען קברן. אויב דו וועסט בלייבען איינגעשפּאַרט, וועט מען דיך בינדען און אין שוהל-הויף פאַר אַלעמען אין די אויגען שלאָגען דיך מלקות.

יאָשע האָט געשוויגען.

ר׳ שכנא האָט געסטראַשעט מיט זיין האָריגען פינגער, מיט׳ן לאַנגען דינעם פינגער זיינעם, מיט וועלכען ער פּרואווט אויס ביי די שטאָטישע שוחטים די חלפים און דערפאַר האָט ער אַ ריזיגען נאָגעל.

— מיין נישט, ארצי-מחוצף, אַז מען וועט זיך שפּילען מיט דיר! מען וועט דיך איבערגעבען צו די גוים, זיי וועלען דיך בינדען אין קייטען און דיך אַוועקשיקען קיין סיביר. אַ פּושע-ישראל איז אַ מצוה איבערצוגעבען צו די גוים.

יאָשע האָט געשוויגען.

ר׳ שכנא דיין האָט געפּרואווט דאָס לעצטע:

— יאָשע, מען וועט דיך אַוועקשיקען פאַר אַ זעלנער!

אָבער אויך דערויף האָט יאָשע נישט געענטפערט.

האָט זיך ר׳ שכנא דיין אַוועקגעזעצט אַ פאַרמאַטערטער אויף זיין שטוהל.

— אידען — האָט ער געזאָגט — ר׳האָט מיך פאַרמאַטערט — לאָזט מיך קומען צו זיך אַביסעלע.

אַביש קצב האָט אַזש שווער גענומען סאָפּען. ווי אַ הונט, וואָס מען האַלט איהם איין אין זיין רציחה, אַזוי האָט ער געכאָרכעלט מיט׳ן האַלז.

— רבי׳שי! — האָט ער געבעטען — גיט איהם מיר אין די הענט אַריין און יעך וועל שוין פון איהם אַרויסקלאַפּען ווערטער.

דער עולם האָט מיטגעהאַלטען מיט אַביש׳ן. מען האָט געוואָלט בלוט, בלוט פון שולדיגען, וואָס האָט אויף דער שטאָט געבראַכט אַן אומגליק.

— אויסרייסען איהם! — האָבען מאַנסבילשע קולות גע-וואַלדעוועט.

— פאַר אונזערע עופה׳לעך! — האָבען קוויטשיגע ווייבער צוגעהאָלפען פון יענער זייט טיר.

אָבער דער רב האָט נישט געלאָזט.

— קנה — האָט ער געזאָגט צום שמש — פיהר צו די

טאָכטער דיינע צום טיש, אפשר וועט זי זאָגען דעם בעל-דבר אין די אויגען אַריין.

ער האָט אַליין נישט שטאַרק געגלויבט, ר׳ מאיר׳ל, אַז ער וועט פון דער האַלב-שטומער מויד עפּעס אַרויסקריגען. גע-נוג האָט ער זיך אָנגעמאַטערט מיט איהר פריהער, ווען מען האָט זי געבראַכט צו איהם. אויך דער עולם אין שטוב האָט נישט ערוואַרט עפּעס צו הערען.

— ס׳איז דאָ מיט וועמען צו רעדען! — האָט מען שטיל צו זיך גערעדט.

אָבער געשעהן איז גאָר עפּעס אַנדערש. דער עולם האָט קנה׳ס טאָכטער נישט דערקענט. פונקט ווי זי האָט פריהער אויף קיין שום זאַך נישט געוואָלט ענטפערען און געקוקט בלויז מיט שטאַרע אויגען, אַזוי האָט זי איצט אַלץ געטון, וואָס נאָר איהר פאָטער קנה האָט איהר געזאָגט. איין קוק זיינער בלויז איז פאַר איהר געווען גענוג.

— קום, צביה — האָט ער געזאָגט צו איהר רוהיג, נאָר פעסט — דער רב רופט דיך.

צביה האָט אָנגענומען דעם פאָטער איהרען ביי אַן עק אַרבעל און צוגעגאַנגען צום טיש.

— דעק דיר צו דעם קאָפּ — האָט זי דער פאָטער גע-לערענט — מען טאָר נישט אַזוי שטעהן פאַר אַ רב.

זי האָט אַרויפגערוקט די שאַל איבער׳ן קאָפּ.

— דער רב וויל דיך פרעגען, צביה — האָט זי דער שמש געלערענט — פאַר אַ רב דאַרף מען נישט מורא האָבען. דער רב, זאָל לעבען, וויל דיר נישט קיין שלעכטס טון. זאָלסט איהם ענטפערען, הערסט, צביה?

— גוט... ענטפערען... — האָט זי נאָכגעזאָגט און גע-שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

צומערשט האָט דער רב גענומען אויספרעגען זי, ווי מ׳פרעגט אויס אַ קינד.

— זאָג נאָר — האָט ער גערעדט צו איהר, ווייזענדיג מיט אַ פינגער אויף יאָשען — דעם איד קענסטו?

— הי, הי — האָט זי געלאַכט — יאָ...

— ווי הייסט ער?

— יאָשע קאַלב — האָט די מויד אַ פּרעהליכע געזאָגט, גלייך ווי עס וואָלט מיט איהר גאָרנישט פאָרגעקומען פריהער.

— מען טאָר נישט אַזוי רופען אַ איד — האָט דער רב איהר פאַרריכט — יאָשע הייסט ער.

— הי, הי, יאָשע — האָט זי נאָכגעזאָגט.

דעם רב'ס פּנים האָט אויפגעלויכטען.

— זי רעדט דאָך גאָר עפּעס ווי אַ מענש — האָט ער אַ זאָג געטון צו ביידע דיינים.

ער איז אַריבער צו שווערערע זאַכען.

— זאָג נאָר — האָט ער זיך געקווענקעלט, נישט וויסענדיג ווי אַזוי זי צו רופען. ביים נאָמען האָט ער קיין נקבה נישט אָנגערופען. — פלעגט ער מיט דיר בלייבען אַמאָל אַליין, דער בחור יאָשע?

די מויד האָט גענומען כיקען, נאָר דער פּאָטער האָט אויף איהר אַ בייזען בליק געטון.

— צביה, לאַך נישט! — האָט ער איהר באַפוילען — צביה, דער רב פרעגט דיך, צי יאָשע איז אַמאָל געבליבען מיט דיר אַליין. ער איז דאָך געבליבען, ווען איך פלעג אַוועקגעהן אין מיטען דער נאַכט צו אַ מת.

— יאָ, געבליבען — האָט די מויד נאָכגעזאָגט.

— האָט ער מיט דיר ליצנות געטריבען? — האָט ר' מאיר'ל געוואָלט וויסען.

די מויד האָט נישט פאַרשטאַנען. זי האָט זיך מיט אַן עק שאַל פאַרשטופּט דאָס מויל, זי זאָל נישט לאַכען. דער רב האָט געזוכט אַן אַנדער וואָרט, ווי אַזוי אַרויסצוברענגען זיין געדאַנק.

— איך מיין — האָט ער געזאָגט — צי האָט ער קלות־ראש געטון? האָט ער דיך גענומען ביי דער האַנט? האָט ער מיט דיר גוטע רייד גערעדט? צוגעזאָגט דיר חתונה האָבען?

די מויד האָט גענומען הירזשען. פונקט ווי דעמאָלט, אין

אָנהויב ווינטער, אויפ'ן אויווען, האָט זי גענומען שפּאַרען צו איהם. מיט די צעיוירענע ברוסטען, וואָס זענען איצט דאָפּעלט גרעסער געוואָרען, האָט זי איהם צוגעשפּאַרט און געכיקעט.

— הי, הי, הי — דו... יאָשע... חתן... צביה'ס... הי, הי, הי...

איבער דער שטוב איז דורך אַ ברומעניש, ווי אין אַ ביהנשטאָק, ווען מען געהט אַרויסנעמען האָניג.

— וועה, וועה — האָט מען געקרעכצט — הערטס, הערטס...

ביי אַלעמען איז געווען קלאָר, אפילו ביי דעם רב ר' מאיר'ל.

ער האָט נאָך געוואָלט הערען דעם עיקר, אַלץ, כאָטש עס איז שוין געווען ביי איהם זיכער.

— קנה'ס טאָכטער — האָט ער זי גענומען פּלוצלינג רופען אויפ'ן פּאָטערס נאָמען, ווי אַ בכבוד'ע אידענע — איז צווישען אייך פּאָרגעקומען דער שטייגער פון מאַן און ווייב? זאָג פאַר'ן בית-דין.

די מויד האָט נישט פאַרשטאַנען.

ר' מאיר'ל האָט גענומען אַ פאַרשטענדליכער וואָרט.

— האָט ער זיך מיט דיר באַהאָפטען? — האָט ער געפרעגט.

די מויד האָט נישט פאַרשטאַנען.

ר' מאיר'ל האָט זיך אין גרויס פאַרלעגענהייט עטליכע מאָל אויסגעטון און צוריק אָנגעטון דאָס אויסגעקראָכענע ספּאָדיקעל זיינס. ער האָט געזוכט אַ וואָרט, וואָס די מויד זאָל פאַרשטעהן. ער איז רויט געוואָרען. ער האָט אַ פּייערעל אין די אַלטע ביינער דערפיהלט, און פון גרויס צומישונג איז ער מיט די סאַמע פּשוט'סטע ווערטער, ווי אין דער תורה, אַרויס.

— איז ער געלעגען מיט דיר? — האָט ער אַ פרעג געטון.

פון דער מויד'ס מויל איז די פאַרשטופּטע שאָל צוזאַמען מיט אַ ווילד געלעכטער אַרויס.

— הי, הי, הי — האָט זי געהירזשעט אויפ׳ן גאַנצען קול.

נאָר קנה שמש האָט אַ קלאַפּ געטון אין טיש.

— צביה! — האָט ער געררופען מיט אַ קול, וואָס זאָגט קיין גוטס נישט אָן.

און די מויד איז געבליבען שטיל, ווי מען וואָלט איהר נעלעכטער מיט אַ האַק איבערגעהאַקט.

— הי, געשלאָפען — האָט זי גערעדט — יאָשע קאַלב יעך געשלאָפען... הי, הי, אויפ׳ן פּיעקעליק...

אַ געדיכט ברומעריי האָט פּאַרטויבט די שטוב. וויפיל ר׳ שכנא דיין האָט נישט געקלאַפּט אין טיש, האָט עס נישט געהאָלפען. אַביש קצב האָט זיך ווידער געלאָזט הערען מיט ויין רוף:

— אַ קאַלב איז דאָס? אַ ביק, ווי יעך בין אַ איד געבוירען...

ווידער האָט דער עולם געוואָלט שלאָגען און ווידער האָט ר׳ מאיר׳ל דער רב נישט געלאָזט.

— אידען — האָט ער גערופען — געהט אייך געזונטערהייט אַהיים! ס׳בית-דין וועט, מיט׳ן אויבערשטענס הילף, שוין אַלץ טון און געבען דער שטאָט צו וויסען.

אידען האָט זיך נישט געגלוסט אַוועקצוגעהן. איבערהויפּט האָט זיך איינגעשפּאַרט אַביש.

— רבי! — האָט ער געצאַפּעלט — יעך וועל זיך פאַררוקען אין אַ ווינקעלע, הינטער׳ן אויוועך זיצען, מען וועט מיך אפילו נישט זעהן...

נאָר דער רב האָט איהם נישט געלאָזט בלייבען. אפילו קנה שמש האָט ער געהייסען אַהיימגעהן, צוזאַמען מיט דער טאָכטער זיינער. און אַלע זענען אַרויס אומצופרידענע פון רב׳ס שטוב.

ווי נאָר דער עולם איז אַוועק, איז ר׳ מאיר׳ל אַרויף אויפ׳ן לייטער צו די ספרים מיט אַזאַ גיכקייט, נישט ווי ער וואָלט געווען אַ זקן, נאָר אַ יונג אינגעל. איינס און צוויי האָט ער אַרויסגעצויגען אַ פּאַק ריזיקע פאַרשטויבטע ספרים, לעדער-

נעבונדענע און צעריס׳נע, און צוזאַמען מיט ביידע דיינים אַ גאַנצע נאַכט גע׳פשט׳עלט זיך און געהאָרעוועט.

נישט לײַכט איז אָנגעקומען ר׳ מאיר׳לען מיט זיינע העל־פער ביי די גרויסע ספרים.

אַז יאָשע קאַלב איז דער שולדיגער איז אפילו געווען קלאָר פאַר ר׳ מאיר׳לען, און פאַר ביידע דיינים אודאי. אָבער קיין עדות, וואָס זאָלען האָבען געזען, איז פאָרט נישט געווען, און לויט׳ן דין, דאַרף מען האָבען עדות, וואָס זאָלען זיין דער־ביי. פון דער אַנדערער זייט אָבער האָט די יתומה געזאָגט אַלץ קלאָר פאַר׳ן בית־דין. אמת, מען קען זיך אויף דער מויד נישט אינגאַנצען פאַרלאָזען, וואָרום זי איז דאָך אַ נוגע און אַ נוגע טאָר מען נישט גלויבען. אָבער די מויד איז אַ תּם. מען דאַרף אָננעמען, אַז זי זאָגט דעם ריינעם אמת. וואָלט ער כאָטש אָפּ־געלייקענט! אָבער ער אַליין לייקענט גאָרנישט. ער רעדט האַל־בע ווערטער, ענטפערט נישט מעשה־מענש.

וואָלט מען געהאַט צו טון מיט אַ שאלה וועגען אַ ווייב פון אַ מאַן, אַן אשת־איש, וואָלט געווען דער מינדעסטער קלעהר וועגען אַזעלכער, וואָס זי קאָן האָבען ערגעץ אַ מאַן, וואָלט געווען אַ שווערע שאלה. אָבער דאָ האָט מען צו טון מיט אַ מויד. אמת, אַז וועגען יאָשען איז מען נישט אינגאַנצען זיכער. מען ווייסט נישט ווער ער איז און וואָס ער איז. אָבער מען האַלט איהם אין שטאָט פאַר אַ בחור. דאַרף מען אָננעמען, אַז ער איז אַ בחור. און אפילו ווען מען זאָל זאָגען, אַז יאָשע איז נישט קיין בחור, איז אויך נישט קיין גרויס אומגליק, וואָ־רום לויט דער תּורה מעג אַ איד נעמען עטלעכע ווייבער. נישט נעמען צוויי ווייבער איז בלויז אַ מנהג, אַ חרם פון רבינו גרשום. אין ארץ־ישראל נעמען אפילו אידען צדיקים צו צוויי ווייבער. דערצו געהט עס נאָך אין אַ אידישער טאָכטער, אַ יתומה, וואָס מען דאַרף זי ראַטעווען פון שאַנד.

דאָס אַלץ האָט ער זעהר קלאָר און לאַנג אויסגעטייטשט ביידע דיינים. דערצו האָט ער זיך דערמאָהנט, ר׳ מאיר׳ל, אַז אין אַ צייט פון אַן אונטערגאַנג איז אַ סגולה חתונה צו מאַכען

אויפ׳ן גוטען־אָרט אַן אָרעמע חתן־כּלה, טאַקע די סאַמע אָרעמסטע, פאַרשטויסענסטע. מען זוכט אויס דערצו וואו, נעבעך, אַ נאַר, אַ צודרעהטען, אַ קאַליקע, וואו נאָר אַ פאַרזעסענע מויד, אַ זינדיגע אפילו, וואָס האָט שוין נישט קיין אויסזיכט צו געהן צו דער חופּה. אין דעם זכות, ווייסט ר׳ מאיר׳ל, ווערט דער צאָרן אין הימעל אָפּגעטון. אין וויפיל שטעט איז שוין אַזוי געווען! ר׳ מאיר׳ל, דער בעל־בטחון, האָט גלייך דערזעהן אין דעם אַ צייכען פון אויבען, אַ הימעל־זאַך, אַן השגחה־פּרטיות, און ער האָט פאַרמאַכט, אַן אויסגעלייטערטער, די גרויסע שווערע ספרים און געזאָגט צו די דיינים:

— מילא, וואָס קאָן דאָ זיין, מען וועט זיי החתונה מאַכען ביידע, און טאַקע באַלד, און טאַקע אויפ׳ן בית־עולם. אין דעם זכות וועט זיך איינשטילען דער צאָרן. מען זעהט דאָך, אַז ס׳איז אַ הימעל־זאַך.

ר׳ שכנא דיין האָט געשנייצט די פּאַרקאָטערטע נאָז אין דער רויטער פאַטשיילע און איינגעזאָגט.

— זיי האָבען דאָס פייער צעבלאָזען — האָט ער גע־זאָגט — זאָלען זיי עס פאַרלעשען.

ר׳ טעוועל וואַלדהענדלער האָט געצויגען די מידע הענט נאָך אַ נאַכט נישט שלאָפען און געשמייכעלט זיך אין זיין סוחר׳יש בערדעל אַריין.

— ס׳איז טאַקע אַ גלייך פּאָר אויך — האָט ער געזאָגט — זי אַ בהמה, ער אַ קאַלב. וואָס קאָן נאָך זיין גלייכער?...

דורך די נידריגע פענסטער פון דער בית־דין־שטוב האָט אַ גרינליכער מאָרגען־שיין גענומען אַריינקוקען און די מידע פּנים׳ער מיט אַ טויטער בלאַסקייט אַרומגענומען. דער רב האָט געקוקט דורך די פאַרלאָפענע שייבלעך און געקנייטשט דעם געפאַלדעוועטען שטערען זיינעם. ער האָט געוואָלט אונטערשיי־דען אין דעם מאָרגענשיין פון בלוי ביז גרין, ווי דער דין איז, כּדי צו וויסען, צי מען קען שוין לייענען קריאת־שמע פון דער פריה. אָבער ער איז אויף קאַלירען קיין גרויסער מבין נישט געווען.

— ווי מיינט איהר, אידען — האָט ער זיך מיישב געווען מיט ביידע דיינים — מען מעג שוין לייענען קריאת-שמע, הע?

און אין פעדערהויז איז געלעגען יאָשע קאַלב אויף דער ערד נעבען פאַס וואַסער און געשלאָפען. פון מידקייט איז ער דאָ געבליבען ליגען און אַזוי האַרט אַנטשלאָפען געוואָרען, אַז ער האָט זיך אפילו נישט אויפגעכאַפּט צו דער שעה, ווען ער איז געוועהנט יעדען טאָג צו קלאַפּען אין די לאָדען אין שוהל אַריין.

די ערשטע מאָרגען-שטראַהלען האָבען באַלויכטען זיין בלאַס אונשולדיג פּנים מיט אַ פאַנטאַסטיש בלויער שיין.

## צוואַנציגסטע קאַפּיטעל

מיט גרויס ברען, מיט אַ סך בטחון און מיט פאַרשווענ־דערישער רייכקייט, האָט ביאַלאָגורע געפּראַוועט אויפ'ן שטאָטי־שען גוטען־אָרט די חתונה פון צביה, קנה דעם שמש'ס טאָכ־טער, מיט יאָשע קאַלב, דעם אונטער־שמש פון גרויסען בית־המדרש.

ווי נאָר דער רב האָט צוזאַמענגערופען אויסגערופען אין שוהל פון בעלעמער אַראָפּ דעם פּסק פון בית־דין און געהייסען גריי־טען אַ חתונה אויפ'ן בית־עולם, כדי אָפּצוטון די מגפה פון שטאָט, האָט די אידען און ווייבער אַ גרויסער בטחון אַרומגענו־מען. מען האָט גלייך אין צביה'ן דער מויד און אין יאָשע'ן דעם קאַלב דערזעהן די הילף פון דער געפּלאָגטער שטאָט.

וואָס עס האָבען נישט אויפגעטון די דאָקטוירים און דאָס איינרייסען, ר' ברוך'על דער ווייבערישער רבי און דאָס מעס־טען דעם בית־עולם, דאָס, האָט ביאַלאָגורע געגלויבט, וועט אויפ־טון די חתונה פון צביה'ן מיט יאָשע קאַלב אויפ'ן גוטען־אָרט.

— אַ חכם דער רב! — האָט מען געלויבט ר' מאיר'לען אומעטום, אויפ'ן מאַרק און אין שוהל, אין באָד און אויף די פּריזבעס — אַ צדיק אַ איד. נאָר פון הימעל האָט מען איהם אַזאַ געדאַנק אַריינגעגעבען.

פּונקט ווי מען האָט פריהער געפּיהלט אַ שנאה צו די צוויי זינדיגע, צו דער האַלב־שטומער מויד און צום טאַמעוואַטען

יאָשע קאַלב, אַזוי האָט מען איצט פלוצלינג דערפיהלט צו זיי אַ רחמנות, אַ וואַרעמקייט, אַ ליבשאַפט אַפילו.

— יתומים, נעבעך, עלענדע! — האָבען ווייבער געזיפצט.

מען האָט געזעהען אין זיי די הילף, די אויסלייזער, ד איינציגע רעטער. מען האָט זיך דעריבער געפּאָרעט, געשמאַיעט, געלאָפען, געטון, אַבי צו מאַכען זייער חתונה אויפ'ן בית-עולם וואָס שענער, ברייטער, פרעהליכער. מען האָט זיך שוין נישט געקענט דערוואַרטען אויפ'ן טאָג פון דער חופּה. מען האָט גענומען ציטערען וועגען חתן-כלה, עס זאָל, גאָט באַהיט, קיין שלעכטס זיי נישט געשעהן. מען האָט זיך נישט פאַרגונען קוקען אויף זיי, ווי אויף אַן אוצר, אַן אבן-טוב.

איבערהויפּט האָט מען געציטערט פאַר איהם, פאַר יאָשע קאַלב, ער זאָל נישט מיטאַמאָל ענטלויפען און מאַכען קהל צו נאַר. ער האָט צופיל געשוויגען, יאָשע, קיין איין פיצעל שמחה נישט אַרויסגעוויזען. אין בית-המדרש האָט מען איהם איצט שטאַרק מכבד געווען. מען האָט איהם מעהר נישט געטשעפּעט. אפילו אויסקעהרען האָט מען איהם נישט געלאָזט. טאָמער האָט זיך אַ בחור'על פאַרגלוסט פרעגען יאָשע'ן:

— יאָשע, ס'איז גוט געווען אויפ'ן פּיעקעלעק?...

האָט ער געכאַפּט אַ חלק פון אַלע אידען.

— שייגאַץ, לאָז איהם האָבען מנוחה! ער האַלט פאַר אַ חתונה.

אויך האָבען אידען באַלעבאַטים גענומען איהם בעטען צו זיך אַהיים אויף אָנבייסענס, וועטשערעס. נאָר ער האָט קיין שום פרייד נישט אַרויסגעוויזען, ווי די אידען האָבען עס געוואָלט. ער האָט נישט געוואָלט צו קיינעם געהן, מיט קיינעם קיין וואָרט נישט אויסגערעדט, און נאָר גאַנצע טעג געזעסען אויף דער שוועל און געזאָגט תהילים. גענעכטיקט האָט ער אין בית-המדרש אויף אַ באַנק.

— יאָשע — האָבען צו איהם אידען געזאָגט — געגנוג תשובה געטון. זיי פרעהליך, האַלטסט פאַר אַ חתונה.

נאָר יאָשע האָט נישט געוואָלט זיין פרעהליך. פאַרקעהרט.

ער איז געוואָרען נאָך אומעטיגער, מעהר מרה־שחורה׳ניק, ווי תמיד. ער האָט נישט געוואָלט פאַרזוכען פון געקעכטס, וואָס ווייבער האָבען איהם געבראַכט אין בית־המדרש אַריין. בלויז נאָר אַ שטיקעל דאַר ברויט האָט ער געגעסען, פאַרטרונקען מיט וואַסער און לאַנג דערנאָך געבענטשט. ער האָט אויף קיינעם נישט געקוקט, בלויז פון מאָל צו מאָל איז ער צוגעגאַנגען צום פענסטער און אַ שאַרפען בליק געטון אין דרויסען, אַ בליק צו די אָפענע פעלדער, וואָס ציהען זיך אַוועק פון דער שטאָט. און אידען האָבען איהם גענומען היטען, קיין רגע פון אויג נישט אָפגעלאָזט. אַפילו צו אַ מענשליך געברויך האָט מען איהם באַגלייט.

— אַ סכנה פאַר אַ חתן אַליין צו געהן — האָט מען איהם געזאָגט.

די ווייבער אין שטאָט האָבען נישט גערוהט, איבערהויפט די נגידית׳טעס און די גבאי׳טעס.

פון דער לייווענט, וואָס זיי האָבען פריהער אויסגעמאָסטען דעם בית־עולם, האָבען זיי איצט פאַר חתן־כלה אַ סך העמדער, לייליכער, ציכען און ציכלעך געמאַכט. אַלע באַלעבאַטישע מיידלעך און ווייבלעך זענען זיך צונויפגעקומען, גענעהט, געשניטען, גע׳בריה׳ט זיך. כלה מיידלעך האָבען אַפילו אין צביה׳ס העמדער רויטע שפיצעלעך אויסגענעהט ביים האַלז.

— אַ מזל פון אַ מויד — האָבען אָרעמע ווייבער, מאַמעס פון פאַרזעסענע טעכטער, מקנא געווען.

אַביש קצב, וואָס האָט די גאַנצע צייט נאָר געוואָלט יאָגען די פעל אָפשינדען, האָט זיך איצט שטאַרק גע׳קהל׳ט. ער איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ גרויסען זאַק איבער׳ן מאַרק און צוגויפגענומען אַלץ, וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט. ביי נגידים האָט ער גענומען מלבושים פאַר׳ן חתן, אַ קאַפּאָטע, אַ טלית־קטן, אַ היטעל, אַ יאַרמעלקע, פאַנטאָפעל. אַפילו אַ גאַרטעל האָט ער נישט פאַרגעסען צו נעמען.

— עפּעס גוטס גיטס — האָט ער געמאָהנט — נישט קיין צעריסענס, עס פּאַסט נישט פאַר אַ חתן.

חברה-קדישא איז אַרויס מיט אַ קויש איבער'ן מאַרק און בונויפגענומען שפייז אין די קראָמען, מעהל און אייער, ראָזשענקעס און שמאַלץ. ווייבער האָבען נישט געקאַרגט און געגעבען מיט'ן גאַנצען האַרץ.

— הלואי, דער אויבערשטער זאָל שוין רחמנות האָבען! — האָבען זיי געגלאָצט מיט די אויגען און צוגעלייגט נאָך אַ צו-גאָב צו דעם, וואָס זיי האָבען שוין פריהער געגעבען — ס'זאָל נאָר זיין צו מצוה.

מוטערס פון געשטאָרבענע קינדער האָבען שוין באַצייטענס אַוועקגעגעבען זייערע קינדערס העמדעלעך און קליידעלעך פאַר דער מעוברת'ער כלה צו דער קימפעט.

— ס'וועט איינגיכען צונוץ קומען, מ'שטיינסגעזאָגט! — האָבען די ווייבער געשנורעוועט פיסקלעך און געזיפצט — מען זאָל שוין טאַקע נאָר דערמיט אָפּקומען...

דאָס איז געווען אַ סגולה אָפּצוהיטען די איבעריגע קינדער, און מען האָט אַזוי פיל העמדעלעך, קליידעלעך און אַפילו ווינדעלעך און וויקעלעך אָנגעגעבען, אַז די גבאי'טעס האָבען שוין נישט געוואָלט נעמען מעהר.

צו שפּרינצע דער לעקעך-בעקערין זענען זיך אָנגעקומען די סאַמע בכבוד'סטע באַלעבאָסטעס פון שטאָט און אַליין געבאַקען לעקעך און קיכעלעך צו דער חתונה. זיי האָבען זיך שטאַרק געפּאָרעט, די נגידית'טעס, אַלץ אַליין געטון, אַפילו וואַסער געשלעפּט, כדי וואָס מעהר מצוה צו טון, כדי וואָס זיכערער זיך צו פיהלען אין די דאָזיגע געפעהרליכע טעג.

— נאָך אַן איי אַריינטון אין קוילעטש — האָבען זיי איינע דער אַנדערער אונטערגעגעבען חשק — אין דעם זכות זאָל מען שוין טאַקע געהאָלפען ווערען.

אין טאָג פון דער חתונה, אין דינסטאָג, אַ מזל'דיגען טאָג, האָבען קרעמערינס פאַרשלאָסען זייערע געוועלבער. עס איז געווען אַ סך אַרבעט צו טון. די גאַנצע שטאָדט האָט געדאַרפט זיין אויף דער חתונה, קיינער האָט נישט געדאַרפט פעהלען, אַלט און יונג, אָרים און רייך, אַפילו קינדער. מען

האָט געדאַרפט פּאַר אַלע אָנגרייטען. און מען האָט געבאַקען, געקאָכט, געבראָטען, געפּרעגלט. אַביש קצב האָט ביי די קצבים צונויפגענומען גאַנצע זייטלעך פלייש, היהנער, געגז. קהל האָט אַרויסגעשיקט די פישערס, צו כאַפּען פיש אין טייך. שמשון רופא, וואָס איז אויך געווען אַ קלעזמער און געשפּילט אויף גבירישע חתונות, איז געזעסען ביי זיך מיט דער קאַפּעליע און געגרייט חופּה-מאַרשען און כלה-באַזינגענישען. מלמדים האָבען פרייגעלאָזען די אינגלעך פון די חדרים.

— מזל-טוב! — האָט מען זיך געוואונשען אויף טריט און שריט — אַ דערבאַרמונג זאָל שוין קומען אויף דער שטאָט, אין זכות פון דער אָרעמער חתן-כלה.

כלה-מיידלעך האָבען געבראַכט פון טייך קרוגען וואַסער, וואָס מאַכט ווייך די האָר, און זיך שטאַרק געצוואָגען די קעפּ אויף דער חתונה. נגידישע טעכטער האָבען אויסגעבאָרגט זייע-רע שבת'דיגע וואָלענע קליידער צו אָרעמע שניידערקעס און דינסטמיידלעך, כדי זיי זאָלען זיך נישט דאַרפען שעהמען מיט זייערע אָפּגעטראָגענע קליידער. אַליין האָבען די באַלעבאַטישע טעכטער אויסגעציהרט זיך אין זיידענס. נגידות'טעס האָבען גע-קוקט מיט אומרוהיגע אויגען אויף די אויסגעבאָרגטע קליידלעך, וואָס די פּראָסטע מיידען ציהען אַרויף אויף זיך, געפּוצט זיי מיט ציטערדיגע הענט און געמאַכט פרומע פנים'ער.

— מיידעל, זאָלסט עס שוינען, דאָס קליידעל — האָבען זיי אָנגעזאָגט די פאַררויטעלטע דינסטען צום וויפילטען מאָל, פּוצענדיג יעדער פאַלבאַנע מיט גרויס צערטלעכקייט — אין דעם זכות, גאָט אין הימעל, זאָל מען שוין מעהר פון קיין צער נישט וויסען!

אין מיטען טאָג האָט קינד און קייט, מאַן און ווייב, יונג און אַלט, גענומען געהן צום גוטען-אָרט, צו דער כלה'ס שטוב.

חסידישע אידען האָבען געטראָגען אַטלעסענע קאַפּאָטעס, סאַמעטענע היטלען. באַלמעלאָכעס זענען געגאַנגען אין שבת'-דיגע טוכענע קאַפּאָטעס מיט אַ שפּאַלט פון הינטען און אין

טוכענע היטלען. נגידית׳טעס האָבען זיך אויסגעפוצט אין זייד און אין אַטלעס, אין אַלטע שפּיצען נאָך פון דעם אייגענעם חופּה-קלייד. יונגע ווייבלעך האָבען זיך אין היטען אָנגעטון, אַלט-מאָדישע היטען מיט פויגלען און מיט צעשפּרייטע פאַרביגע פליגעל, וואָס זענען געזעסען אויפ׳ן סאַמע שפּיץ פון די הויך-פאַרקעמטע און אָנקאַרבירטע שייטלעך, נאָר אַוועקצופליהען. וויפיל נאָר גאָלדענע קייטען, בראָשקעס, אויערינגלעך, ציטער-שפּילקעס און פינגערלעך עמיצער האָט פאַרמאָגט, האָט מען אָנ-געהאָנגען אויף זיך. יענטעלע די פּראָצענטניצע האָט אפילו עטליכע געפּאַלענע באַלעבאָסטעס אַרויסגעגעבען אויף דער תּוּנה זייער פאַרזעצט ציהרונג. זי האָט מורא געהאַט פאַר אַזאַ פאָרכ-טיגען טאָג.

באַלעבאַטישע טעכטער האָבען אָנגעטון ווייסע זאָקען, לאַ-קירענע לעטשלעך און קאָלירטע שירמלעך אין די הענט מיט גרויס פאָרזיכט געטראָגען, ווי זיי וואָלטען זיין געמאַכט פון גלאָז. אָרעמע מיידלעך זענען געגאַנגען שטייף אין די געבאָרגטע קליידער, פרעמד, געררויטעלט זיך איינע פאַר דער אַנדערער, מען זאָל נישט דערקענען, אַז זייערע קליידער זענען געבאָרגט. די האָר זענען ביי אַלע געווען פאַרפלאָכטען אין נאַסע אויס-געצוואָגענע שטייף-פאַרפלאָכטענע צעפּ, מיט פאַרביגע קאָקאַרדעס פאַרבונדען אין עק.

אָרום טהרה-שטיבעל, וואו קנה שמש האָט געוואוינט, האָט מען די ערד מיט געלען זאַמד אויסגעשאָטען. חדר-אינגלעך האָ-בען אויסגעשניטען פון פאַרביג פּאַפּיר לאָמטערענדלעך און זיי מיט ברענענדיגע ליכטלעך באַזעצט. פון צווייג צו צווייג האָבען זיי פּאַפּירענע שלאַנגען און פיפערנאָטערס אויסגעהאָנגען.

מיידלעך האָבען קנה׳ס שטיבעל מיט פּאַפּירענע רויטע בלומען אויסגעציהרט, אַ בענקעל מיט אַ פליושען טישטעך איבערגעדעקט, ווי אַ טראָהן, און צביה, די כּלה, אויבען-אָן אַוועקגעזעצט. זי האָט געקוואָלען, צביה, געפרעהט זיך מיט׳ן נייעם ווייסען קלייד, וואָס מען האָט איהר אָנגעטון. מיידלעך

האָבען איהר דעם קאָפּ געדיכטע בלאָנדע האָר צעקעמט, צעפּ געפלאָכטען, און זי האָט געהירזשעט פון נחת.

— הי, הי — שעהן קלייד צביה — האָט זי געזאָגט און געגלעט די שעהנע זאַכען, וואָס מען האָט איהר אָנגעטון.

שמשון רופא האָט געאַרבעט מעשים. אין אַ דייטשישען סורדוט מיט בענדלעך אַרום די אַרבעל און די לאַצען, מיט אַ פיר-עקיג זיידענער יאַרמעלקע אויפ׳ן שפּיץ קאָפּ, מיט אַ פרישׁ צוגעשוירען בערדעל, אין וועלכען דער שרונד אין דער מיט האָט געגלאַנצט מיט זיין ווייסקייט, האָט ער געאַרבעט מעשים, ווי אויף די רייכסטע חתונות. ער האָט געשפּילט אויף אַ פלייט, דיריגירט מיט דער קאַפּעליע און געשיט מיט בדחנ׳ישע גראַמען.

נעמט, קלעזמאָרים, אין די הענטעלעך
אייערע פיינע אינסטרומענטעלעך,
שפּילט-אויף אויף דער דינסטער סטרונע,
אַזוי ווי ס׳פּאַסט פאַר דער טאָכטער פון ר׳ קנה...

ווייבער האָבען זיך געשטויסען, געשטופּט. דאָס שטיבעל איז געווען קליין און יעדער האָט געוואָלט אַריין אינעווייניג און אָנווינשען דער כלה.

— בזל-טוב — האָט צביה געוואונשען, געקושט זיך — בזל-טוב...

מיידלעך האָבען זיך זעהר גרויסאַרטיג, מיט אַ פאַרהויבען קליין פינגערעל אין דער הויך, אָנגענומען פאַר די טאַליעס און געגאַנגען טאַנצען.

— ר׳ שמשון, אַ שער שפּילט אויף, יעך גיב אַ צעהנערעל שפּיל-געלט!

— ר׳ שמשון, אַ פּאָלקע-מאַזורקע — האָבען נגיד׳ישע כלה-מיידלעך קאָנקורירט — יעך גיב אַ צוואַנציגער שפּיל-געלט.

שמשון רופא האָט געבלאָזען. מיידלעך, ברוגז׳ליכע, ווי עס פּאַסט צו זיין אויף אַ חתונה, שטייפע, קוק מיך אָן און ריהר מיך נישט אָן, מיט פאַרצויגענע פּיסקלעך, מעשה-

פריצה'טעס, האָבען זיך געדרעהט אין ראָד. צביה די כלה האָט געטאַנצט מיט אַלע. ווייבער האָבען זי געוואָלט אָפּהאַלטען.

— כלה, רוה זיך אָפּ אַביסעלע, אַ כלה איז שוואַך.

נאָר צביה האָט נישט געהערט.

— ר' שמשון, נאָך נאָך! — האָט זי גערופען און געהירזשעט — ס'אי' גוטטטט...

די מאַנסבילען זענען געזעסען אין דרויסען. קיין שטוב איז נישט געווען, האָט מען אויסגעשטעלט פעסער אויפ'ן בית-עולם, די פעסער האָט מען באַדעקט מיט ברעטער, טישטעכער אויף זיי אויסגעשפרייט און לעקעך מיט בראָנפען אָנגעשטעלט.

— מזל-טוב, חתן! — האָבען אידען גערופען און געשטעקט הענט — מען זאָל שוין טאַקע געהאָלפען ווערען, נישט וויסען מעהר פון צער!

פונקט ווי זי, צביה די כלה, איז געווען פרעהליך, אַזוי איז ער, יאָשע, געזעסען אויבען-אָן אַ טרויעריגער, אַ שטיק מרה-שחורה. ער האָט קיין איין איינציג וואָרט נישט אַרויסגערעדט, קיינעם אַפילו אויף לחיים נישט געענטפערט. זיינע אויגען זענען געווען שטאַר, זיין מויל שטום. ער האָט געלאָזט טון מיט זיך, וואָס נאָר די מענשען האָבען געוואָלט. ער האָט געשוויגען, ווען מען האָט איהם געפיהרט אין מקוה און איהם פון קאָפּ ביז די פיס אין נייעם אָנגעטון. ער האָט געשוויגען, ווען מען האָט איהם גענומען אונטער דער האַנט און איהם אַוועקגעפיהרט צום גוטען אָרט, און ער האָט אויך געשוויגען, ווען מען האָט איהם אַוועקגעזעצט אויבען-אָן ביים געדעקטען טיש, אַרומגערינגעלט מיט אַ סך מענשען.

אידען האָבען איהם געמונטערט, פרעהליך געמאַכט. זיי האָבען אין זיין שווייגען אַ שלעכטען סימן געזעהן. זיי האָבען געוואָלט, ער זאָל זיין פרעהליך, און איהם צוגעפּאַטשט מיט די הענט, געפּליעסקעט:

— נו, אַ חתן איז געגליכען צו אַ מלך, לאָז נישט אַראָפּ די נאָז.

שמשון רופא איז פון די כלים אַרויס. ער האָט געקאָנט

פֿרעהליך מאַכען דעם גרעסטען מרה־שחורה'ניק מיט זיינע גראַמען און ווערטלעך. ער האָט גערעדט, געשפּילט אַ פֿרעהליכס, ער האָט אַפֿילו גענומען מאַכען קונצען, איבערגעקעהרט די קאָפּאָטע אויף דער לינקער זייט, נאָר יאָשע האָט אַפֿילו קיין איין ריהר מיט זיין פּנים נישט געגעבען. אידען הוליאַקעס, וואָס זענען גרויסע בריות אויף פֿרעהליך מאַכען אויף חתונות, האָבען גענומען טאַנצען אַ קאָזאַקעל, פֿאַרבויגען די פּאָלעס, גענומען די שפּיץ בעו'דלען אין די מיילער און געמאַכט אַזעלכע קונצען, אַז אידען האָבען געקייכט פֿון געלעכטער. אַפֿילו ר' מאיר'ל דער רב האָט געלאַכט. אויף יאָשע'ס בלאַס פּנים האָט זיך קיין איין שטראַהל פֿון פֿרייד נישט געוויזען. ער איז געווען פּונקט אַזוי פֿאַרשטיינערט, ווי דעמאָלט, ווען מען האָט איהם געבראַכט צום רב.

מען האָט שטאַרק געיאָגט אויף דער חתונה, מען איז געגאַנגען צו דער חופּה נאָך אַ שטיק פֿאַר נאַכט, כּדי נישט צו בלייבען אין אָווענט אויפ'ן בית־עולם.

ביים אוהל פֿון ר' ברוך'על דעם ווייבערישען רבי'ס זיידען, ביים זעלבען אוהל, וואו צביה האָט מיט פֿרעמדע יונגען אין די נעכט זיך אַרומגעשלעפּט, האָט מען איצט אַ חופּה אַוועקגעשטעלט. מיט פֿרעהליכע מאַרשען, וואָס שמשון רופֿא האָט פֿון די קאָזאַקישע מוזיקאַנטען געכאַפּט, מיט אָנגעצונדענע ליכטלעך און מיט פֿלאַקערענדע הבדלות, האָט מען חתן־כּלה אונטער די הענט צו דער חופּה געפֿיהרט.

אויפ'ן וועג איז אַפֿילו עפּעס געשעהן.

אַ יונג ווייבעל, אַ מוטער פֿון אַ געשטאָרבען קינד, האָט אויפ'ן וועג צו דער חופּה דאָס קבר'ל פֿון איהר קינד דערזעהן און אַוועקגעפֿאַלען אויפ'ן בערגעל ערד.

— חיים'על! — האָט זי געשריגען — וואו האָב איך דיך איבערגעלאָזט?

אַנדערע ווייבער האָבען גענומען מיטהאַלטען. אָבער ר' מאיר'ל דער רב האָט גלייך דעם טרויער צעשטערט.

— נשים, נישט וויינען! — האָט ער באַפוילען — אויף אַ חתונה דאַרף מען זיך פרעהען.

שמשון רופא האָט אַזוי גענומען טראַסקען מאַרשען, אַז מען האָט מעהר קיין געוויין נישט געהערט.

— לעבעדיג, אידען, לוסטיג! — האָט מען זיך אונטער־געגעבען חשק.

עטליכע ווייבער האָבען גענומען אַ קוילעטש אין די הענט, אַ גרויסען חופה־קוילעטש, וואָס איז מיט לייש־גאָלד און מיט פייגעל און לייטערס פאַרפוצט, און אַוועק אַ טענצעל מיט גרויס ברען, אַ טענצעל פון היגטערווילעכטס, אַ צולאָזענס. זיי האָבען געהויבען די חלה אין דער הויך, נישט געלאָזט די מאַנס־בילען אַרויסכאַפּען זי פון זייערע הענט און געוואַלדעוועט.

— האָפּ, האָפּ, האָפּ, חתן־כלה, היפּ, היפּ!

קליינע מיידלעך האָבען זיך אָנגענומען אין אַ רעדעל און געטאַנצט, צוזינגענדיג מיט קוויטשיגע שטימעלעך אַ חתונה־לידעל:

שפּיץ בוידעם אויף דר'ערד,
אַלע שטיבעלעך צוגעקעהרט,
אַלע בעטעלעך אויפגעבעט,
אַלע מיידעלעך צוגעגלעט...

צביה די כלה האָט זיך אַזש געהויבען פון אָרט. קוים מען האָט זי אָפּגעהאַלטען פון שפּרינגען. יאָשע דער חתן איז געשטאַנען אונטער דער חופה שטום און פאַרגליווערט. ער האָט אַפילו דער כלה דאָס רינגעל נישט אָנגעטון אויף דעם אויס־געשטרעקטען פינגער.

— נו, חתן, זיי מקדש די כלה — האָט איהם דער רב געמונטערט.

ער האָט זיך נישט גערירט. האָבען אידען גענומען זיין האַנט און צו דער כלה'ס פינגער צוגעטראָגען.

קיינער האָט אַפילו נישט געהערט, ער זאָל זאָגען דעם הרי־את.

בלויז קנה שמש האָט געזאָגט, אַז ר'האָט געהערט.

ר׳ מאיר׳ל דער רב האָט געקנייטשט דעם שטערן און ענדליך איינגעזאָגט.

— מילא — האָט ער געזאָגט — מזל-טוב!

פונקט אַזוי שטאַר און אומבאַוועגליך איז ער געזעסן נאָך דער חופה ביי דער סעודה מיט דער כלה. צביה האָט געזשליאָקעט מיט גרויס געפּולדער די גילדענע יויך, געריבען אויף ביידע באַקען און געטאָרעט יאָשען מיט׳ן עלענבויגען.

— הי, הי, גוטטט עסען... הי, הי, פאַרוואָס דו נישט עסט, יאָשע? הי, הי, הי...

ער האָט אויך קיין איין וואָרט נישט געענטפערט אויף די לחיים׳ס פון די אידען, וואָס האָבען איהם אַריינגעפיהרט צו זייער טיש. אַפילו ר׳ מאיר׳ל דעם רב האָט ער נישט אויס-געשטעקט די האַנט.

— אַ קאַלב בלייבט אַ קאַלב... — האָבען אידען געזאָגט מיט פאַרדראָס.

דרשה-געשאַנק איז געפאַלען אַ סך. נגידים האָבען גע-שאָנקען דרייער־קערבלעך, באַלעבאַטישע אידען — קערבלעך, געדריקטע אידען — האַלבע רובעלס, און אידען באַלמעלאָכעס האָבען געגעבען צו גילדען. שמשון רופא האָט פון יעדער מטביע געמאַכט דריי מאָל אַזויפיל.

— דער גביר ר׳ משה מעכעלעס שענקט אַ דרייער קער-בעל מיט אַ געלען הינטערשלאַק...

אַ געלען הינטערשלאַק האָט געהאַט אַ פאַפירענער רובעל.

מען האָט געצאַיילט, געיאָגט. קיינער האָט נישט געוואָלט בלייבען ביינאַכט אויפ׳ן בית-עולם.

אַהיימגעגאַנגען איז מען גיך. מען האָט זיך געפיהלט זי-כערער, ווען מען איז שוין געווען ווייט פונ׳ם שטיינערנעם פאַרקאַן. ערשט אין מאַרק האָבען אָנגעהויבען קומען זינדיגע געדאַנקען אין קאָפּ וועגען חתן-כלה. דאָס ערשטע מאָל איז דאָס געווען, ווען מען האָט געפיהרט אַ טראָגעדיגע כלה צו דער חופה. דאַס האָט געבראַכט צו שלעכטע געדאַנקען, צו געדאַנקען,

וואָס איז גלייכער, אַז מען האָט זיי נישט דאָרט, אויפ׳ן גוטען אָרט.

ווען דער עולם איז אַוועק, האָט קנה שמש צונויפגענו־מען דאָס עסענוואַרג פון טיש און גלעזער אַוועקגעטראָגען צו זיך אין שטוב. פונקט אַזוי גלעזער האָט ער אויסגעצעהלט דאָס דרשה־געשאַנק, וואָס איז געפאַלען, און ער האָט אַריינגעלייגט דאָס געלט צו זיך אין דער בוזים־קעשענע.

ער איז אַרויפגעקראָכען אויפ׳ן פּיעקעליק, וואו די גאַנצע צייט איז דאָרט געשלאָפען יאָשע, און ער האָט פאַרלאָשען די לאָמפּ.

— קינדער — האָט ער געזאָגט — עטץ וועט שלאָפען אין די בעטען.

צביה איז כמעט אין די קליידער אַריינגעפאַלען אין בעט. זי איז געווען מיד פון טאַנצען, פון טומעל, פון פרייד. עס איז געווען פאַר איהר צו שווער דער גאַנצער טאָג, צו שווער פאַר איהרע העכערע חדשים, אין וועלכע זי איז געווען. זי האָט גלייך גענומען שנאָרכען, ווי איהר טאַטע אויפ׳ן פּיע־קעליק.

יאָשע האָט זיך צום בעט נישט צוגעריהרט.

אַ צייט איז ער געשטאַנען שטום אין דער שטוב. ער האָט גע־הערט דאָס רוישען פון די בוימער אין דרויסען, דאָס גראָבע און דינע שנאָרכען פון שטוב, דאָס גריליען פון דער גריל אונ־טער דעם באַק־אויווען, און ער האָט אפילו קיין אָטעם הויך נישט געגעבען, קיין ריהר מיט קיין אבר נישט. אַז דער זייגער האָט זיך גענומען וואַרגען אין דער נאַכט און מיט זיינע שווערע געוויכטער אַ סך קלונגען אויסגעקרעכצט, האָט ער שטיל אויס־געזוכט אין ווינקעל־אויווען זיין פאַרלאַטעטען זאַק, אין וועלכען עס איז געלעגען אַ שטיין צו האַלטען געוויכט און אַ פּאָר תפילין. ער האָט דערטאַפּט דעם שטעקען. דערנאָך האָט ער שטיל געעפענט די טיר און אַוועק אין דער פינסטערער נאַכט.

מיט'ן טאָג צוגלייך, אַז צביה האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און דערזעהן די שטוב ליידיג, האָט זי גענומען הויך שרייען. זי האָט גלייך דערפיהלט, אַז ער איז אַוועק, און זי האָט גענומען הויך וויינען, ברומען, ווי אַ בהמה אין איהר צער.

קנה שמש איז אַראָפּ פון פּיעקעליק, גענומען דעם לאָמטערן אין האַנט, כאָטש עס האָט שוין געבלויט, דעם שטעקען אין דער צווייטער האַנט און דאָס גאַנצע גוטע־אָרט דורכגעזוכט. אָבער ער האָט יאָשען נישט געפונען. ער איז אַרויס צו דער שטאָט, צום בית־המדרש, אַלע געסלעך דורכגעגאַנגען. ער איז נישט געווען. ער האָט אויפגעוועקט אַביש קצב. אַביש האָט די קצבים פון די בעטען אַרויסגעשלעפּט. מען האָט זיך געלאָזט אויף וועגן, שטעגען. מען האָט איהם נישט געפונען.

— נישטאָ יאָשע — האָט קנה געזאָגט צו זיין טאָכטער — אַן עגונה דיך געלאָזט.

צביה האָט אָנגעטון אַ שייטעל אויף איהר אָפּגעשוירענעם האַרטען קאָפּ, אַ ברייט פאַרטוך אַרום איהר בויך, ווי אַלע ווייבלעך. אין שטאָט האָט מען זי פון איצט אָן נישט גערופען מעהר נאָכ'ן פאָטער, נאָר נאָכ'ן מאַן.

— צביה יאָשע קאַלבס — האָט מען זי גערופען.

## *איינאונצוואנציגסט קאפיטעל*

אין ניעשאַווער גרויסען הילצערנעם בית-המדרש, וואָס איז געבויט געוואָרען באַלד נאָך דער שרפה אויף דערוויילע און איז שוין אַזוי פאַרבליבען גאַנצע פופצעהן יאָהר, איז לעבעדיג.

עס איז צוועלף טאָג אין חודש תמוז, ווען עס פאַלט אויס דער יאָהרצייט פון אַלטען ניעשאַווער, דעם רבי'ן ר' מלך'ס פאָטער. אַ סך חסידים זענען זיך אָנגעקומען. אויפ'ן גוטען אָרט, ביים אוהל פון צדיק, ברענען הונדערטער ליכט, אידען וואַרפען קוויטלעך אויף דער מצבה, טויזענדער קוויטלעך. משמשים זיצען ביי טישען, שרייבען קוויטלעך און דינגען זיך:

— עך וועל קיין קרייצערס נישט נעמען, ווינציגער פון אַ קרוין איז גאָר נישטאָ וואָס צו רעדען.

ווייבער מיט פאַטשיילעס איבערגעדעקט איבער'ן קאָפּ שטעהען אין אַ זייט, האָבען נישט די העזה זיך צו דערנעהנטערען צום צדיק'ס אוהל, וואו עס זענען פאַרזאַמעלט אַזוי פיל מאַנסביילען. זיי בעטען פון ווייטענס, שטעהען, ווי אַן אָרימאַן ביי דער טיר. אָרעמע אינגלעך שטעהען מיט קוישלעך סחורה, מיט ליכטלעך, פאַפיר, און אַפילו מיט פלעצלעך און בראָנפען. אידען טרינקען לחיים אויפ'ן גוטען-אָרט.

דער רבי ר' מלך, אַ זקן אין די אַכציגער שוין, באַוואקסען, גרין פון גרויקייט, מיט אַ באָרד און ברעמען ווי פון מאָך, ווערט געפיהרט צום גוטען-אָרט אונטער די הענט.

— אַ וואָרע מאַכטס, אַ וואָרע! — רופט ישראל אביגדור דער גבאי.

די באָרד זיינע, ישראל אביגדור'ס, איז שוין איצט מעהר גרוי ווי רויט, אָבער ער איז נאָך ביי די כּוחות. ער שמעקט יעדען טאָג אַלץ שטאַרקערען טאַבּעק, ער גיסט אַריין בראָנפּען אין טאַבּעק אַריין, שיט אַריין צוריבענעם פּעפּער, עס זאָל איהם נעמען, מעד טרינקט ער קוואָרטען-ווייז.

— דרך-ארץ! — רופט ער צו די אידען, וואָס שטופּען זיך אַרום אַלטען רבּי'ן — נישט אַלע מיטאַמאָל!

ער היט איצט שטאַרק אָפּ דעם רבּי'ן, אַ סך מעהר ווי פריהער. דער רבּי איז שוואַך, ער דערקענט שוין אָפּט מעהר נישט קיין חסידים, אַפילו שעהנע-אידען און גבירים. די זיהן זיינע, עלטערע אידען שוין, וואָס קאָנען זיך נישט דערוואַרטען אויף דער רבּי'טסטווע, האָבען אויפגעהערט מורא האָבען פאַר'ן פאָטער, ווי אין די פריהערדיגע יאָהרען. ביים לעבען זיינעם פיהרען זיי שוין פראַנק-און-פריי טישען, נעמען קוויטלעך, פּדיונות, און כאַפּען אויס איינער ביים אַנדערען די חסידים. איבערהויפּט יאָגען זיי זיך נאָך גבירים און רבנים.

ישראל אביגדור'ן ווייטיגט דאָס האַרץ. ער ווייסט, אַז אַ רבּי'שער הויף איז, להבדיל, ווי אַ קייזערליכער הויף. דער כּוח ליגט אין דער דינאַסטיע. בלויז איינער דאַרף בלייבען. דאָס האַלט אויף די חסידים. ביי צעטיילען, פאַלט זיך עס אינגאַנצען פאַנאַנדער. ער ווייסט אויך, ישראל אביגדור, אַז זיי האָבען איהם פיינט, דעם רבּינ'ס קינדער, פּונקט ווי ער האָט זיי פיינט. אויך האָבען זיי מורא פאַר איהם. ער קען זיי צופיל. און ער היט אָפּ געוואַלדיג דעם אַלטען רבּי'ן, דעם רבּי ר' מלך, ווי אַן אויג אין קאָפּ היט ער איהם.

צום רבּינ'ס הויף האַלטען אין איין אָנקומען נייע מענשען. מען גיט זיך שלום-עליכם, מען דאַוונט, מען טרינקט לחיים.

מיטאַמאָל קומט אַריין אין בית-המדרש אַ פרעמדער מיט אַ זעקעל אויף די פּלייצעס און מיט אַ שטעקען אין דער האַנט.

גלייך ווי ער טרעט איבער די שוועל, הויבען אַלע אידען אויף זייערע אויגען און קוקען אָן נייגעריג דעם אורח. ישיבה־בחורים רייסען אָפּ די אויגען פון די גמרות און באַטראַכטען איהם.

דאָס איז אַ איד אַ הויכגעוואוקסיגער, אַ ביינערדיגער, מיט אַ קויל־שוואַרצער באָרד און פּיאות, מיט גרויסע שוואַרצע אויגען, מיט קליידער, וואָס זענען בלויז שטויב, ווי פון ווייטע וועגען. זיינע לענדען זענען אַרומגעבונדען מיט אַ שטריקעל. די שיך זיינע זענען שטאַרק צעריסען. אויך דער זאַק זייגער, וואָס ער טראָגט אויף די פּלייצעס, איז אַלט, שטאַרק פאַרשטויבט און געלאַטעט. זיין שטעקען איז צו הויך, גראָב און מיט סענקעס. ער טוישט דעם שטעקען פון דער רעכטער האַנט אין דער לינ־קער און מיט דער באַפרייטער האַנט קושט ער די מזוזה. דער־נאָך לאָזט ער אַראָפּ דעם זאַק פון די פּלייצעס און וואַשט זיינע פאַרשטויבטע שוואַרצע הענט אונטער׳ן קופּערנעם האַנט־פאַס.

אידען געהען צו צו איהם און שטעקען איהם הענט.

— שלום־עליכם, אַ איד.

— עליכם־שלום.

— פון וואַנען קומט אַ איד?

— פון דער וועלט — ענטפערט דער פרעמדער.

אידען ווערט עפּעס אונהיימליך. זיי פרעגען נאָך עפּעס ביים פרעמדען, נאָר דער פרעמדער שווייגט, מיידט אויס צו רעדען. ער נעמט אַרויס פון זאַק טלית און תּפילין און טוט אָן. דערביי דעקט ער צו דעם קאָפּ מיט׳ן טלית אַנדערש פון אַלע אידען. דאָס רופט אַרויס וואונדער ביי אַלעמען. נאָך מעהר וואונדערט מען זיך, ווען ער טוט אָן צוויי פּאָר תּפילין מיט אַמאָל. ער דאַוועט ביי דער טיר.

נאָכ׳ן דאַווענען ווילען איהם חסידים מכבד זיין מיט בראָנ־פען און האָניג־לעקעך. ער שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, אַ צייכען, אַז ער וויל ניט טרינקען.

— ס'איז היינט דעם אַלטען, זכרונו לברכה'ס, יאָהרצייט— זאָגען די אידען.

— איך ווייס — זאָגט ער.

ער נעמט אַרויס פון זיין זאַק עטלעכע שטיקלעך פאַר־דאַרט ברויט און אַ שמאַטקעלע מיט זאַלץ. דערנאָך וואַשט ער זיך די הענט צום עסען, זאָגט לאַנג און טינקט דאָס דאַרע ברויט אין זאַלץ. וואַסער טרינקט ער צו פון דעם גרויסען בלעכערנעם בית-המדרש שעפער. נאָכ'ן בענשען פאַרפאַקט ער צוריק זיין זאַק און פרעגט ביים עולם:

— ישראל אביגדור איז נאָך אַלץ גבאי?

— אַודאי! — ענטפערען אידען — וואָס פאַר אַ שאלה?

— איך וויל איהם זעהן — זאָגט דער פרעמדער.

— ער וועט מסתמא באַלד אַריינקומען — זאָגט מען איהם — ער איז ביים רבי'ן.

— זאָל מען איהם רופען! — באַפעהלט דער פרעמדער — זאָגט איהם, אַז אַן אורח דאַרף איהם עפּעס זאָגען.

דעם פרעמדענס באַפעהלערישער טאָן, די זיכערקייט זיינע, פיהלט אָן מיט אַ באַהאַלטענעם פחד. עטלעכע אידען לאָזען זיך גלייך געהן נאָך ישראל אביגדור'ן. ביז דער גבאי קומט, באַטראַכט דער פרעמדער אַלץ אַרום זיך מיט זיינע גרויסע שוואַרצע אויגען, ווי עס וואָלט זיין פאַר איהם ניי.

— דאָס איז אַלץ נאָך דער שריפה אויפגעבויט געוואָרען?— פרעגט ער.

בחורים, וואָס געדענקען נישט די שרפה אין הויף, שמייכ־לען. עלטערע אידען ענטפערען.

— יאָ, נאָך דער שרפה, נישט היינט געדאַכט.

ווען ישראל אביגדור קומט אַריין, געהט צו איהם צו דער פרעמדער און גיט איהם אַ האַנט.

— שלום-עליכם, ישראל אביגדור.

ישראל אביגדור נעמט דורך דעם פרעמדען אָפגעריסענעם איד מיט דורכדרינגליכע בליקען. ער איז אין כעס, וואָס אַזאַ שלעפער האָט איהם געשיקט רופען.

— ווער ביסטו? — פרעגט ער צאָרניג.

ער זאָגט איהם גלייך „דו״, כּדי איהם אונטערצוהאַקען די פליגעל.

— אַן אורח — ענטפערט דער פרעמדער.

— וואָס ווילסטו?

— איך וויל אַריינגעהן צום רבּי׳ן.

ישראל אביגדור ווערט רויט, ס׳בּלוט גיסט זיך איהם אַן הינטער די האָריגע אויערען, ווי בּיי אַלע עלטערע מענשען, וואָס טרינקען אַ סך.

— ער וויל אַריינגעהן צום רבּי׳ן! — זאָגט ער גיפטיג און בּאַטראַכט זיין הלוך מיט איין אויג — ט׳שוין געהערט! אַ יישר־כּוח דיר אַ גרויסען... דער רבּי זיצט דאָך נאָר און וואַרט אויף איהם.

ישראל אביגדור קוקט אָן אַלעמען, ער וויל זעהן, וואָסער פּנים דער עולם האָט. אָבּער דער פרעמדער פאַרשעהמט זיך נישט.

— ישראל אביגדור — זאָגט ער בּאַפעהלעריש — געה שוין אַריין און זאָג דעם רבּי׳ן, אַז איך וואַרט. כ׳געה פון ווייט.

ישראל אביגדור׳ן פאַלט אָפּ דאָס רויטקייט פון הינטער די אויערען. ער ווערט בּלאַס. דעם פרעמדענס בּאַפעהלערישע רייד, זיין אויסטערליש אויסזעהן, זיין זאָגען — כ׳געה פון ווייט, איך וואַרט — דאָס אַלץ פיהלט איהם אָן מיט מורא. ער איז טאַקע שוין לאַנג גבּאי אין הויף, ער קען דעם רבּי׳ן דורך און דורך. נישט אַזוי לייכט קען מען איהם עפּעס איינרעדען. אָבּער היינט איז דעם אַלטענס יאָהרצייט. דעם אַלטען האָט ער נישט געקענט, ישראל אביגדור. מען דערצעהלט וועגען איהם וואונדער, און ער גלויבּט אין איהם. אין זיין קאָפּ, וואָס איז אין דעם טאָג פון יאָהרצייט נישט גאַנץ ניכטער פון די פיל לחיים׳ס, וואָס ער האָט מיט די חסידים שוין געמאַכט, פאַלען איין מאָדנע געדאַנקען. עפּעס קומען אין געדאַנק מעשיות פון אַלטע גוטע־אידען, מעשיות פון לאַמעד־וואָווניקעס, פון אליהו

הנביא, וואָס דרעהט זיך אַרום איבער דער וועלט, פון מתים. ער ווערט גלייך אונטערטעניג און זאָגט:

— שוין געה עך. ווער, זאָל עך זאָגען דעם רבי'ן, וויל רעדען מיט איהם?

— אַ איד — זאָגט דער פרעמדער — אַן אורח.

— קומט מיט מיר — בעט ישראל אביגדור.

ער זאָגט איהם שוין נישט מעהר „דו". ער פיהרט איהם מיט דרך־ארץ צו דער טיר, וואָס פיהרט צום רבינ'ס שטוב. פאַר דער טיר לאָזט ער דעם פרעמדען וואַרטען און ער געהט אַליין אַריין צום רבי'ן. מיט מורא אין קול דערצעהלט ער דעם רבי'ן וועגען פרעמדען.

ער גיט איבער יענעמס רייד:

— זאָג דעם רבי'ן, אַז איך וואַרט, כ'געה פון ווייט.

נאָך מעהר פון ישראל אביגדור'ען, דערשרעקט זיך דער רבי ר' מלך.

— ר'איז אַן אָפּגעריסענער, מיט אַ זאַק אויף די פּליי- צעס? — פרעגט ער איבער דעם גבאי — אַן אורח?

— יאָ, רבי.

— נו, מילא, פיהר איהם אַריין — באַפעהלט דער רבי און טוט אָן דעם ספאָדיק אויפ'ן קאָפּ, דערפיהלענדיג אַ קעלטעל אין הייסען טאָג.

ישראל אביגדור געהט אַרויס צום פרעמדען און פיהרט איהם אַריין.

— אפשר — פרעגט ער — וועט איהר דאָ איבערלאָזען דעם זאַק? קיינער וועט איהם נישט ריהרען.

— ניין! — זאָגט דער פרעמדער און לאָזט דעם זאַק נישט אַרונטער פון די פּלייצעס.

דאָס צעטשמעליעט שוין אינגאַנצען ישראל אביגדור'ען.

אַז דער פרעמדער קומט אַריין אין רבינ'ס שטוב, קוקט ער זיך אַרום צומערשט אויף דער שטוב, דערנאָך אויף די אַל- מערס מיט ספרים, דערנאָך אויפ'ן רבי'ן. דער רבי איז אַלט, די הויט פון פּנים איז ברוין, ווי קאָרע, און געקנייטשט, ווי קאָרע.

די ברעמען, באָרד און פּיאות זענען גרוי פון גרינקייט. דער פרעמדער נעמט איהם דורך, ווי ער וואָלט זיך וועלען עפּעס דערמאָנען.

— שלום-עליכם — זאָגט איהם דער רבי — קום צו נעהנ-טער, אורח, איך זעה נישט גוט.

דער פרעמדער געהט צו און דערלאַנגט אַ האַנט.

— ווער ביסטו? — פרעגט דער רבי.

— נחום — ענטפערט דער פרעמדער.

— ווער? — פרעגט דער רבי, אונטערשטעלענדיג אַ האַנט צום אויער.

— נחום — חזר'ט דער פרעמדער איבער — אייער איידעם.

דער רבי ר' מלך גיט זיך אַ טרייסעל אויף זיין לעדער-נער שטוהל. ישראל אביגדור לויפט צו צו איהם און האַלט איהם צו. דער רבי קומט צו זיך.

— כ'דערקען דיר נישט — זאָגט ער מיט שרעק.

— איך בין אַוועק איז געווען ז' אדר תרל"א און איצט איז י"ב תמוז תרמ"ו, פופצעהן יאָהר שוין.

— וואו ביסטו געווען? — פרעגט דער רבי מיט כעס.

— אין דער וועלט.

— פאַרוואָס ביסטו ענטלאָפען?

— כ'האָב אַזוי געדאַרפט.

— פאַרוואָס האָסטו געלאָזט מיין טאָכטער אַן עגונה?

— כ'האָב אַזוי געמוזט.

דעם רבי'ן ווערט קאַלט.

— ישראל אַביגדור — זאָגט ער — גיב מיר דעם וואַ-טענעם שלאָפראָק.

ישראל אַביגדור טוט דעם רבי'ן אויס דעם זיידענעם זו-מער-שלאָפראָק און טוט איהם אָן דעם וואַטענעם פון סאַמעט. דער רבי הויבט זיך אויף שווער פון דער שטוהל, געהט צו מיט מורא צום פרעמדען און קוקט זיך אין איהם איין מיט זיינע אַלטע אויגען, וואָס ליגען באַהאַלטען אונטער גרויסע מאָ-כיגע ברעמען.

— ביסט געקומען ליצנות טרייבען? — פרעגט ער צאָרנדיג.

— ניין! איך בין געקומען צו מיין ווייב סערעל.

— וואָסערע סימנים קאָנסטו געבען, אַז דו ביסט נחום?

— איידער איך בין אַוועק, מיט אַ קנאַפ יאָהר פריהער, האָב איך מיט אייך צוזאַמען געלערענט ספר רזיאל-המלאך. אויף זייטעל אַכצעהן האָט מען פאַרקנייטשט אַ בלעטעל. אפשר איז נאָך דאָ דער צייכען.

— ישראל אביגדור, זוך אויס דעם רזיאל-המלאך — זאָגט דער רבי ציטערנדיג.

ער קוקט דעם פרעמדען אָן פון קאָפ ביז די פיס. ער טאַפּט איהם אַפילו אַרום מיט די הענט, ווי עפּעס אַ טויטע זאַך. ישראל אַביגדור ברענגט אַ קליין ספר'על. דער רבי עפענט מיט טרייסלענדיגע הענט די בלעטלעך. פון אויפרעגונג קאָן ער קיין בלעטעל נישט איבערמישען. ביים זייטעל אַכצעהן איז פאַרקנייטשט. דער רבי דערפיהלט זיך שוואַך. די שטוב דרעהט זיך מיט איהם. ישראל אביגדור פיהרט איהם צו צו דער שטוהל און העלפט איהם זיך אַוועקזעצען.

— קאָנסטו זאָגען סימנים מיין טאָכטער סערעל? — פרעגט ער — סימנים צווישען מאַן און ווייב?

— יאָ — זאָגט דער פרעמדער.

— ישראל אביגדור — זאָגט דער רבי פלוצלינג מיט אַ שטאַרקער שטים — געה רוף סערלען. זאָג איהר גאָרנישט.

סערעל קומט אַריין אַ דערשראָקענע, מיט ביידע הענט פאַרלייגט אויף די ברוסטען. זי טראָגט אַ גרוי טיכעל אויפ'ן קאָפ. זי איז דיק. דער פרעמדער לאָזט אַראָפּ דעם זאַק פון די אַקסלען און שטעלט אויף איהר אָן זיינע גרויסע שוואַרצע אויגען. זי לאָזט אַראָפּ די אויגען צו דער ערד.

— סערעל — זאָגט דער רבי — געה צו נעהנטער און קוק אָן דעם איד.

סערעל פאָלגט דעם רבי'נס באַפעהל.

— קאָנסט איהם?

סערעל דערפיהלט עפעס אַ שרעק. די פיס ווערען איהר גלייך שוואַך. זי האַלט זיך פונדעסטוועגען.

— ניין — זאָגט זי — געבעטענדיג בלויז איין קוק אויף דעם פרעמדען אָפּגעריסענעם מאַן.

— און דו, אורח, דערקענסט זי? — פרעגט דער רבי.

— יאָ — זאָגט דער פרעמדער זעהר רוהיג און זעהר פעסט — דאָס איז סערעל, מיין ווייב.

סערעלע דערפיהלט אַ שכרות אין ביידע קניהען, ווי עפּעס וואָלט דאָרט לויז געוואָרען, אויפגעבונדען זיך. זי וויל צוגעהן צו דער באַנק זיך זעצען, אָבער זי באַווייזט שוין נישט. זי פאַלט. ישראל אביגדור וויל לויפען רופען ווייבער. דער פרעמדער פאַרהאַלט איהם מיט דער האַנט. ער געהט צו צום זאַק, נעמט אַרויס אַ פלאַש וואַסער און מונטערט זי. זי עפענט די אויגען. דערנאָך הויבט ער זי אויף ביי אַ האַנט פון דער ערד און פיהרט זי צו צו דער באַנק. זי דערפיהלט אַ וואַרעמקייט אין דער פרעמדער מאַנסבילשער האַנט, אַ קראַפט, און זי זעצט זיך אַ געהאָרכזאַמע אַוועק.

— ביסט שוין געזונט? — פרעגט זי דער רבי.

— יאָ — זאָגט זי שוואַך.

— סערעל — זאָגט דער רבי — דער אורח זאָגט, אַז ער איז דיין מאַן, נחום'טשע. קוק איהם גוט אָן און זאָג, צי דו דערקענסט איהם?

סערעל קוקט אויף דעם פרעמדען, פאַרשטויבטען, באַוואַקסענעם מאַן, קוקט אויף זיין קויל-שוואַרצע באָרד, אויף זיין ברוין שאַרף בלאַס פּנים, אויף זיינע קנאָכיגע האַרטע גלידער, וואָס שלייכען זיך אַרויס דורך די צעריסענע קליידער, אויף די גרויסע שוואַרצע אויגען, און איהר האַרץ צאַפּעלט, וויל אַרויסשפּרינגען. אַ רויטקייט באַגיסט איהר פּנים.

— איך ווייס נישט — זאָגט זי.

— שווער איהם צו דערקענען — זאָגט דער רבי — ווען ער איז אַוועק, איז ער אָהן אַ באָרד געווען, איצט איז ער מיט אַ גרויסער באָרד, דאַפּעלט אַלט.

— יאָ — זאָגט סערעל מיט אַ זיפֿץ — פּופּצעהן יאָהר שוין.

— אורח — זאָגט דער רבי צום פרעמדען — וואָסערע סימנים קאָנסטו זאָגען מיין טאָכטער, אַז דו ביסט איהר מאַן?

— איך האָב געפּאַסט צוויי טאָג פריהער, איידער איך בין אַוועק.

— יאָ — זאָגט סערעל און ווערט בלאַס.

— אין טאָג, ווען איך בין אַוועק, האָב איך אפילו אין אָווענד אויך נישט געוואָלט איבערבייסען.

— יאָ — זאָגט סערעל.

דער פרעמדער דרעהט זיך אויס צו סערלען און רעדט צו איהר. ער זאָגט איהר „דו".

— דו האָסט — זאָגט ער — געמיינט, אַז איך בין קראַנק, האָסט געוואָלט רופען דעם דאָקטאָר צו מיר.

— יאָ — זאָגט זי — איך האָב געהייסען אייך זיך לייגען אין בעט.

זי זאָגט איהם „איהר".

— איך האָב נישט געוואָלט — זאָגט ער — איך האָב געוואָלט געהן לערנען. איך בין אַוועק אויפ'ן גאָרן, צו מיין לערן-שטיבעל.

— און שוין מעהר נישט צוריקגעקומען — זאָגט זי מיט אַ זיפֿץ.

דער רבי הויבט זיך ווידער אויף פון זיין שטוהל. ער געהט צו צו סערלען.

— געדענקסט דאָס אַלץ? — פרעגט ער.

— יאָ, איך געדענק — זאָגט זי — איך געדענק אַלץ, אפילו וואָס מען האָט געקאָכט דעמאָלט אויף וועטשערע. קאַשע מיט מילך. עס איז, נישט היינט געדאַכט, געווען דאָס אומגליק דעמאָלט, מלכה'לע, עליה-השלום'ס, צו-קינד-געהן. האָט מען קיין פליישיגס נישט געקאָכט.

— הום — ברומט דער רבי.

— פאַר נחום'טשען — זאָגט סערעלע — האָב איך

אַרויפגעטראָגען אין שטיבעל אַ גלאָז מילך מיט אַן אייער־קיכעל. ער האָט נאָך נישט געהאַט איבערגעביסען. ער איז שוין מעהר נישט געווען. בלויז אַ ספר איז געלעגען אָפען.

— אַ תהילים — זאָגט דער פרעמדער.

— יאָ — זאָגט סערעל — אַ תהילים.

זי פאַרטראַכט זיך אַ ווײַלע און זאָגט אַ טרויעריגע:

— די מילך איז געבליבען שטעהן.

זי זאָגט עס מיט אַזאַ טרויער, ווי עס וואָלט איהר נאָך איצט אַ שאָד געווען דאָס גלאָז מילך, וואָס איז געבליבען שטעהן.

— קוק איהם אָן נאָכאַמאָל — זאָגט דער רבי — סערעל, זאָל עס נישט זיין גרינג אין דיינע אויגען. זאָג, דערקענסטו איהם?

סערעל געהט צו נאָהענט צו דעם פרעמדען מאַן, ווי דער פאָטער איהרער הייסט. זי קוקט גוט אָן זיין הויכע ביינערדיגע געשטאַלט, זיינע קויל־שוואַרצע אויגען און באָרד. ווען פיהלט זיך פון איהם, שטויב, כּוח און וואַרעמקייט. אַ שוידער, אַ וואַרעמער ציטער, לויפט דורך אַלע איהרע גלידער.

— יאָ — זאָגט זי פעסט, גלויבענדיג אַליין, אַז זי דערקענט איהם — יאָ, יאָ.

דער רבי הויבט אויף די מאָכיגע ברעמען זיינע.

— סערעל — זאָגט ער — אפשר האָסטו נאָך סימנים! שעהם זיך נישט. אפשר האָסטו סימנים אויף זיין לייב?

סערעל לאָזט אַראָפּ די אויגען, שווייגט.

— טאָכטער — זאָגט דער רבי — ביסט אַן עגונה. זאָג!

— יאָ — זאָגט זי — ער האָט אַ העפּט אויף אַ זייט, צוגענעהט נאָך אַן אָפּעראַציע, וואָס מען האָט איהם געמאַכט קינדווייז.

זי פאַרהאַקט זיך אַ ווײַלע, פאַררויטעלט זיך און זאָגט:

— ער האָט אויך צוויי פעפערלעך אויף דער פּלייצע, איינס נעבען אַנדערען.

ישראל אביגדור! — באַפעהלט דער רבי — געה מיט'ן

אורח אין מקוה און זיי איהם בודק. און דו, סערעל, זעץ דיך צו אויף דער באַנק.

ישראל אביגדור געהט מיט דעם פרעמדען אַרויס דורך אַ זייטיגער טיר צו דער מקוה.

סערעל געהט צו צום פרעמדענס זאַק און נעמט איהם אין דער האַנט. זי נעמט דעם שטויביגען געלאַטעטען זאַק זעהר צאַרט. יעדער האָריגקייט און גראָבקייט זיינע מאַכט אויפקאָכען איהר בלוט. זי צערטעלט איהם. דער רבי גלאָצט מיט די פאַרברעמטע אויגען אַרום זיך און שווייגט. ישראל אביגדור קומט אינגיכען אָן מיט דעם פרעמדען.

— רבי — זאָגט ישראל אביגדור פייערליך — אַלץ איז ווי סערעלע זאָגט. איך האָב איהם געזעהן פון קאָפּ ביז די פיס, ר׳ נחום׳ען.

דער רבי הויבט זיך אויף. זיין אַלט פאַרכמורעט פנים שיינט. זיין גאַנצע גרינליך-מאָכיגע האָריגקייט שאָקעלט זיך.

— מזל-טוב! — זאָגט ער.

און דערנאָך געהט ער צו צו דער טאָכטער זיינער און זאָגט שטיל:

— זיי אַ כשר׳ע אידישע טאָכטער. איך וועל שוין זאָגען ישראל-אביגדור׳ן, ווען מען זאָל הייצען די מקוה...

אַ פייערדיגע רויטקייט באַגיסט סערעלס פליישיג פנים. זי שעהמט זיך די אויגען אויפצוהויבען.

דער רבי הייסט נאָך ישראל אביגדור׳ען, ער זאָל פאַר׳ן גאַסט באַשטעלען נייע בכבוד׳ע מלבושים. סערעלע וויל זיך אַריינמישען, זאָגען, אַז אַלע נחום׳טשעס מלבושים הענגען נאָך אין שאַפע, הענגען פונקט אַזוי, ווי ער האָט זיי איבערגעלאָזט, אַז זי האָט זיי די גאַנצע צייט אָפּגעהיטען, מיט נאַפטאַלין באַשאָטען, מילבען זאָלען זיי נישט צעפרעסען, און אויב זיי זאָלען באַר נישט זיין קליין און ענג, קאָן מען זיי אָנטון. אָבער זי שעהמט זיך אַ וואָרט אויסצורעדען. זי קאָן אפילו נישט אויסרעדען די צוויי ווערטער, די איינציגע צוויי ווערטער, וואָס שטעהען איהר שוין גאַנצע פופצעהן יאָהר אין האַלז:

פאַרוואָס, נחום'טשע?

מיט אויגען אַראָפּגעלאָזענע צו דער ערד זעהט זי בלויז דעם פרעמדענס צעריסענע פאַרשטויבטע שיך. קוים וואָס מען הערט, מורמעלט זי צום שוואַרצען מאַן:

— אפשר וועסטו געהן עסען?

דאָס ערשטע מאָל, וואָס זי זאָגט איהם איצט „דו".

## צוויי און צוואנציגסט קאַפּיטעל

די בשורה, אַז דעם רבינ׳ס איידעם נחום׳טשע איז צו־ריקגעקומען קיין ניעשאַווע, איז זיך צוגאַנגען איבער אַלע שטעט און שטעטלעך פון ביידע זייטן גרעניץ. חסידים האָבן גע־טרונקען לעקעך און בראָנפן און זיך אָפּגעגעבן מזל־טוב.

אויף שבת האָבן אַלע בכבוד׳ע ווייבער אין ניעשאַווע אָנגעקויפט די בעסטע ראָזשינקעס און צימרינג, פעטע קוגלען געמאַכט און געשיקט אין הויף צו סערעלע דעם רבינס.

— ליב אייך אייער גאַסט — האָבן געזאָגט די שליחים, אָפּדעקענדיג פאָרזיכטיג די אויבערטעלערלעך פון די קוגלען.

נגידים האָבן אויך צוגעשיקט ווײַן.

סערעלע האָט די אינגעלעך און די מיידעלעך, די שליחים, געטיילט ניס און מאַנדלען. די יושבים אין הויף האָבן געהאַט אַ גוטען שבת פון די אַלע קוגלען, וואָס סערעלע דעם רבינ׳ס האָט זיי אַוועקגעגעבן. דאָס שמאַלץ פון די קוגלען איז זיי איבער די בערד גערונען.

אויף דעם רבינ׳ס קינדער, אַלע טעכטער און זיהן, האָ־בען זייער שוועסטער מתנות געשיקט, קוגעל, פלעשלעך ווײַן און פרוכטען אין זילבערנע קוישעלעך. אָבער צופרידען זענען זיי נישט געווען פון דעם נייעם מענש אין הויף, ניין.

אַ סודות׳דיגער איז ער געקומען, דער פרעמדער, אַן אונפאַרשטענדלעכער, פול מיט שווייגען אי וועגן זיין אַוועקגעהן,

אי וועגען זיין צוריקקומען. קיין איין איינציג וואָרט האָט ער נישט געוואָלט רעדען, נישט וועגען זיין לעבען, נישט וועגען דעם אָרט, וואו ער איז געוועזען, נישט וועגען דעם נייעם צוריקקעהרען צום הויף. ער האָט בלויז אויסגעשטרעקט די האַנט, ווען מען האָט איהם שלום געגעבען און געשוויגען. אַפילו סערעלען האָט ער קיין וואָרט נישט געזאָגט. בלויז ביים אָנקומען האָט ער דעם רבי'ן עטליכע ווערטער געזאָגט:

— איך האָב אַזוי געדאַרפט.

מעהר איז פון איהם קיין וואָרט נישט געווען אַרויסצו-קריגען. דאָס האָט דעם עולם מיט סודות'דיגקייט אָנגעפיהלט, מיט מורא אַפילו. חסידים האָבען דערזעהן אין דעם גרויסקייט, באַהאַלטענקייט, הימלישע זאַכען. דערצו האָט ער זיך נישט געוויזען, דער צוריקגעקומענער. ער האָט געדאַווענט אַליין ביי זיך אין שטוב, נישט געקומען אין בית-המדרש, אַפילו צום רבינ'ס טיש זיך נישט געוויזען. פון די הויף-מענשען האָט מען נאָר געוואוסט, אַז ער זיצט כסדר ביי זיך אין שטיבעל און לערענט, אָדער ער געהט אום הין און צוריק איבער דער שטוב. פאַרטאָג זעהט מען איהם אַ מאָל דורכשאַרען זיך איבער דעם הויף צו דער מקוה, דורכשוועבען גיך, איילענדיג, מיט גרויסע אָפענע אויגען, וואָס קוקען נישט אויף קיין שום זאַך. אַ מאָל לאָזט ער זיך אויך אַרויס איינער אַליין צו די פעלדער אָדער גאָר צום גוטען-אָרט. פונקט ווי ער שאַרט זיך אַרויס אומגעריכט, פלוצלינג, אַזוי קומט ער אויך צוריק אומגעריכט און פלוצלינג. דאָס אַלץ האָט עפּעס געשראָקען, אָבער אויך אָנגעפיהלט מיט באַוואונדערונג, פּחד. און דעם רבינ'ס זיהן האָ-בען גענומען מורא האָבען פאַר דעם פרעמדען, ציטערן פאַר איהם.

דער רבי איז אַלט. מיט יעדען טאָג קריכט אויף איהם די עלטער מעהר אַרויף. ער זעהט אַלץ ערגער, הערט אַלץ וועניגער. אין הויף צווישען די קינדער זיינע איז נישטאָ קיין שלום. מען כאַפּט זיך אויס חסידים איינער ביים אַנדערען, מען באַרעדט זיך, מען מאַכט זיך וואָכעדיג אין די אויגען פון די

חסידים. דעם רבינ׳ס טעג זעהען אויס צו זיין געצעהלטע. זיי זענען אומרוהיג, דעם רבינ׳ס קינדער, זיי האָבען מורא, די חסידים זאָלען נישט לאָזען זיצען אַלע מיט אַנאַנדער און אַרי־בער דערנאָך צו איהם, דעם פרעמדען, דעם סודות׳דיגען.

אויך ישראל אביגדור דער גבאי האָט דערויף געאַרבעט.

ער האָט געוואָלט דערהאַלטען דאָס חסידות, ישראל אביגדור, דערהאַלטען עס אינגאַנצען, נישט צעבערקעלט. ער האָט געוואוסט, אַז יעדער וועט כאַפּען פאַר זיך און פאַר ניע־שאַווע דעם הויף נישט טראַכטען. און דער צוריקגעקומענער איז איהם אונטערגעקומען צו דער ריכטיגער צייט. ער איז איצט כסדר אַרומגעגאַנגען, דער ישראל אביגדור, צווישען די חסידים, איבערהויפּט צווישען די נגידים און שעהנע־אידען, ער האָט מכבד געווען יעדען מיט שאַרפען שמעק־טאַבעק, האָט געוויזען מיט אַ האָריגען פינגער צום ווינקעל הויף, וואו דער צוריקגע־קומענער זיצט פאַרשלאָסען, און געזאָגט מיט אַ זעהר שטיל סודות׳דיגען קול:

— אידען, עך זאָג אייך, ס׳איז נישט גלאַטיג.

— ניין, ישראל אביגדור — האָבען אַלטע אידען צוגע־שאָקעלט מיט מורא — גאָרנישט פשוט, ניין...

אויך דער רבי ר׳ מלך אַליין איז געווען פול מיט פאַר־וואונדערונג, אונרוהיגקייט.

ער האָט מיט׳ן צוריקגעקומענעם ווייניג גערעדט. ער האָט בכלל ווייניג גערעדט איצט, דער ניעשאַווער. ער איז געווען שוואַך און דאָס רעדען איז איהם אָנגעקומען שווער. דערצו האָט דער פרעמדער נישט געענטפערט. אַפילו ווען דער רבי האָט איהם דערצעהלט, ווי אַזוי דער פאָטער זיינער, דער ראַכ־מאַני וו קער, און די מוטער זענען פון עגמת־נפש פון דער וועלט אַוועק, האָט ער געשוויגען. בלויז איין וואָרט האָט ער געזאָגט — כ׳ווייס.

מעהר גאָרנישט. און דער אַלטער האָט מורא געהאַט, אַליין נישט געוואוסט וואָס צו טראַכטען. ער האָט געלאָזט

רופען סערעל׳ען, כדי ביי איהר עפעס צו דערגעהן. אָבער אויך זי האָט גאָרנישט געוואוסט.

— איז ער דיר אַ מאַן? — האָט דער רבי געפרעגט.

— ווי אַמאָל — האָט זי געזאָגט און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— רעדט ער מיט דיר? — האָט דער רבי געוואָלט וויסען.

— ניין — האָט זי געזאָגט — ער זיצט בלויז ביי די ספרים, פאַרשליסט זיך. איך האָב מורא מיט איהם צו רעדען, און ער שווייגט.

דער רבי האָט מעהר נישט געפרעגט.

— נו, געה — האָט ער זי אַרויסגעשיקט פון שטוב, ווי שטעהנדיג — נו, געה, געה.

זיין פּחד פאַר׳ן צוריקגעקומענעם איז נאָך שטאַרקער געוואָרען.

— נישט משיג צו זיין איהם — האָט ער געזאָגט ישראל אביגדור׳ען.

ישראל אביגדור האָט דעם רבי׳ס ווערטער גלייך פאַנאַנ־דערגעטראָגען. אידען האָבען היילינקייט אין זיך דערפיהלט. ווייבער האָבען אַפילו באַצייטענס גענומען באַלאַגערען דעם צו־ריקגעקומענעמס שטוב. זיי האָבען גלייך דערשמעקט אין איהם אַ צדיק, אַ גרויסען בעל־מופת.

פון ניעשאַוועד האָבען זיי וועניג נחת געהאַט, די ווייבער. וואָס עלטער ער איז געוואָרען, אַלץ מעהר האָט ער גע־טריבען די ווייבער פון זיך. ער האָט אָפּגעזאָגט ישראל אביגדור׳ען, ער זאָל זיי אויף דער שוועל נישט לאָזען. ישראל אביגדור האָט טאַקע זיי געטריבען, געיאָגט, אָבער נישט שטענדיג האָט ער געקענט ביישטעהן דעם נסיון פון געלט. פאַר אַ רייניש האָט ער פאַרגעסען שטעהן ביים רבי׳נס טיר, און די ווייבער האָבען זיך אַריינגעקראָגען. אָבער דער רבי האָט די וויינענ־דיגע ווייבער אפילו נישט געוואָלט ענטפערען.

— — נו, געה, געה! — האָט ער געטריבען פון זיך — כ׳האָב נישט קיין כוח.

טאָמער האָט זיך אַ אידענע גאָר שטאַרק צוגעטשעפּעט, דורכאויס געוואָלט באַלד געהאָלפען ווערען, האָט דער רבי ר׳ מלך געשאָלטען.

— צו אַלדע שוואַרצע יאָהר געהטס — האָט ער געברומט — וואָס האָט איהר זיך אָנגעטשעפּעט אין מיר? פּאָהרטס ערגעץ אַנדערש, ס׳פעהלען נישט קיין רבי״ס.

דעם רבינ׳ס זיהן האָבען אַפילו די ווייבער מקרב געווען, גענומען ביי זיי קוויטלעך, געלד, אָבער ווי נאָר דער פרעמ־דער איז געקומען, האָבען זיי גלייך גענומען שאַרען זיך צו זיין אָפּגעשלאָסענער שטוב.

— הייליגער צדיק! — האָבען זיי געוויינט הינטער סע־רעלע׳ס פענסטער — לאָזט אַריין אַן אומגליקליכע מאַמע.

קיינער האָט זיך פון דאָרט נישט אָפּגערופען.

פון שטעט און שטעטלעך זענען אידען געקומען, אַבי צו זעהן דעם רבינ׳ס איידעם. לומדים האָבען געוואָלט שמועסען מיט איהם אין לערנען. יונגעלייטלעך, וואָס האָבען געהאַלטען ביי אַוועקוואַרפען ווייב און קינדער און אָפּגעבען זיך בלויז מיט אידישקייט, האָבען שטאַרק חשק געהאַט זיך פרעגען ביים רבינ׳ס איידעם וועגען אַ וועג. מקובלים האָבען דערשמעקט באַ־האַלטענע זאַכען און געקומען צו פאָהרען, כדי צו דערגעהן הימלישע זאַכען. נאָר דער צוריקגעקומענער האָט נישט צוגע־לאָזט צו זיך. ער האָט זיך געהאַלטען פאַרמאַכט, פאַרשלאָסען אויף זיבען שלעסער. דאָס האָט נאָך מעהר געצויגען צו איהם, דערנעהנטערט.

דעם רבינ׳ס זיהן זענען אַרומגעגאַנגען בלייכע, דערשראָ־קענע. זיי האָבען געוואוסט, אַז שוין נישט איינמאָל איז עס שוין אַזוי געשעהן אין רבי׳שע הויפען. נישט איינמאָל האָבען חסידים מיט אַמאָל פאַרלאָזען אַלע יורשים פון אַ רבי׳ן און אַוועק צו אַ פרעמדען, אַפילו צו אַ חסיד, נישט קיין רבינ׳ס קינד. איבערהויפּט טרעפט עס אין הויפען, וואו קינדער זענען דאָ אַ סך און דער פאָטער זיצט לאַנג, צו לאַנג, אויף דער שטוהל. זיי האָבען געוואוסט, אַז אַ רבי׳ן טאָר מען נישט צופיל

זעהן, צופיל זיך צוגעוועהנען צו איהם. ער ווערט וואָכעדיג, ביליג. און זיי, דעם רבינ'ס קינדער, זעהט מען שוין צופיל, צו לאַנג זענען זיי אַלץ קינדער, קינדער מיט גרויע בערד. זיי האָבען אַפילו אויפגעהערט אַרומרייסען זיך צווישען זיך, געבומען לעבען בשלום, כדי צוזאַמען זיך צו האַלטען געגען דעם פרעמדען, וואָס האָט זיך דאָ אַריינגעריסען.

זיי האָבען, אמת, מיט איהם נישט גערעדט, נישט געוואוסט, וואָס דער דאָזיגער משוגה'דיגער מענש מיינט, וואָס אַזוינס ער וויל. ער האָט מיט זיי נישט געוואָלט רעדען. ער האָט נישט געוואָלט געהן צו זיי, ווען זיי האָבען איהם פאַר. בעטען צו זיך, נישט געוואָלט זיי זעהן, ווען זיי זענען געקומען צו איהם. אַ חוץ שלום-עליכם, וואָס ער האָט זיי צוריקגעענטפערט, האָט ער מיט זיי קיין איין איינציג וואָרט נישט אויסגערעדט, געשוויגען ווי אַ שטומער. אָבער פאַרשטאַנען האָבען זיי, אַז ער וויל די רבי'שע שטוהל, אַז ער וויל געהן אויף זייער לעבען, אַז נישט נאָר ער וויל אַביסעל עולם איבערנעמען, נאָר דעם גאַנצען, נישט איבערלאָזען זיי, די אמת'ע יורשים, אַפילו קיין איין חסיד נישט. וואָרום אויב נישט, טאָ צו וואָס איז ער פלוצלינג צוריקגעקומען? און פאַרוואָס איז ער אַזוי שווייגענדיג? און פאַרוואָס פאַרשליסט ער זיך אַזוי?

זיי האָבען אויך פרובירט ווערען אַנדערש, מאַכען אויסטערלישע האַוואַיעס, רעדען אומפאַרשטענדליכע רייד, געהן מיט משוגה'דיגע געננ, אָבער קיינער האָט זיך דערמיט נישט אינטערעסירט, קיינער האָט וועגען דעם נישט גערעדט. מען האָט נאָר גערעדט וועגען דעם צוריקגעקומענעם.

— ער וועט נאָך נעמען פיהרעןביים טאַטענס לעבען — האָבען זיי געזאָגט איינער צום אַנדערען — דער עולם קלעפּט שוין צו איהם מעהר ווי צום טאַטען.

וואָס איז דער וואונדער, אַז דער טאַטע דערקענט שוין קוים עמיצען, איז ער נישט מקרב...

— איבערהויפּט האָבען זיי מורא געהאַט פאַר די ימים-נוראים,

וואָס האָבען זיך דערנעהנטערט, פאַר די פאָרכטיגע טעג, ווען אידען וואַרטען אויף הייליגקייט, אויף נסים.

באַלד פון אָנהויב אלול זענען שוין הונדערטער יונגעלייט אָנגעקומען קיין ביעשאַווע, כדי צו זיין איבער דעם גאַנצען חודש פון תשובה ביים רבי'ן. צו די ערשטע סליחות זענען אידען לומדים, שעהנע־אידען אָנגעקומען, און צו ראש־השנה אַליין זענען אָנגעפאָהרען חסידים פון אַלע עקען. עס זענען געקומען פון גאַליצישע שטעטלעך אידען מיט זשופּיצעס און פּיאות, און עס זענען געקומען דייטשען אין צילינדערס פון וויען און פּראָג. עס זענען געקומען דיקע אידען פון אונגאַרן, וואָס קושען דעם רבי'ן אין דער האַנט און לערנען גמרא אויף אונגאַריש, און עס זענען געקומען אידען פון רוסיש־פּוילען, אידען מיט קליינע היטעלעך און גרויסע בערד, וואָס די גאַלי־ציאַנער האַלטען זיי פאַר ליטוואַקעס, אַפּיקורסים.

גאַנצע מחנות האָבען זיי זיך צונויפגענומען, די אידען פון יענער זייט גרעניץ, געשוואַרצט זיך ביינאַכט איבער דער עסטרייכישער גרעניץ, געשאַרט זיך איבער פעלדער און וועל־דער, איבער טייכלעך געקראָכען אין די קליידער, ס'לעבען זיך איינגעשטעלט, אַבי צו זיין ראש־השנה און יום־כיפור אין ביע־שאַווע. פון רוסלאַנד זענען קורץ־געקליידעטע גבירים געקומען מיט אויסלענדישע פּעסער און מיט דער צווייטער קלאַס. קיינ־מאָל זענען נאָך אַזויפיל חסידים נישט געקומען אויף די ימים־נוראים קיין ביעשאַווע. אַלע האָבען געוואָלט זעהן דעם רבי'נס איידעם, דעם צוריקגעקומענעם.

איבער דער גאַנצער וואָך פון סליחות האָט זיך דער פרעמדער נישט געוויזען. חסידים האָבען געוואַרט, ביי יעדער סקריפּ פון דער טיר האָט מען אויסגעדרעהט די קעפּ, טאָמער קומט ער. אָבער ער האָט זיך נישט געוויזען.

— סליחות אפילו זאָגט ער פאַר זיך, אָהן מנין? — האָ־בען אידען נישט פאַרשטאַנען.

— מסתמא ווייסט ער, וואָס ער טוט — האָט ישראל אביגדור סודות'דיג געזאָגט.

ראש-השנה פאַרנאַכט צום דאַווענען האָט ער זיך באַווי-
זען. אַ שוואַרץ-בערדיגער, אַ ביינערדיגער, מיט גרויסע שוואַר-
צע אָפענע אויגען, וואָס זעהען קיין זאַך נישט, האָט ער פלוצ-
לינג דורכגעשוועבט דאָס בית-המדרש און גלייך פאַרשטעקט זיך
אין אַווינקעל, קיינער זאָל איהם נישט זעהן. אַלע אויגען
האָבען זיך גלייך צוגעקלעבט צום דאָזיגען ווינקעל. איבער דער
גאַנצער צייט פון דאַוונען האָט מען בלויז געזעהן זיין פלייצע,
די גלאַנציג אַטלעסענע פלייצע, וואָס באַוועגט זיך נישט, נאָר
שטעהט פאַרגליווערט אויף אַן אָרט. מען האָט נישט מעהר גע-
זעהן דעם רבי'נס שווערע פלייצע, וועלכע איז פון אַזוי פיל
יאָהרען געווען דער פונקט פון אַלעם, פון אַלע אויגען, נאָר
די גלייכע ביינערדיגע פלייצע פון פרעמדען, די קרעפטיגע און
פאַרגליווערטע. דעם רבינ'ס זיהן האָבען עס, אינמיטען גרעסטען
שאָקלען זיך, גוט געזעהן.

נאָכ'ן דאַוונען האָט ער זיך געוואָלט פונקט אַזוי דורכ-
שאַרען אַזוי ווי ער איז אַריינגעקומען, אָבער אַ וואַנט חסידים
האָט זיך איהם געשטעלט אין וועג. נאָך מעהר ווי אַרום רבי'ן,
האָט זיך דער עולם געשאַרט אַרום דעם הויכען ביינערדיגען
שוואַרצען מענש אין ווינקעל בית-המדרש, געשטופט זיך, גע-
שטעקט הענט און געוואונשען:

— לשנה טובה תכתבו.

ער האָט געוואָלט דורכגעהן, אָבער מען האָט איהם נישט
געלאָזט. טויזענטער הענט האָבען זיך געשטרעקט. דעם רבי'נס
זיהן זענען געשטאַנען בלאַסע. דאָס, פאַרוואָס זיי האָבען אַזוי
מורא געהאַט, איז געקומען. אין דעם שטופעניש פון די חסידים,
אין זייער הענט אויסשטרעקען, אין זייערע אויגען, איז שוין
געלעגען דער גרויסער דרך-ארץ, ווי צו אַ רבי'ן.

אָבער מיטאַמאָל איז געשעהן אַ שרעקליכע זאַך.

אין מיטען אַלע הענט שטעקען און ווינשעענישען, האָט
זיך פלוצלינג אַ פרעמד קול, נישט קיין ראש-השנה'דיגס, אַ וואָ-
כעדיגס, אַ צאָרנדיגס, דורכגעריסען און דאָס גאַנצע בית-
המדרש דורכגעשניטען.

— אידען, געוואַלד! — האָט אַ קול אויסגערופען — אידען, געוואַלד געשריגען!

געמיינט האָט מען, אַז דאָס האָט מען עמיצען צוגעדריקט, ווי עס טרעפט ביי נעמען שלום, אַז עמיצען איז נישט גוט געוואָרען.

— וואַסער! — האָט מען געדופען — וואַסער

אָבער דאָס קול האָט נישט אויפגעהערט שרייען:

— אידען, אַ חילול-השם! אידען, וואָס טוט איהר?

דער עולם איז פאַרשטיינערט געוואָרען.

אין מיטען פון עולם איז געשטאַנען אַ איד, אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַ ברייטער, גרויער, בייזער באָרד און מיט אַ רויט-פייערדיגער נאָז. מיט ביידע דאַרע הענט האָט ער גע-וואָרפען אינדערלופטען און געשריגען.

מען האָט איהם געקענט דעם דאָזיגען אידען. דאָס איז געוועזען ר׳ שכנא דיין פון ביאַלאָגורע, וואָס איז אָפט געקומען קיין ניעשאַווע זיך קריגען. נאָך ר׳ מאיר׳ל דעם רב׳ס טויט אין ביאַלאָגורע, האָט ער, ר׳ שכנא, געוואָלט איבערנעמען דאָס רבנות אין שטאָט, כדי דאָס דיינות זיינס אַוועקצוגעבען אין נדן אַ חתן-בחור, אַ למדן, וואָס זאָל דערפאַר נעמען זיין פאַרזעסענע טאָכטער. אָבער די ניעשאַווער חסידים פון ביאַלאָ-גורע האָבען איהם נישט געוואָלט צולאָזען צום רבנות, ווייל ער איז געווען אַ מתנגד, האָט גערעדט אויף גוטע-אידען און אויף חסידים. ר׳ שכנא האָט זיך נישט געלאָזט. אַ איד אַן עקשן, אַ זוכער פון גערעכטיגקייט, האָט ער געפיהרט מלחמה און אָפט אַריבערגעפאָהרען קיין ניעשאַווע, כדי צו דערגרייכען ביים רבי׳ן זיינס. דער רבי האָט איהם נישט געענטפערט, ישראל אַביגדור האָט איהם נישט צוגעלאָזט צום רבי׳ן, אָבער ר׳ שכנא איז נישט אָפגעטראָטען. אויך אויף ראש-השנה איז ער געקומען. ער האָט געוואָלט אין ניעשאַווע טרעפען דעם רב, וואָס די ניעשאַווער חסידים ווילען אַריינזעצען אין זיין ביאַלאָגורע, און איהם רופען צו אַ דין-תורה טאַקע אין עשרת-ימי-תשובה. איצט איז ער געשטאַנען אין מיט׳ן בית-המדרש

אַ הויכער, אַ קנאָכיגער, אַ צאָרניגער, מיט אַ רויטער נאָז, וואָס שפּריצט פייער אַרום זיך. ער האָט געשריגען ביז הייזע-ריג ווערען:

— אידען, שעהמט אייך! אידען, איך וועל נישט שווייגען!...

חסידים האָבען איהם אַרומגערינגעלט, פאַר די הענט איהם גענומען. ער האָט זיך אַרויסגעריסען. מיט גרויס ברען, אַוועקשאַרענדיג אַלע פון זיך, האָט ער זיך גיך געמאַכט אַ וועג צווישען עולם. ער איז האַסטיג צוגעלאָפען צו דעם רבינ'ס איידעם און אויפגעהויבען אויף איהם ביידע הענט.

— יאָשע! — האָט ער געשריגען — וועה איז מיר... יאָשע קאַלב!...

די אידען אין בית-המדרש זענען פאַרגליווערט געוואָרען.

— געמטס איהם צו — האָבען זיך געהערט קולות — ער איז משוגע געוואָרען! וואַרפטס איהם אַרויס, דעם מתנגד!

הענט פון אַלע זייטען האָבען זיך געגעבען אַ ציה צום דיין. אָבער ער האָט זיך נישט געלאָזט ריהרען פון אָרט. אַן אויסערגעוועהנליכען כוח האָט דער דאַרער אַלטער איד איצט געהאַט.

— אידען! — האָט ער געררופען — זייט וויסען, אַז מען האָט אייך גענאַרט! אידען, דאָס איז נישט דעם רבינ'ס איידעם, דאָס איז יאָשע פון ביאַלאָגורע, יאָשע קאַלב, אַ פושע-ישראל.

אידען האָבען זיך געכאַפּט פאַר די אויערען.

— פאַרשטאָפּט איהם דאָס מויל! — האָט מען געשריגען — מיט די גאַרטלען איהם בינדען!

אָבער דאָ זענען דעם רבינ'ס אַלע זיהן מיטאַמאָל אויס-געוואַקסען און זיך געשטעלט, ווי אַ וואַנט, פאַר דעם דיין דעם מתנגד.

— אידען! — האָבען זיי געררופען — טשעפּעט נישט קיין תלמיד-חכם, אַ רב! לאָמיר הערען, וואָס ער רעדט. ס'איז ראש השנה.

אין איין אויגענבליק איז ר' שכנא געשטאַנען אויפ'ן בע-לעמער און געקלאַפּט אין טיש.

— אידען! — האָט ער אויסגערופען — איך בין ביים קלאָרען זינען. אידען, איך שווער ביים הייליגען טאָג ראש־השנה, אַז דער איד, וואָס שטעהט דאָ פאַר אייך, איז יאָשע, וואָס מען רופט איהם מיט'ן צונאָמען קאַלב, פון דער שטאָט ביאַלאָגורע. ער האָט, לא עלינו, דאָרט פאַרפיהרט אַ אידישע טאָכטער, די טאָכטער פון שטאָטישען שמש קנה. דאָס האָט, נישט פאַר קיין אידישע שטאָט געדאַכט, געבראַכט צו אַ מגפה. דערנאָך האָט דאָס בית־דין איהם חתונה געמאַכט מיט דער בתולה, אָבער אין דער נאַכט פון דער חופה איז ער אַוועק און איבערגעלאָזט אַ אידישע טאָכטער אַן עגונה. אידען, איך קאָן שווערען דערויף ביי אַן ארון־קודש. אידען, אַ גאַנצע שטאָט מיט עדות קאָן איך ברענגען.

אַזוי גיך ווי ער איז אַרויפגעלאָפען אויפ'ן בעלעמער, איז ער צוריק אַראָפגעלאָפען, געלאָזט זיך צום צוריקגעקומענעם און געהויבען איהם ביידע פויסטען אין פנים.

— לייקען! — האָט ער געשריגען — לייקען, אַז דו ביסט נישט יאָשע קאַלב!

דער צוריקגעקומענער האָט קיין וואָרט נישט גערעדט. מיט אויגען גרויסע, אָפענע, וואָס זעהען נישט קיין שום זאַך אַרום זיך, האָט ער אויף דעם פרייענדיגען אידען אַ בליק געטון און אַוועקגעגאַנגען, אַוועקגעגאַנגען האַסטיג, מיט גיכע גלייכע און פעסטע טריט, פונקט ווי ער איז אַריינגעקומען.

און אַלע זענען געבליבען פאַרשטיינערט, דערשלאָגען. אַ טרויער האָט זיך פלוצלינג אויסגעלייגט איבער דעם גרויסען באַלויכטענעם יום־טוב'דיגען בית־המדרש, איבער אַלע קעפ.

— אידען, לאָמיר געהן צום רבי'ן! — האָבען קולות געשריען — צום רבי'ן!

דער גאַנצער עולם האָט געשפּאַרט צום רבינ'ס טיר.

## דרייאונצוואַנציגסטע קאַפּיטעל

ווי אַן אָנגעגליהטער שטיין אין אַ פאַס וואַסער, זענען אַריינגעפאַלען די הייסע רייד פון ר׳ שכנא דיין אין ניעשאַוועֿר הויף אַריין.

דער רבי ר׳ מלך האָט נישט געלאָזט פאַלען קיין שטוי־בעלע אויף זיין איידעם.

— עך וועל איהם אויסרייסען, דעם ביאַלאָגורער דיין, פאַר מאַכען אַ בילבול אויף מיין קינד! — האָט ער זיך גע־קאָכט — כ׳וועל הייסען מיינע חסידים, זיי זאָלען איהם מיט שטעקענס אַרויסיאָגען פון שטאָט!

אַ חשק צו מלחמה, צו לעבען האָט מיטאַמאָל אויפגע־וואַכט אין דעם אַלטען דרימלענדיגען רבי׳ן, ווי אין די אַמאָ־ליגע יאָהרען.

ישראל אביגדור האָט דעם רבי׳נס רייד גלייך פאַנאַנדער־געטראָגען.

געגען דעם רבי׳ן האָבען זיך אַוועקגעשטעלט זיינע זיהן. זיי האָבען פאַרגעסען איצט אַלע מחלוקת׳ן, אַרומרייסענישען. אַלע האָבען זיי זיך געהאַלטען איינס, אָפגעהאַלטען שטילע אסיפות, אין יום־טוב נאָך, און גלייך מוצאי ראש־השנה אַן אייגענעם מענש, צוזאַמען מיט ר׳ שכנא דיין, קיין ביאַלאָגורע אַוועקגעשיקט.

זיי האָבען גיך צווישען זיך געלט צונויפגענומען, געדונגען

זיך געגעגנזייטיג, און דאָך אַ סך ריינישען אָנגעזאַמעלט. דאָס געלט האָבען זיי איבערגעגעבען דעם שליח און איהם צעהנד־ליגער מאָל אָנגעזאָגט:

— פאָהר־זשע פייביש מאיר, און זעה, דעם קנה שמש מיט זיין טאָכטער בײַ די אויערען צו ברענגען קיין ניעשאַווע. טאָמער וועלען זיי וועלען געלט, זאָלסטו זיי געבען. פאָהר און זײַ מצליח.

פייביש מאיר, אַ הויפּישער קאָכלעפעל, אַ רכילות׳ניק און אַ דם־שונא פון ישראל אַביגדור דעם גבאי, וואָס לאָזט איהם נישט צו צו דער שיסעל, האָט די ריינישען איינגענעהט אין אויסגעקראָכענעם פוטערל זיינעם, וואָס ער האָט מיטגענומען אין וועג, כאָטש עס איז נאָך געווען וואַרעם, און שוין אויף דער ברישקע, וואָס פיהרט צו דער באַהן, האָט ער גענומען זאָגען תּפילת־הדרך, אַ לאַנגע תּפילה, גאָט זאָל איהם אָפּהיטען פון שלעכטע מענשען, גזלנים און בייזע חיות. ר׳ שכנא דיין האָט אויפ׳ן גאַנצען וועג פון ניעשאַווע ביז ביאַלאָגורע נישט אויפגעהערט שנייצען די רויטע נאָז אין דער פאַטשיילע און ברומען.

— כ׳זאָל אַפילו וויסען צו געהן איבער די הייזער — האָט ער געשריגען — וועל איך בלייבען ביי מיינס, שרייען אומעטום, אַז דאָס איז יאָשע קאַלב. אַ וועלט איז נישט הפקר.

גלייך מיט׳ן אָנקומען קיין ביאַלאָגורע, ווי נאָר ער האָט זיין שפּיץ רויטע נאָז באַוויזען, האָט ער אַ פייער אין שטאָט אָנגעצונדען.

באַלד פון דער באַלעגאָלישער בויד אַראָפּ, נישט אַהיים־געהענדיג אַפילו, איז ער גיך געלאָפען אין שטאָטישען בית־המדרש און פון בעלעמער אַראָפּ געגומען מאַכען קולות:

— אידען, אַ פייער ברענט אין ניעשאַווער הויף! אידען, יאָשע קאַלב וואוינט מיט׳ן רבינ׳ס טאָכטער!

ניעשאַווער חסידים מיט זייערע אייביגע שונאים, די גאָרביצער חסידים, האָבען גלייך זיך גענומען טיילען פעטש.

פייביש מאיר דער ניעשאַווער שליח האָט נישט געדאַרפט

שלעפּען בײַ די אויערען קנה שמש און זײַן טאָכטער קיין ניעשאַווע, ווי דעם רבינ׳ס זיהן האָבען איהם אָנגעזאָגט. זיי זענען אַליין געקומען בעטען, מען זאָל זיי מיטנעמען. אויך האָט ער נישט באַדאַרפט אויפטרעגען דאָס אויסגעקראָכענע פּוטערל זײַנס, כּדי צו געבען זיי געלט, וואָס ער האָט געהאַט אײַנגעגעהט. ער האָט געוואָלט פאָהרען פאַר אייגען געלט, קנה, אויך זײַן טאָכטער צביה אויף אייגענעם חשבּון מיטנעמען. ער האָט געיאָגט, יעדע איבעריגע מינוט איז איהם געווען צופּיל.

פּונקט אַזוי האָט געיאָגט ר׳ שכנא דיין. ער האָט פאַרגעסען אין רבנות, וואָס ער האָט געוואָלט איבערנעמען, פאַרגעסען אין דער פאַרזעסענער טאָכטער זײַנער, וואָס מ׳דאַרף זי חתונה מאַכען. ער האָט זיך נישט געוואָלט אָפּרוהען, נישט געוואָלט קיין שאלה פּסק׳ענען, נאָר געריסען זיך קיין ניעשאַווע. וויפיל די ביאַלאָגורער באַלעבאַטים האָבען איהם נישט אײַנגערעדט, ער זאָל פאַרבלײַבען אין שטאָט, ווײַל עס איז נישטאָ קיין רב דערווײַל און מען קאָן קיין שטאָט נישט איבערלאָזען אויף הפקר, האָט ר׳ שכנא נישט געוואָלט הערען.

— ס׳איז נאָך דאָ אַ תורה בײַ אידען — האָט ער געשריגען — אפילו פאַר רבי׳ס... איך וועל נישט לאָזען. אויף דער גאַנצער וועלט וועל איך שרײַען, אַז אין ניעשאַווע וואוינט דעם רבי׳נס טאָכטער מיט אַ פרעמדען מאַן.

אידען חסידים האָבען איבערגעלאָזט די קראָמען, דעם מאַרק און געריסען זיך קיין ניעשאַווע. עס זענען געפאָהרען ניעשאַווער חסידים. זיי האָבען באַלד געוואוסט, אַז דאָס איז אַ בּלבול, אַ רשעות פון דעם דיין דעם מתנגד, וואָס מען לאָזט איהם נישט זײַן קיין רב אין שטאָט. זיי האָבען שוין געזעהן די מפּלה פון דעם דיין און פון אַלע ניעשאַווער שונאים. אַז מען וועט איהם, דעם שײגאַץ, דעם שכנא דיין, אַרויסטרײַבען מיט שטעקענס פון שטאָט, זענען זיי געווען זיכער. אָבער דאָס איז זיי נישט געווען גענוג. זיי האָבען נישט געקענט וואַרטען אַזוי לאַנג. זיי האָבען געוואָלט באַצײַטענס איהם אויסרײַסען, טאַקע נאָך אין ניעשאַווע אַליין, זעהן די מפּלה זײַנע אויפ׳ן

אָרט, טאַקע אין הויפּישען בית-המדרש, וואו מען וועט דאָס איהם אָוועקלייגען אויפ׳ן טיש און מען וועט איהם שמייסען, וויפיל נאָר עס וועט אין איהם אַריין, דעם משומד. און זיי האָבען איבערגעלאָזט אַלע געשעפטען און געפאָהרען קיין קיר״ה.

עס זענען געפאָהרען חסידים פון אַנדערע רבי׳ס, איבער-הויפּט די גאָרביצער, כדי צו דערלעבען אַ נקמה אין זייערע שונאים, די ניעשאַווער.

עס איז אויך געפאָהרען אַביש קצב. ווי נאָר ער האָט דערהערט די מעשה מיט יאָשע קאַלב, האָט איהם גלייך גענו-מען קיצלען אין די הענט. ער האָט איבערגעלאָזט די יאַטקע זיינע, מיט די העק, קלעצער און ווייבער, און געריבען זיך די הענט פון נחת.

— אַ קאַלב איז דאָס? — האָט ער געשריגען — אַ ביק, ווי יעך בין אַ איד געבוירען!...

אין זעלבען טאָג נאָך, טאַקע אין צום-גדליה אַליין, האָט ר׳ זיינוועל מוילעכער, דער זעלבער ר׳ זיינוועל, וואָס האָט באַ-האַלטען קאָנטראַבאַנדע ביי קנה שמש אויפ׳ן גוטען-אָרט, אַוועק-געפיהרט דעם גאַנצען עולם צו דער גרענעץ. מען האָט זיך נישט געקענט דערוואַרטען ביז מען וועט קריגען פון דער פּאָ-ליציי גרענעץ-צעטלען. די מינוט האָט געברענט. ר׳ זיינוועל האָט זיך געזעהן מיט׳ן וואַכמייסטער פון דער גרענעץ-וואַך, אָפּגעצאָהלט איהם אַ רובעל פון אַ קאָפּ און אָפּגעמאַכט מיט איהם, אַז ער אַליין, דער וואַכמייסטער, זאָל שטעהן אויף דער וואַך. דער וואַכמייסטער האָט זיך געדונגען. ער האָט נאָך געוואָלט פון ר׳ זיינוועלען אַ פּעסעלע עסטרייכישען גליה-וויין פאַר די סאָלדאַטען זיינע און פאַר זיך אַ זילבערנעם רובעל אויף אַ מיידעל.

— אָהן אַ מיידעל, זאַנוועל — האָט ער גע׳טענה׳ט — וועל איך הערען ווי מען געהט, ביי גאָט!...

ר׳ זיינוועל האָט אָפּגעדונגען אַ האַלבען רובעל פון מיי-דעלס לוין און דער וואַכמייסטער האָט איינגעפּאַטשט.

עטליכע שעה צייט איז דער עולם געלעגען אין די פויע־רישע שייערען אין דער פינסטער און זיך שטילערהייט געקריגט.

— ניעשאַוער בהמות! — האָבען די גאָרביצער חסידים געלאַכט — דער רבי איירער האָט זיך געלאָזט פיהרען אין באָד אַריין פון יאָשע קאַלב...

— גאָרביצער שקאָצים — האָבען די ניעשאַוער געשריגען פון היי אַרויס — לאָמיר נאָר קומען קיין ניעשאַווע, וועט מען שוין לערנען מיט אייך בלק.

אַביש האָט זיך אין דער פינסטער געטשעפעט מיט צביה דעם שמש׳ס. זי האָט געהירזשעט ווי אַ פערד.

— הי, הי, הי, אַבישעל, הי, הי...

זיינוועל׳ס גוים, די גרענעץ־פיהרער, האָבען געשאָלטען, געשפיגען.

— שווייגט, פאַרשאָלטענע, מען וועט נאָך דערהערען — האָבען זיי געבורטשעט.

אין מיטען נאַכט האָט זיינוועל אַלעמען דורך אַ טייכעל דורכגעפיהרט. דער וואַך־מייסטער האָט קיין איין פליוסק אין וואַ־סער נישט געהערט, ווי עס איז געווען אָפּגערעדט.

— שוין קיר״ה — האָט זיינוועל מוילעכער געזאָגט, ווי נאָר מען איז אַריבער אויף יענער זייט ברעג — ציהט אַראָפּ די שטיוועל און טריקענט אויס די נאַסע פיס.

אָבער די אידען האָבען איהם אפילו נישט געהערט. זיי האָבען זיך גלייך געלאָזט צום קליינעם דאָרפישען עסטרייכישען וואַקזאַלעכעל, וואָס בליצט מיט אַ נאַפט־לאַמטערן אין דער פינ־סטערניש. זיי זיַנען אַלע אַריין אין איין וואַגאָן פון דער שמאָלער עסטרייכישער באַהן און גענומען זיך קריגען אויפ׳ן קול אַזוי אַ גאַנצע נאַכט, ביז סאַמע ניעשאַווע.

---

אַ גאַנצען טאָג, פון באַלד אין דער פריה אָן, האָבען די ביאַלאָגורער אידען אַרומגעבלאָנקעט איבער׳ן ניעשאַווער הויף און נישט געקאָנט זיך דערשלאָגען צום רבי׳ן.

ישראל אביגדור האָט קיין שום גוטס פון די דאָזיגע ביאַ-לאָגורער געסט נישט ערוואַרט, און ער האָט זיך נישט געאײַלט ווי אַרײַנצולאָזען.

— מ'קען נאָך נישט — האָט ער געענטפערט בײַז — שפּעטער, מאָרגען.

די ניעשאַווער, וואָס האָבען אַזוי געחלש'ט דעם גאַנצען וועג צו קומען שוין אין רבינ'ס הויף, האָבען גלײַך דאָ אַראָפּ-געלאָזט די נעזער. עפּעס האָט געשמעקט מיט מרה־שחורה אין רבינ'ס הויף, מיט אבלות. פּונקט אַזוי זענען די גאָרביצער גע-וואָרען בײַ זיך האָפערדיג. זיי האָבען גלײַך אויסגעזוכט אין ניעשאַווע עטליכע אייגענע מענשען, גאָרביצער חסידים, און געפּראַוועט אַ סעודה'לע.

— לחיים! — האָבען זיי זיך געוואונשען מיט קוראַזש — מען זאָל הערען גוטע בשורות.

קנה שמש און זיין טאָכטער צביה האָבען געלעבט אַ טאָג. פייביש מייער האָט פון דער הויפישער קיך געשיקט זיי פון אַלעם גוטען, געבזענע פולקעס און הינערנע פּופּיקלעך. זיי זענען געזעסען אויפ'ן הויף ביים פלומפּ, דער טאַטע מיט דער טאָכטער, געקייט פּאַמעלעך די גוטע מאכלים און געוואָרפען ברעקלעך פאַר די פאַרבלאָנזשעטע היהנער, וואָס קומען אין הויף זיך אונטערהאַלטען די הערצער.

— טאַטע, גוט עסען — האָט צביה געזאָגט מיט אַ פול מויל אָנגעפּאַקט מיט פליייש.

— עס, עס — האָט קנה איהר צוגעגעבען אַפּעטיט — רייב.

אַביש קצב האָט גלייך אַ ציה געגעבען צו דער קיך, צו די דינסטען. ער האָט די דיקע מיידען אַרויסגעוויזען גרויס קענטעניש, קצב'ישע לומדות אין אָפּשאָבען פּיס, אין ריייניגען מאַגענס, און ער האָט בײַ זיי שטאַרק אויסגענומען. זיי האָבען איהם אונ-טערגערוקט פון בעסטען און שענסטען.

בלויז ר' שכנא האָט זיך אַרומגעדרעהט אַ בייזער, אַ צאָרניגער. ער האָט נישט געגעסען, נישט געטרונקען, נאָר פסדר

גערייניגט די נאָז און זיך אויפגעגעסען אַ לעבעדיגער, וואָס מען לאָזט איהם נישט אַריין צום רבי'ן.

— אַ וועלט איז נישט הפקר! — האָט ער געברומט אין דער מאָגערער באָרד אַריין — ניין!

פאַרנאַכט-צו האָבען דעם רבינ'ס זיהן זיך גענומען אַריינמישען אין דער זאַך.

— ישראל אביגדור — האָבען זיי געפייערט — דאָס איז נישט קיין יושר צו לאָזען פרעמדע אידען זיך וואַלגערען. ישראל אביגדור, מיר'ן זעהן, ווער איז דאָ באַלעבאָס אין ניעשאַווע!

ישראל אביגדור האָט אַ בליק געטון אויף די „קינדער" מיט אַ פּאָר פאַרזשמורעטע אויגעלעך. אַ ווייַלע האָט איהם דאָס בלוט צוגעשלאָגען צו די אויערען. אַלע זיינע רויטליך-גרויע האָר אויף די הענט און אויף דער נאָז און אויערען האָבען זיך אויפגעשטעלט, גרייט צו קאַמף. ער האָט געוואָלט אַ זאָג טון, אַז ווי לאַנג דער רבי, ביז הונדערט און צוואַנציג יאָהר, זיצט אויף דער שטוהל, איז ער, ישראל אביגדור, דער באַלעבאָס ביי זיין טיר, צי עס געפעלט וועמען יאָ, צי נישט. די ווערטער זענען איהם שוין געלעגען אויף דער צונג. אָבער אין די ווערטער פון רבינ'ס זיהן האָט ער דערפיהלט אַ נייעם טאָן, אַ תקיפות. זיי האָבען געקריגען לשון — האָט ער אַ טראַכט געגעבען. ער האָט גלייך דערשנאַפּט, אַז עפּעס איז נישט פרעהליך אין הויף, אַז דער ביאַלאַגורער דיין, דער שמויגער, האָט עפּעס דאָ פאַרקאָכט אַ קאַשע, אַ מיאוסע קאַשע, אַז אַלענפאַלס איז איצט נישט די צייט צו מלחמה מיט דעם רבינ'ס זיהן, דערמיט קען מען קיין סך איצט נישט אויפטון. און ער האָט פאַרביסען די ליפּען און געברומט:

— עך לאָז דען נישט די פרעמדע אַריין? עך טו בלויז דעם רבי'נס ווילען, עך.

און טאַקע באַלד דערויף, האָט ער שוין גענומען צונויפרופען די ביאַלאָגורער אידען און געהייסען זיי וואַרטען פאַר דעם רבינ'ס טיר.

אַריינגעלאָזט האָט ער דעם עולם איינציקווייז.

אויבען-אָן איז געזעסען דער רבי ר' מלך. זיין פּנים איז געווען פאַרכמורעט, אָבער לעבעדיג, גרייט צו מלחמה, גאָרנישט ווי אין די לעצטע יאָהרען. פון ביידע זייטען זענען געזעסען דריי רבנים. קודם-כל, דער שטאָטישער שאלות-פסק'ענער, די מינקת, און צוויי פרעמדע רבנים, וואָס זענען געקומען קיין ניעשאַווע אויף ראש-השנה צום רבי'ן. אָן אַ זייט, פאַרטיפט אין אַ ספר, איז געזעסען דער צוריקגעקומענער.

צום ערשט האָט ישראל אביגדור אַריינגעפיהרט דעם דיין ר' שכנא.

דער רבי האָט איהם נישט געבעטען זיצען. ער האָט איהם באַטראַכט, אויסגעקוילערט אויף איהם די אויגען זיינע, ווי נאָר זיי אַרויסצוואַרפען פון די לעכער, און פלוצלונג אַ זאָג געטון מיט כעס:

— זאָג נאָר, דו דיין, דו האָסט געמאַכט אַ בלבול אויף מיין איידעם ר' נחום, וואָס זיצט דאָ פאַר אונז, אַז ער איז, חלילה, נישט נחום, דער מאַן פון מיין טאָכטער, דער זוהן פון קדושים, נאָר גאָר איינער עפּעס אַ יאָשע, וואָס מען רופט איהם קאַלב, פון דער שטאָט ביאַלאָגורע אין רוסיש-פוילען, דער מאַן פון אַן עגונה. דו שטעהסט פאַר'ן בית-דין פון דריי רבנים. קאָנסטו זאָגען בהן-צדק דאָס, וואָס דו האָסט געהאַט די העזה צו זאָגען אין בית-המדרש אין ראש-השנה פאַר טויזענטער אידען?

— יאָ — האָט געזאָגט ר' שכנא דיין פעסט.

דער רבי האָט זיך אַרויסגעבויגען פון זיין שטוהל אַרויס.

— זאָג נישט אין דער וועלט אַריין. קוק גוט אָן ר' נחום'ען, וואָס זיצט דאָ פאַר אונז, און זאָג איהם דאָס אין די אויגען אַריין.

ר' שכנא איז צוגעגאַנגען מיט גרויסע שפּרייזען צום שוואַרצען איד, וואָס איז געזעסען ביי אַ ספר, ער האָט אויף איהם אַ בייזען בליק געוואָרפען און גערעדט צו איהם מיט

אַזאַ כעס, פּונקט ווי דעמאָלט, ווען ער האָט גערעדט צו יאָשע קאַלב ביי ר׳ מאיר׳ל דעם רב אין ביאַלאָגורע.

— איך זאָג בהן-צדק פאַר׳ן בית-דין פון דריי — האָט ער געזאָגט, ווייזנדיג מיט אַ שפּיציגען פינגער דעם צוריקגע־קומענעם אין די אויגען אַריין — אַז דער, וואָס זיצט דאָ, איז יאָשע, וואָס מען רופט איהם קאַלב, פון דער שטאָט ביאַלאָגורע, דער אונטער-שמש פון בית-המדרש, וואָס קהל האָט איהם חתונה געמאַכט מיט דער טאָכטער פון קנה שמש און אין דער נאַכט פון דער חתונה איז ער פון איהר ענטלאָפען און זי איבערגע־לאָזט אַן עגונה.

אַ בלאַסקייט איז אַרויף אויף די פּנים׳ער פון אַלע דריי רבנים.

— וועה איז מיר! — האָט זיך אַ שטיל קול געהערט.

בלויז דער צוריקגעקומענער איז געבליבען זיצען פּונקט אַזוי רוהיג און גלייך ווי פריהער. קיין איין אבר האָט זיך נישט באַוועגט אין זיין ביינערדיגען קערפּער, קיין איין פינטעל האָבען זיינע גרויסע, שוואַרצע אויגען נישט געטון.

נאָך דעם דיין האָט ישראל אביגדור איינציגווייז אַלס אַנדערע ביאַלאָגורער אידען אַריינגעפיהרט. צום ערשט האָט מען אַריינגערופען די גאָרביצער חסידים. איינער נאָכ׳ן אַנדע־רען איז צוגעגאַנגען צום רבי׳נס טיש, איינגעקוקט זיך אין צו־ריקגעקומענעם און אויסגערופען:

— יאָשע! יאָשע קאַלב!

די רבנים האָבען זיך איבערגעקוקט. אין זייערע אויגען איז געווען שרעק. בלויז דער צוריקגעקומענער איז געבליבען רוהיג. נאָך די גאָרביצער זענען געקומען די אייגענע עדות, די ניעשאַוועד חסידים. פון זייער ביאַלאָגורער האָפערדיגקייט איז קיין שפּור נישט געבליבען. קליין זענען זיי געווען, איינ־געשרומפען און שווייגענדיג. אויף אַלע פראַגען פון רבי׳ן האָבען זיי בלויז געשוויגען, נישט געקאָנט אַ וואָרט אויס־רעדען.

— ווען איז אונז! — האָבן זיי געציטערט, קוקנדיק אויף דעם איד מיט דער שוואַרצער באָרד.

אַנדערע האָבן זיך די אויגן פאַרשטעלט מיט די הענט.

אַביש קצב האָט אַזאַ ווילדע פרייד אַרומגענומען, דער-זעהענדיק דעם איד, וואָס מען האָט געהייסן זיך איינקוקן אין איהם, אַז ער האָט זיך פאַרגעסן, וואו ער איז, און גע-נומען שרייען אויפ׳ן קול, ווי אין ביאַלאָגורע אויפ׳ן מאַרק.

— אַ קאַלב איז דאָס? אַ ביק, ווי יעך בין אַ איד געבוירען!

דערביי האָט ער אפילו געגעבען דעם צוריקגעקומענעם אַ פאַטש מיט דער האַנט איבער דער קניה.

— יאָשע קאַלב, אַ רוח אין דיין טאַטענס טאַטען אַריין!..

אַלע האָבן גלייך אַ קרעכץ געגעבען. ישראל אביגדור האָט דעם הויכען, געזונטען קצב אָנגענומען ביים קאַלנער און מיט אומגעריכטען כוח איהם אַרויסגעוואָרפען. בלויז דער צו-ריקגעקומענער איז געבליבען זיצען רוהיג.

ישראל אביגדור האָט אַריינגעלאָזט זי, דעם שמש׳ס טאָכ-טער אַליין. איהר פאָטער האָט געוואָלט מיט איהר מיטגעהן, נאָר ישראל אביגדור האָט איהם נישט אַריינגעלאָזט. דער רבי האָט זיך פון שטוהל אויפגעהויבען, כדי צו זעהן זי, די האַלב-שטומע אידענע. קיינמאָל האָט ער נאָך נישט געקוקט אַזוי צאָרניג אויף אַ אידענע, ווי אויף אָט דער פליישיגער צביה מיט׳ן נאַרישען, לאַכענדיגען פנים.

— זאָג נאָר דו — האָט ער גלייך גענומען פייערען — דו שטעהסט פאַר רבנים, זאָל עס נישט זיין גרינג אין דיינע אויגען. זאָג דעם ריינעם אמת. ווייל אַז נישט וועט מען שמייסען מיט ריטער אויף יענער וועלט. געה צו, קוק גוט אָן דעם איד, וואָס זיצט דאָ, און זאָג ווער ער איז?

צביה איז צוגעגאַנגען צום זיצענדיגען איד און גענומען הירזשען.

— הי, הי, יאָשע! — האָט זי געלאַכט און געשריגען צו-זאַמען — דו קאַלב, דו ענטלאָפען צביה... הי, הי, הי...

דער רבי איז צוגעגאַנגען האַרט צו דער הירזשענדיגער אידענע.

— דו — האָט ער געדופען — וואָסערע סימנים קאָנסטו געבען, אַז דער איד איז דיין מאַן?

צביה האָט נישט געענטפערט.

— דו... מאַן... — האָט זי געהירזשעט — דו, יאָשע, קום... דו פאָהרען ביאַלאָגורע, הי, הי, הי...

זי האָט זיך צוגעשפּאַרט צו איהם, געכאַפּט איהם פאַר אַ האַנט. ווידער זענען אַלע דריי רבנים פאַרציטערט געוואָרען. בלויז דער צוריקגעקומענער איז געזעסען רוהיג, ווי נישט איהם מיינט מען. ישראל אביגדור האָט די אידענע ביי דער האַנט אַוועקגעשלעפּט.

— דרך ארץ! — האָט ער גערופען — רוק זיך אָפּ, בהמה!

דער רבי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער שטוהל און אָנשטאָט דעם ביז איצטיגען צאָרן, האָט גאָר אַ שמייכעל, אַ שפּאָטיש געלעכטער, צעצויגען זיין אַלט-האָריג פנים.

— ביאַלאָגורער דיין! — האָט ער גערופען — איז דער יאָשע קאַלב פון ביאַלאָגורע געווען אַ איד אַ למדן אָדער אַן עם-הארץ?

— אַ איד, וואָס קאָן בלויז זאָגען תהילים — האָט דער דיין געענטפערט.

ביים רבי'ן האָבען אַלע בינטלעך מאָכיגע האָר פון זיין באַוואָקסענקייט געלאַכט.

— איך זאָג עדות פאַר'ן בית-דין — האָט ער געזאָגט — אַז ר' נחום, מיין איידעם, איז אַ למדן אַ גרויסער און אַ בעל-מקובל.

די רבנים זענען געזעסען אומבאַוועגליך.

דער רבי האָט זיך טיפער אַריינגערוקט אין זיין שטוהל.

— ישראל אביגדור — האָט ער גערופען — דערצעהל פאַר'ן בית-דין אַלץ, וואָס דו האָסט געזעהן און געהערט פון ר' נחום'טשען, ווען ער איז צוריקגעקומען אין הויף.

ישראל אביגדור האָט זיך אַוועקגעשטעלט פאַר׳ן בית-דין און געזאָגט פייערליך:

— אין עשרת ימי תשובה, פאַר׳ן בית-דין פון דריי רבנים, פאַר מיין רבי׳ן און פאַר אַלע אידען זאָג איך עדות אַלץ, וואָס איך ווייס, אָהן פאַרהוילעניש, אָהן ערמה, אָהן קיין שום זיי-טיגען מיין.

ער האָט דייטליך, הויך, יעדעס וואָרט באַזונדער, דער-צעהלט פאַר די רבנים אַלץ, די מעשה מיט׳ן ספר׳ל, וואָס מען האָט אויפגעמישט אויפ׳ן פאַרקנייטשטען בלעטעל, דערנאָך, ווי ער איז מיט איהם געגאַנגען אין מקוה און נאָכגעזעהן די ציי-כענס אויף זיין לייב. קיין איינאיינציגע זאַך האָט ער נישט דורכגעלאָזט, די מינדסטע קלייניגקייט נישט פאַרגעסען. דער רבי האָט געשיינט. ביי יעדען נייעם סימן האָט זיך זיין האָ-ריגקייט אַלץ מעהר אין אַ שמייכעל צעצויגען. די רבנים זענען געזעסען מיט אָפענע מיילער פון דערשראָקענקייט און חידוש. בלויז דער צוריקגעקומענער איז געזעסען אַ רוהיגער, אַן אומ-באַוועגליכער, ווי די גאַנצע צייט.

צום סאַמע סוף האָט דער רבי געהייסען אַריינפיהרען זיין טאָכטער אַליין.

— ישראל אַביגדור — האָט ער גערופען הויך — רוף אַריין ר׳ נחום׳ס ווייב.

ער האָט זי נישט גערופען סערעל, ווי שטענדיג, נאָר ר׳ נחום׳ס ווייב, כדי צוצוגעבען איהר חשיבות. אַלעמענס אויגען האָבען זיך געטראָפען ביים אויסרופען די דאָזיגע ווערטער. אין שטוב איז געווען שטיל, אַזוי טויב שטיל, אַז קיינער האָט אַפילו נישט געאָטעמט. בלויז דאָס זשומען פון אַ פליגישען זיווג האָט געהוזשעט איבער דער טרוקענער שויב.

זי איז געקומען אַ בלאַסע, סערעל, נאָר אַ זיכערע, גרייט צו אַ מלחמה געגען אַלע, וואָס ווילען ביי איהר צונעמען דעם שווייגענדיגען מאַן, אויף וועלכען זי האָט פונפצעהן לאַנגע יאָהר געוואַרט. מיט גלייכע טריט איז זי צו צום טיש, אָפגערוקט זיך אַ טריט צוריק, כדי נישט צו שטעהן צו נאָהענט פאַרן בית-דין.

דער רבי האָט זי געהייסען זיך צוריק דערנעהנטערען צום טיש.

— טאָכטער — האָט ער געזאָגט ווייך, ווי ער האָט נאָך קיינמאָל מיט איהר נישט גערעדט — די אידענע, וואָס שטעהט אין ווינקעל, די טאָכטער פון אַ שמש און אַ קרבן פון ביאַ־לאָגורע אין רוסיש־פוילען, זאָגט, אַז ר׳ נחום, דיין מאַן, איז נישט נחום, נאָר איינער יאָשע קאַלב, וואָס האָט מיט איהר חתונה געהאַט אויפ׳ן בית־עולם בשעת אַ מגפה און דערנאָך זי איבערגעלאָזט אַן עגונה. זאָג פאַר׳ן בית־דין אַלץ, וואָס דו ווייסט וועגען דיין מאַן ר׳ נחום. קיין זאַך פאַרהויל נישט.

סערעל דעם רבינ׳ס האָט זיך אויסגעדרעהט מיט׳ן פנים צום ווינקעל־שטוב, וואו דעם שמש׳ס טאָכטער איז געשטאַנען. איידער זי האָט גענומען דערצעהלען די רבנים אַלץ וועגען איהר מאַן, יעדער סימן, יעדער באַווייז, האָט זי צום ערשט געוואָלט זעהן די, וואָס וויל איהר שלעכטס טון, וואָס וואַרפט אַ בלבול אויף איהר, וואָס וויל ביי איהר אַוועקרויבען, צונע־מען דעם, וואָס זיצט דאָ אַ שווייגענדיגער, אַ פרעמדער און אַזאַ אייגענער גלייכצייטיג. זי האָט אָפילו אַרויפגערוקט דאָס שוואַרץ־זיידענע טיכעל, וואָס זי האָט אָנגעטון דאָס ערשטע מאָל נאָך איהר עגונה׳שאַפט, אַרויפגערוקט עס אַביסעל אין דער הויך, כדי צו זעהן די, וואָס דער רבי האָט אויף איהר אָנגעוויזען.

איהרע ליפען האָבען זיך אויסגעקרימט, אויסגעקרימט זיך אין אַ גרימאַסע פון שפאָט און באַליידיגונג מיטאַמאָל. פון איין זייט האָט איהר ווייבעריש געפיהל זיך געהויבען. זעהר גראָב, טעמפּ און אומגעלומפּערט האָט אויסגעזעהן די פרעמדע געגען איהר, דער ווייך־פליישיגער גוט־אידישער טאָכטער. איהר פריי־הערדיגע אומרוהיגקייט איז פאַרשוואונדען. פון דער אַנדערער זייט, האָט זי אין זיך אַ בושה דערפיהלט, אַן ערנידערונג, געגען וועמען זי, סערעל דעם רבינ׳ס, דאַרף פיהרען מלחמה וועגען אַ מאַן.

אַ ווײַלע האָט עס געדויערט, איין ווײַלע בלויז. זי האָט דערפיהלט אויף זיך אַ פּאָר בייזע ווייבערישע בליקען, טעמפּע,

גרינע, ווי בײַ אַ קאַץ, וואָס מען וויל בײַ איהר צונעמען די קעצעלעך. די בליקען האָבען זי דורכגענומען, און זי האָט גיך די אויגען אַראָפּגעלאָזט, כּדי זיך אויסצודרעהען צום טיש פון די רבנים.

אָבער אין דעם אויגענבליק האָט זיך צביה אַ ריס געטון פון אָרט.

מיט אַ ווילדער גיכקייט, מיט אַ צוקאָכטקייט פון אַ קוה, וואָס רייסט זיך פלוצלינג אָפּ פון איהר שווערער טעמפּקייט און לאָזט זיך לויפען, שטויסענדיג אַלץ, וואָס שטעהט אין וועג, מיט אַן אומגעלומפּערטער האַסטיגקייט, וואָס לאָזט זיך פון קיי־נעם נישט אָפּהאַלטען, וואָס דרעהט אַלץ איבער, שפּרייטענדיג אַרום זיך הייסען אָטעם, באַגעהר און לוסט צום קאַמף, — האָט זי אַ פליה געטון איבער דער גרויסער שטוב, אַ שפּרונג גע־טון אויף דער ווייכער אומבאַהאָלפענער און דערשראָקענער רבי׳שער טאָכטער און מיט שאַרפע נעגעל איינגעשניטען זיך אין איהר זיידענס, אין איהר ווייכען, פולכען לייב.

— מיין מאַן, יאָשע! — האָט זי געברומט, שפּריצענדיג פייער פון די מטורף׳דיגע, גרינע אויגען און פון די פאַנאַנ־דערגעבלאָזענע נאָזלעכער — נישט דיין יאָשע! מיין!

דער ערשטער, וואָס האָט זיך געוואָרפען סערעלען צו הילף, איז געווען ישראל אביגדור. מיט געוואַלדיגער געשיקט־קייט, ווי אַ יונגער קרעפטיגער בחור, האָט ער די צעיושעטע צביה געגומען אין די הענט און אָפּגעריסען פון איהר קרבן. פון די אַמאָליגע צייטען, ווען דער טאַטע זיינער איז נאָך גע־ווען אַ דאָרפס-שענקער, און ער, ישראל אביגדור, פלעגט איהם צוהעלפען אַרויסוואַרפען שיכּור׳ע גוים און גויס פון שענק, האָט ער געדענקט, אַז דאָס בעסטע מיטעל געגען אַ צעיושעטער נקבה איז, צו כאַפּען זי בײַ אַ ברוסט און צוקלעמען. דאָס האָט אַזאַ פעולה, האָט ער געוואוסט, ווי צו כאַפּען אַ ביק בײַ דעם רינג אין דער נאָז. מיט פעסטע הענט, ווי מיט צוואַנגען, האָט ער צביה׳ס צעוואַקסענע ברוסט אַזוי איינגעקלעמט, אַז זי איז זיך אַוש פאַרגאַנגען אין וועהטאָג.

— דו חצופה? — האָט ער געשריגען, פיהלענדיג אַ גע־וואַלדיגען תענוג פון קנעטען איהר לייב — דו כלב'טע!

ביי דער טיר האָט ער איהר נאָך געגעבען אַזאַ שטויס מיט'ן פוס פון הינטען, אַז זי איז אַריינגעפאַלען מיטן פנים גלייך אין דער הויפישער בלאָטע.

און דער רבי ר' מלך האָט זיך אויפגעהויבען פון אָרט אַ צאָרניגער, אַ בייזער, און אַ קלאַפּ געטון אין טיש אויף אַלע פאַרזאַמעלטע:

— אַרויס פון מיין שטוב!

אַלע זענען דערשראָקענע אַרויס. דער רבי האָט נאָכגע־שריגען:

— אויסרייסען מיט'ן וואָרצעל וועל עך יעדען, וואָס וועט נאָר איין שלעכט וואָרט זאָגען געגען מיין איידעם ר' נחום!

קיין ברעקעל אַלטקייט האָט זיך נישט געהערט אין דעם שטאַרקען, צאָרנדיגען קול.

פאַר דער טיר איז געלעגען צביה מיט דעם פנים אַראָפּ צו דער ערד און געוויינט. וויפיל דער פאָטער איהרער האָט זי נישט געפּרואווט איינגעמען, האָט זי זיך נישט געלאָזט.

איהר קול האָט דערמאָנט אָן דעם וואָיען פון אַ הפקר'־דיגען הונט אין דער נאַכט.

## פּיראָונצװאָנציגסטע קאַפּיטעל

ר׳ שכנא דיין פון ביאַלאָגורע איז אַרויס געגען דעם ניעשאַװער הויף אין מלחמה. נאָכדעם, װי דער רבי האָט איהם מיט אַלע זיינע עדות אַרויסגעטריבען פון שטוב, איז ער טאַקע פון ניעשאַװע אַװעק, אַװעק צוזאַמען מיט די גאָרביצער חסידים, מיט קנה׳ן און זיין טאָכטער און מיט אַביש קצב. אָבער ער איז נישט געפאָהרען קיין ביאַלאָגורע. ער האָט גענומען פאָהרען פון שטאָט צו שטאָט, פון רב צו רב, און געפאָדערט גערעכטיגקייט.

— אידען! — האָט ער געשריגען אין יעדער שטאָט, װאו נאָר ער איז געקומען — אַ פייער ברענט אין ניעשאַװער הויף!

פון דער היים האָט זיין װייב, די דיין׳עכע, געשריבען בריף צו איהם, געבעטען זיך ביי איהם רחמים, ער זאָל אַהיימקומען. ר׳ שכנא האָט נישט געהערט. זיין טאָכטער, די פאַרזעסענע מויד, האָט איהם באַװאָרפען מיט בריװלעך, װאָס זענען געװען דורכגעװייקט מיט די טרעהרען פון איהרע שטענדיג-נאַסע אויגען. גראָד איצט האָבען שדכנים גענומען אָפּשלאָגען די שװעל אין הויז, אָנגעשלאָגען אַלמן׳ס, גרוש׳ס און אפילו בחורים, װאָס זענען אַ בעלן אויף אַ דיינות. אָהן דעם פאָטער האָט מען נישט געװאָלט רעדען, און זי האָט איהם באַשװאוירען מיט אַלע שבועות, ער זאָל רחמנות האָבען אויף איהרע אויסגעװייגטע יאָהרען און אַהיימקומען. ר׳ שכנא האָט נישט

געוואלט וויסען. קהל אליין האט איהם גענומען צוריקצוּ־נעמען קיין ביאלאגורע. אלע חסידים, שונאים פון ניעשאווע, האבען אנגעהויבען איצט פון איהם האלטען א וועלט און געוואלט איהם מאכען פאר רב אין שטאט. זיי האבען איהם גערופען, געקלאגט זיך, אז ס'איז נישטא ביי וועמען א שאלה צו פרעגען, און אויב ער וועט נישט קומען צו דער צייט, וועט מען מוזען אויפנעמען אן אנדערען, כדי נישט צו לאזען א אידישע שטאט, חלילה, הפקר, ווי א סטאדע אהן א פאסטוך. ר' שכנא האט דערויף נישט געענטפערט.

— איך זאל אפילו וויסען איבער די הייזער צו געהן — האט ער געשריגען — וועל איך באווייזען, אז דעם ניעשאווערס טאכטער, אן עגונה, וואוינט מיט יאשע קאלב, א פרעמדען מאן. א וועלט איז נישט הפקר...

ער האט א לאנגען בויגען פאפיר אנגעשריבען, א כתב, פול מיט קליינטשיגע שפיציגע אות'עלעך, שארפע און בייזע, ווי ער אליין, א כתב פול מיט דינים, אנגעפיקעוועט מיט ציטאטען און לומדות, מיט מיינונגען פון א וועלט מיט גאונים און רבנים, וואס קלאגט אן פאר די אידען פון אלע לענדער, וואו נאר זיי געפינען זיך, דעם ניעשאווער רבי'ן און זיין טאכטער סערעל. מיט דעם דאזיגען כתב, וואס ער האט געלאזט ביי אן איינבינדער אונטערקלעבען מיט לייווענט פון דער לינקער זייט, עס זאל זיך נישט גיך צורייסען, איז ער געפאהרען פון רב צו רב, פון גאון צו גאון, און געקליבען חתימות, וואס פאדערען, אז דער ניעשאווער רבי זאל אויסרייסען די זינד פון זיין הויז און שטעלען זיך, צוזאמען מיט זיין טאכטער, דער עגונה, און איהר פאלשען מאן, לדין, צו א דין־תורה פון א סך רבנים און גרויסע לייט.

ניעשאווער חסידים האבען איהם גערודפ'ט, וואו נאר ער איז געקומען. זיי האבען איהם געווארפען טליתים אין קאפ אין די בתי־מדרשים, נאכגעשריגען איהם אין גאס, גע'מסר'ט פאר דער פאליציי. זיין ווייב האט איהם נישט געוואלט שיקען פון דער היים דאס אלטע טולופעל, און ער האט געציטערט פון

קעלט אין זיין צעשיטען אָטלעסענעם כאַלאַט. אויך איז ער גע-
ווען אָהן וועש, אָהן אַ גראָשען אין קעשענע. אָבער דאָס אַלץ
האָט איהם נישט אָפּגעהאַלטען פון זיינס. ער האָט זיך געשלעפּט
פון שטאָט צו שטאָט, איינגעבעטען זיך ביי באַלעגאָלעס, זיי
זאָלען איהם לאָזען זיצען אויף אַ פּאַס נאַפּט, אויף אַ האַרטען
זאַק זאַלץ. ער איז געגאַנגען צופוס, גענעכטיגט אין בתי-מדרשים,
געהונגערט, און געפיהרט מלחמה געגען ניעשאַווע, געגען גרוי-
סען שטאַרקען, מעכטיגען, ניעשאַווער הויף.

אַ צעוועהטאָגטער, אַ צאָרניגער, אַ געפרווירענער, מיט אַ נאָז רויט, ווי טשוויק, האָט ער אָנגעצונדען אידישע שטעט און שטעטלעך, צעבלאָזען אַ פייער פון צאָרן, מחלוקת און אומרוה.

צוזאַמען מיט איהם זענען מיטגעפאָהרען קנה שמש מיט זיין טאָכטער צביה, די עגונה.

פונקט ווי ר׳ שכנא דיין האָט איבערגעלאָזט זיין רבנות, האָט קנה איבערגעלאָזט זיין שמשות אין דער ביאַלאָגורער שוהל, זיין גוט-אָרט מיט דער לויה-פושקע, זיינע באַהאַלטענע ליכט אונטער דעם בעלעמער און זיינע אל־מלא־רחמים׳ס צו אַכטצעהן גראָשען פאַר אַ שטיק.

— רבי — האָט ער געזאָגט ביי יעדען רב, צו וועלכען ער איז געקומען — דאָס בין איך קנה שמש פון ביאַלאָגורע און דאָס איז מיין טאָכטער, די עגונה, דאָס ווייב פון יאָשע קאַלב, וואָס דעם ניעשאַווער רבי׳נס טאָכטער האָט איהר צוגענומען דעם מאַן.

צביה האָט זיך געלאָזט באַטראַכטען אַ שיינענדיגע און געהירזשעט צום הונדערטסטען מאָל:

— מיין יאָשע קאַלב, נישט רבי׳נס טאָכטער, הי, הי...

געפאָהרען איז קנה שמש אין וועג גאָרנישט ווי ר׳ שכנא דער דיין.

פון די פילע יאָהרצייטען, אל־מלא־רחמים׳ס, פון די ליכט, וואָס ער האָט באַהאַלטען און פאַרקויפט, פון די ארץ-ישראל-פושקעס, פון וואַנען ער האָט מיט אַ דראָט געלט געשלעפּט, פון די גאָלד-שטיקלעך, וואָס ער האָט גענומען פאַר אויסבאַהאַלטען

קאָנטראַבאַנד אויף דעם גוטען-אָרט, און פון אַלע איבעריגע קהל׳ישע פאַרדינסטלעך, האָט ער אַ סך געלט געהאַט, קנה שמש.

אין זיין וואַטעוועך לייבעל, וואָס ער האָט געטראָגן סיי ווינטער, סיי זומער, האָט ער אַ מטמון מיט געלט געהאַט איינ־גענעהט. און ער האָט זיך מיט זיין טאָכטער גוט אין וועג אויסגעריכטעט. ער האָט זיך געקויפט אַ שעפּסען פעלץ, אַ וואַ־רימען און אַ פּעטען, וואָס האָט זיך געהערט מיט אַ שאַרפען גערוך ווי ווייט. די שטיוועל זיינע האָט ער געלאָזט אויסבע־טען מיט פעלץ און מיט פאָדקאָוועס באַשלאָגען, זיי זאָלען זיך נישט אויסרייבען. אויך האָט ער פון שטרוי, וואָס ער נוצט אין זיין מתים-שטיבעל, אויסגעפלאָכטען באַלאַטשען, שטרויענע קאַ־לאָשען אַזעלכע פאַר זיך און פאַר צביה׳ן. אויפ׳ן קאָפּ האָט ער אַ גרין פליושען היטעל געטראָגען איבער די ווייכע אויערען. אויפ׳ן וועג האָט ער זי איבערגעקערט, די קוטשמע, געטראָגען זי מיט דעם אונטערשלאַק אַרויף, זי זאָל נישט פון די רעגענס און שנייען קאַליע ווערען. אויך צביה׳ן האָט ער גוט באַקליידט און באַשוכט. און אַ קוישעל איהר געקויפט, אין וועלכען עס זאָל אַ סך עסענוואַרג אַריינגעהן, ברויט, און קנאָבעל, און קעז, און אַ ציבעלע מיט אַביסעל זאַלץ.

מיט דער גאַנצער שמש׳ישער פּראַקטישקייט האָט ער זיך געגרייט אין וועג, געגרייט זיך צו אַ וועג אַ לאַנגען, אָבער אַ זיכערען.

אויף קיין איין מינוט אַפילו איז ער נישט געווען מסופק, אַז ער וועט איהם, דעם יאָשע קאַלב, צוריקברענגען צו זיין טאָכטער צביה. ער האָט געוואוסט, אַז ווען ער פאַרלייגט זיך אויף עפּעס, פיהרט ער עס אויס. פונקט ווי דעמאָלט אין ביאַ־לאָגורער בית-המדרש, ווי נאָר ער האָט איהם דערזעהן דעם יאָשע׳ן און אַהיימגענומען צו זיך, האָט ער דערפיהרט צו אַ שידוך צווישען דעם פרעמדען און זיין טאָכטער, דורכגעפיהרט זיינס פאַמעליך, ביסלעכווייז, אַזוי, איז ער זיכער געווען, וועט ער אויך איצט זיינס דורכזעצען, צונעמען איהם פון ניעשאַוואָר הויף און צוריקברענגען איהם צו זיך אויפ׳ן בית-עולם, צו זיין

צביה'ן. מען דאַרף נאָר טון אַ זאַך פּאַמעלעך, נישט געאײַלט, נישט ברענען אַזוי, ווי דער שכנא דײַן. געגוג צײַט, איז דאַנקען גאָט, דאָ אויף דער וועלט.

ער האָט זיך געקענט אַן עצה געבען, ר' קנה שמש. ער איז קײנמאָל נישט צוגעגאַנגען אויפ'ן מאַרק דינגען אַן אָרט אין אַ באַלעגאָלישער בויד. ער קען זײ, די באַלעגאָלעס, ער ווײסט, וואָסערע אויסרײַסערס זײ זענען. ער האָט גענומען אַ שטעקען אין אײן האַנט, צביה'ן נעבען זיך און געלאָזט זיך געהן מיט'ן שליאַך. ערשט אין וועג, ווען די באַלעגאָלעס זענען דורכגעפאָהרען מיט זײערע גרויסע אָנגעשטאָפּטע בוידען און געטראָפען די פוס-געהער, האָבען זײ זײ אויפגענומען פאַר גראָשענס.

— מילא — האָט קנא געזאָגט קאַלט — אַז סײ-ווי-סײ פאָהרט איהר. וועל איך זיך מיטכאַפען צוזאַמען מיט מײַן טאָכטער אַביסעלע. אי איהר וועט טון אַ מצוה, אידען, העלפען אַ איד אין וועג, אי איהר וועט נאָך כאַפען בײַ מיר עטלעכע גראָשען.

אַוועקגעזעצט האָט ער זיך תחילת אויף אַ שפּיץ, אויף אַן עק ברעט, ער זאָל זיך גאָרנישט אָנזעהן. ביסלעכווײַז האָט ער זיך אַרײַנגערוקט אַלץ מעהר און מעהר צווישען די אָנגעפּאַקטע פאַרשוינען, געמאַכט זיך באַקוועם, פאַנאַנדערגעשפרײט זיך אַזוי, אַז באַלד איז אײנער אַ איד אינגאַנצען אַרויסגעפלויגען פון זײַן אָרט און ר' קנה איז געלעגען ברײט און געשנאָרכט.

— ר' איד! — האָט דער אַרויסגעוואָרפענער געוועקט, געריסען איהם — וואָס האָט איהר זיך צולײגט ווי אויף אַ היסבּבעט צום סדר? ר' איד, לאָזט מיך זעצען זיך.

נאָר קנה איז געווען טויב. ער האָט געשנאָרכט מיט גרויס הנאה.

פונקט אַזוי האָט ער אין יעדען שטעטעל אויסגעפונען זיך אַ גאַסט-הויז, אַ ווינקעל צו שלאָפען.

— וואָס דאַרפען מיר דען? — האָט ער געזאָגט מיט אַ

רחמנות־פּנים — אַ באַנק, אַ שטיקעל ווינקעל, אַבי דיזם קאָפּ אָנצושפּאַרען.

נאָך איידער די באַלעבאָסטע האָט זיך אומ[illegible], האָט ער שוין זיך אויסגעזוכט שטרוי און אויסגעבעט זיך. דערנאָך האָט ער געבעטען אַ שטיקעל קישען, דערנאָך עפּעס אַן אַלטען פּעלץ זיך צוצודעקען, ווייל מיט דעם אייגענעם פּעלץ איז איהם אַ שאָד געווען, און צום סוף איז ער גאָר געלעגען אין אַ בעט, איבערגעדעקט מיט אַ פּערענע איבער'ן קאָפּ.

מיט עסען פּלעגט ער זיך אַליין באַזאָרגען. ער איז אַרום־געקראָכען איבער די מערק, געקויפט אַביסעל קאַרטאָפּעל, ביי די יאַטקעס איינגעהאַנדעלט אַ גריישעל אַ מציאה, אַ לעבער, און געבעטען די פרעמדע באַלעבאָסטע, זי זאָל צולאָזען צביה'ן צו דער קיך אָפּקאָכען „אַ לויט פליייש". דערפאַר האָט ער גע־האָלפען צעהאַקען אַ שטיקעל האָלץ, זיפצענדיג דערביי פרום־אידישלעך, און נישט געלאָזט דער באַלעבאָסטע אַריינשיטען פון איהר זאַלץ אין זיין עסען אַריין.

— זאַלץ, באַלעבאָסטעשי, האָב איך אייגענס — האָט ער געזאָגט זיס, אויפבינדענדיג אַ ברודיג־לייווענטען זעקעלע — אַ איד דאַרף שטענדיג פיהרען זאַלץ מיט זיך.

מעהרסטענס האָט ער, קומענדיג אין אַ שטעטעל, אַראָפּ־געכאַפּט זיך גלייך צום גוטען־אָרט און געהאַלטען אכסניא ביים באַגרעבער. מיט זיין היימישקייט, מיט'ן אָנרופען גרעבעריש אין לשון־קודש די אַלע קברות־זאַכען, האָט ער זיך גלייך איינגעקויפט ביי די קברות־אידען, צו וועלכע קיינער קומט נישט צו גאַסט. איבערהויפּט האָט ער אויסגענומען ביי די באַגרעבערינס. מען האָט פאַר איהם און זיין צביה'ן געלייגט זיך אין דער לענג און אין דער ברייט.

אין אַ סך ערטער האָבען איהם גאָר אידען גענומען צו זיך אויף שבת. פּראָסטע אידען, וואָס ביי זייער גאַנצען פּאָה־רען צו גוטע־אידען, האָבען זיי אינערלעך אַ שנאה צו די אַלע מיוחסים אין זייד און אין סאַמעט, האָבען דערפיהלט די עולה, וואָס ווערט אין אַ גוט־אידישער הויף אָפּגעטון צו אַ פּראָסטען

מענש, אַן אָרעמאַן. און דערפאַר האָבען זיי גענומען צו זיך אויף שבת קנה׳ן און זיין טאָכטער און זיי געגעבען פון שענס-טען און פון בעסטען. קנה האָט דערפאַר צום הונדערטסטען מאָל דערצעהלט די גאַנצע מעשה מיט יאָשע קאַלב און מיט׳ן ניעשאַווער הויף. דאָס האָט די באַלעבאַטים אַ סך פאַרגעניגען פאַרשאַפען. מען האָט אַפילו פאַרבעטען צום טיש קרובים און פריינד, זיי זאָלען אויך הערען און הנאה האָבען. דערצעהלענ-דיג אַזוי, האָט קנה דערווייל געלאַסען און גרונטלעך אָפּגערוימט די גאַנצע חלה פון טיש, אָנגעגאָסען זיך איין גלעזעל בראָנפען נאָכ׳ן צווייטען און אויך געמונטערט צביה׳ן, וואָס האָט, פונקט ווי ער אַליין, געריבען אויף ביידע באַקען.

— עס, עס, טאָכטער מיינע — האָט ער איהר אונטער-געגעבען חשק — שעהם דיך נישט, ס׳איז היימיש...

און ביי רבנים איז געזעסען ר׳ שכנא דיין און געטון זיינס.

אויף די שבת׳דיגע טישען איז געווען אָנגעגרייט פון שענסטען און בעסטען. אָבער ר׳ שכנא האָט זיך קוים צוגע-ריהרט צו עפּעס. ער האָט פון אַלץ איבערגעלאָזען, נישט גע-ווואוסט וואָס ער עסט, וואָס מען דערלאַנגט איהם צום טיש. ער האָט צעהן מאָל איינגעטונקען דאָס זעלבע שטיקעל חלה אין זאַלץ, אָפּגעשאָקעלט עס, און ווידער אַמאָל איינגעטונקען. ער האָט אויפגעגעסען די פעטרישקע פון דער יויך, פאַרגעסענ-דיג גאָר אַליין, אַז ער האָט עס נישט ליב. דאָס עסען איז ביי איהם געווען אַן אָפּקומעניש, אַן עול. פונקט אַזוי איז ביי איהם געווען דאָס זמירות-זינגען. זיין קאָפּ איז געווען פאַרנומען מיט איין זאַך — מיט יאָשע קאַלב און מיט דעם ניעשאַווער הויף.

ווידער און ווידער האָט ער אָנגעהויבען אויפסניי דאָס אייגענע. ער האָט זיך געקאָכט, געוואָרפען מיט די הענט, גע-כאַפּט זיך ביי דער באָרד, געשנייצט מיט אַ פייף די נאָז, גע-שאָטען מיט ספרים. אַ וועלט מיט ספרים איז געלעגען אין זיין אַלטען פאַרדאַרטען קאָפּ. די אויגען האָבען געפייערט, געשפריצט פונקען.

— ר׳ שכנא — האָבען איהם רבנים געבעטען — לאָזט עס אָפּ ביז שבת-צו-נאַכטס, שבת דאַרף אַ איד זיך נישט אָנ-טון קיין עגמת-נפש. געמט, ר׳ שכנא, אַ שטיקעל פיש.

נאָר ר׳ שכנא האָט אַפילו נישט געהערט.

— אַ וועלט איז נישט הפקר! — האָט ער געשטורמט — ס׳איז נאָך דאָ, ברוך השם, אַ תורה ביי אידען.

אידען גבירים האָבען איהם אַפילו גענומען טשעפּען:

— דיין — האָבען זיי געזאָגט — אַפילו דער סמבטיון רוהט אין שבת, און איהר — נישט.

ר׳ שכנא האָט זיך נישט באַליידיגט. ער האָט גאָרנישט געהערט, וואָס מען רעדט צו איהם. אַלץ, וואָס האָט זיך נישט אָנגעהערט מיט ניעשאַווע און מיט יאָשע קאַלב, איז גאָר צו זיינע אויערען נישט דערגאַנגען. ער האָט נישט גערוהט, נישט געשלאָפען, נישט געגעסען, נאָר געלאָפען פון בית-מדרש צו בית-מדרש און געהאַלטען דרשות געגען ניעשאַווע. ער האָט אויפ-געהעצט פּראָסטע מענשען, נישט געלאָזען רוהען רבנים און לומדים, ער האָט געטראָגען מחלוקת, פייער, ער האָט געקלאַפּט אין טישען, געסטראַשעט מיט גיהנם, מיט מגפות, מיט אַ שלעכ-טען סוף.

ער איז געוואָרען נאָך דאַרער, ווי שטענדיג, אויסגעטרי-קענט ווי אַ שפּאָן. זיינע אויגען זענען געוואָרען טיפער, די באָרד — גרויער, מאָגער, שטייף. זיין האַלז איז געוואָרען היי-זעריג, די אויגען — רויט, די דאַרע הענט — קנאָכיג. אָבער ער האָט קיין זאַך נישט געפיהלט, נישט געזעהן. געזעהן האָט ער בלויז דעם ניעשאַווער הויף, די גרויסע זינד, די גע-רעכטיגקייט, וואָס ער, דער ביאַלאָגורער דיין, דאַרף געפינען ביי אידען געגען ניעשאַווע.

— אידען, אַ פייער ברענט אין ניעשאַווע! — האָט ער געוואָרענט — אידען, די תורה איז גלייך פאַר אַלע, פאַר׳ן שוסטער, ווי פאַר׳ן גוטען-איד! אידען, אַ פייער ברענט, וואָס קאָן דאָס פאָלק ישראל, חלילה, אָנצינדען! אידען, ראַטעוועט באַצייטענס!

# פינפאונצוואנציגסטע קאפיטעל

אַ פייער פון צאָרן און מחלוקת האָט אָנגעצונדען אידישע שטעט און שטעטלעך פון ביידע זייטען גרעניץ.

ווי אַ שטורם-ווינט, וואָס טרייבט פייער-צונגען פון דאַך צו דאַך, אַזוי האָט זיך ר׳ שכנא דיין געטראָגען אַ צאָרנדיגער, אַ פלאַטערנדיגער, געטראָגען זיך איבער וועגען און שטעגען, און געברענט, געצונדען.

קודם-כל האָט ער אויפגערודערט די רבנים.

זיי האָבען שוין לאַנג קיין נחת נישט געהאַט פון די גוטע-אידען, די רבנים אין גאַליציען, ווי אין רוסיש-פוילען. צופיל האָבען זיך די רבי׳ס גענומען מישען אין רבנות. זיי האָבען אָנגערייצט די חסידים געגען די רבנים, זיי האָבען אומעטום אַריינגעפּאַקט אייגענע איידעמס, קרובים, אייגענע מענשען. אין די גאַליצישע שטעט האָבען זיך די רבי׳ס נישט באַנוגענט בלויז מיט דער רבי׳סטווע, נאָר אויך געוואָלט האָבען דעם כבוד פון זיין רב. זעלטען, אַז עמעצער פון זיי האָט געקענט פסק׳ענען אַ שאלה, אָבער דאָס איז קיין אָפּהאַלט נישט געווען. דאָס האָט געטון אַ איד, וואָס קען לערנען, אַ מינקת, און דעם טיטול, געלט און כבוד האָט געהאַט דער רבי, וואָס האָט דער „אָם״ זיינער געגעבען בלויז עטליכע רייניש. דער ניעשאַווער האָט די רבנים די גרעסטע צרות אָנגעטון. אומעטום אַריינגעפּאַקט משפחה. דאָס האָט די רבנים שטאַרק

פֿאַרדראָסען. זײ האָבען פֿון אַלעמאָל געהאַט אַ בייז האַרץ אויף ניעשאַווע, און די מעשה יאָשע קאַלב האָט זיך זײ גוט אונטערגערוקט. עס האָט זײ נישט געלאָזט איינזיצען אויף די ווייכע שטולען.

בריף פֿון ביידע זייטען גרעניצען האָבען אָנגעהויבען געהן פֿון רב צו רב, לאַנגע בריף מיט שאלות-ותשובות. גרויסע טיטולען האָט מען זיך געשריבען איינס ס'אַנדערע, טיטולען, וואָס פֿאַרנעמען ביז צעהן שורות קליינעם רבני'שען כתב. צום ערשטען זענען אַרויס די גרויסע רבנים, די גרויס-שטאָטישע, די מחברים פֿון אַ סך ספרים.

דער פּרעמיסלער גאון, דער „שאגת הדוב", האָט דער ערשטער אַוועקגעשיקט אַן אָנגעפּיקעוועטען בריף, אַ שאלה-ותשובה צום לובלינער גאון, צום מחבר פֿון „חמד ברוך".

גרויס ליכט — האָט דער „געשרעה פֿון בער" געשריבען צום „גלוסטיגען ברוך" — שטאַרקער האַמער, וואָס נעמט אָן מיהלשטיינער און צערייבט זײ איינס אין אַנדערען, באַרג סיני, איינציגער פֿון דור, וואָס וואויל איז אונז, וואָס מיר האָבען אַזאַ שעהנקייט, שיין פֿון דער וועלט, גרעסטער פֿון די גרעסטע, פֿולער אַלמער מיט ספרים, רבי פֿון אַלע קינדער אין גלות, אויסו ייטער פֿון בערג און פֿעלזען, זיין ליכט זאָל לייכטען ביז אייביג, דער רב פֿון דער שטאָט לובלין, דער מוטער פֿון ישראל, דער הייליגער קהלה, ציון זאָל אויפגעריכט ווערען, אָמן.

נאָך עטליכע זייטען אָנגעשטאָפּט מיט לומדות, ציטאַטען, אָנצוהערעגישען, ראשי-תיבות אָהן אַ שיעור און אָהן אַ סוף, געשריבען אַלץ מיט קליינע פּיצינקע אות'לעך, וואָס נאָר מתנגדים, שאַרפֿע קעפּ שרייבען אַזעלכע, האָט זיך דער „געשרעה פֿון בער" אונטערגעשריבען מיט עטליכע שורות זידלערייען אויף זיך אַליין.

פֿון מיר — האָט ער זיך גע'חתמ'עט — דער צעטרעטענער וואָרים, נישט-מענש, דער אָרימאַן אין תורה, דער נידעריגסטער פֿון די נידעריגסטע, דער קליינער און יונגער, דאָס

רויכיגע ליכטעל, וואָס ווערט פאַרלאָשען אין שיין פון גרוי־
סען פאַקעל, דער מחבר פון „געשרעה פון בער", רב פון דער
הייליגער קהלה אין פּרעמיסלע.

פונקט אַזאַ גרויסען אָנגעפיקעוועטען בריף, מיט נאָך אַ גרעסערען טיטול פאַר'ן „געשרעה פון בער" און מיט נאָך גרע־סערע ערנידערונגען אויף זיך אַליין, האָט אָפּגעענטפערט דער „גלויסטיגער ברוך", דער רב פון לובלין.

נאָך זיי האָבען אָנגעהויבען לויפען בריף פון קלענערע. עס זענען געגאַנגען בריף פון מאָהילעוו ביים דניעפּר קיין קראָקע ביי דער ווייכסעל, פון לעמבערג קיין דינאַבורג, פון פּרעשבורג קיין בריסק־דליטא. נאָך די גרויסע רבנים האָבען גענומען שיקען זיך בריף איינער דעם אַנדערען כל־ערליי קלע־נערע, קליינע און פּיטשינקע רבנים'לעך. מען האָט זיך באַ־וואָרפען מיט טיטולען, געהאָגעלט מיט שבחים, געשיט מיט פּשט'לעך און געצאַצקעט די האַנטשריפט, יעדער וואָרט אַ ברילִיאַנט.

די פּאָסט צווישען ליטא און פּוילען, גאַליציע און רייסען, בעהמען און ירושלים האָט געהאַט אַרבעט. אפילו רבנים פון גוי'שע שטעט, פאַרוואָרפענע לומדים פון פּאַריז, לאָנדאָן, פּראָג און פּעטערבורג זענען אַריינגעשלעפּט געוואָרען. אויך רבנים ספרדים פון סאַלאָניקי, סטאַמבול, אידען, וואָס שרייבען זיך אונטער חַכם האָבען זיך אין זייער באַזונדערען לשון־קודש געלאָזט הערען.

פון די רבנים איז עס אַריבערגעגאַנגען צו די לומדים, צו די חסידים, מתנגדים, פּראָסטע לייט און באַלמעלאָכעס. אידען האָבען אויפגעהערט לערנען, האַנדלען, אַרבעטען, דאַווענען אפילו. מען איז געווען פאַרנומען מיט ניעשאַווע. גאָרביצער חסידים מיט ניעשאַווער חסידים האָבען זיך געפּאַטשט, געשאָל־טען, בוקם געווען זיך איינער אין אַנדערען. איינער האָט דעם צווייטען אויסגעדונגען אַ זעקעל קאָרן אין מאַרק, אַ ביסעל פלאַקס ביי אַ פּויער, אַ פּוהר האָלץ אין גאַס. מען האָט זיך געלייגט אין חרם, אָפּגעלאָזען צווישען זיך שידוכים. טאַטעס

האָבען געצוואונגען אויסגעגעבענע טעכטער צו גט'ען זיך מיט זייערע מענער, וואָס זענען געווען שונאים פון שווער'ס רבי'ן. ניעשאַווער האָבען נישט געוואָלט עסען פון דער שחיטה, וואָס עס שעכט אַ גאָרביצער, און גאָרביצער האָבען נישט געוואָלט פרעגען אַ שאלה ביי אַ רב אַ ניעשאַווער. וויין צו קידוש האָט מען נישט געטאָרט קויפען ביי אַ שונא, ווייל ער איז געווען אַזוי טריף, ווי גוי'שער. אויפ'ן בית-עולם אפילו האָט מען נישט געלייגט קיין ניעשאַווער נעבען אַ גאָרביצער.

פון די מענער איז די מחלוקת אַריבער צו די ווייבער.

ביים איינקויפען אין מאַרק און ביים דאַווענען אין ווייבער-שוהל, ביים קאָכען און באַקען, ביים פליקען פעדערן און ביי שטריקען זאָקען, האָבען זיי נישט אויפגעהערט מאָהלען מיט די מיילער, גלאָצען מיט די אויגען, אויסטראַכטען ליגענס, זאָגען גוזמאות און קריגען זיך. עגונות פון אַלערליי עלטער און שטאַנד האָבען גענומען ציטערען, פלאַטערען. אַלטע האָפ-נונגען פון פאַרלאָזענע ווייבער, וואָס האָבען שוין לאַנג אָן זייערע פאַרשוואונדענע מענער פאַרגעסען, האָבען מיטאַמאָל אויפגעוואַכט, עגונה'שע הערצער האָבען גענומען קלאַפען. דער נאָמען יאָשע קאַלב האָט געעגבערט, געבויערט.

אפשר איז ער גאָר „מיינער"? — האָט זיך ווייבער גע-באָמבעלט אין קאָפּ — אפשר?...

אַפילו די, וואָס האָבען קיין שום מעגליכקייטען נישט געהאַט צו טראַכטען וועגען דעם, האָבען פונדעסטוועגען גע-פיהלט זיך אומרוהיג, געוואָלט זיך פיהלען אומרוהיג.

פאַר לעצטע געלטער האָבען ווייבלעך גענומען פאָהרען קיין ניעשאַווע, אַרומגעוואַלגערט זיך וואָכען אין הויף, ביז מען וועט איהם זעהן, דערזעהן דעם, וואָס ווייזט זיך נישט, וואָס זיצט פאַרשלאָסען אויף זיבען שלעסער, נאָר וואָס אַ וועלט רעדט פון איהם. ישראל אביגדור האָט געטריבען די עגונות פון הויף. ער האָט אפילו אַ גוי געדונגען, וואָס זאָל זיי מיט אַ בעזעם פאַריאָגען. זיי זענען צוריקגעפאָהרען מיט ליידיגע קע-שענעס און מיט נאָך ליידיגערע הערצער. אָבער אַ טך האָבען

גענומען שרייען, מאַכען קולות, אַז דאָס איז ער טאַקע זייערער, אַז מען זאָל זיי צולאָזען צו איהם. זייערע קוויטשיגע קולות האָבען די אויערען געלעכערט.

ווייבער פון מענער זענען געווען אומרוהיג, געקוקט מיט דערשראָקענע אויגען יעדער אויף „איהרען", צי ער גרייט זיך נישט צו ענטלויפען. טאָמער איז אַ יונגערמאַן אַ סוחר'ל נישט צו דער צייט צוריקגעקומען פון אַ יאַריד, איז שוין אַ ווייבעל אַרומגעלאָפען אַ פאַר'סמ'טע און געמאַכט פיסקלעך. ווייבער גבאי'טעס האָבען געהאַלטען אויפ'ן אויג יעדען פרעמדען מאַנס-ביל, וואָס קומט פון אַ שטאָט, יעדען אורח, צי ער איז נישט אַמאָל אַן ענטלאָפענער פון אַן עגונה.

ווי נאָר עס פלעגט אין שטעטעל אַראָפקומען אַ פרעמ-דער, אַ וואָיאַזשער מיט מוסטערן, אַן אַגענט פון נעה-מאַשינען, אָדער אַ רייזענדער פון אַ פאַרזיכערונגס-געזעלשאַפט, האָבען גבאי'טעס איהם גלייך געכאַפט, און אַ ווייבעל אַן עגונה האָט שוין אָן איהם דערקענט „איהרען". די יונגעלייט פלעגען שרייען, בעטען זיך, שווערען זיך, אַז זיי ווייסען נישט פון קיין פתרון און קיין חלום, אָבער די גבאי'טעס האָבען נישט געהערט. קצבים, די שטענדיגע שונאים פון מענער שאַרלאַטאַנעס און זינדיגע, האָבען דעם פאַרשוין געכאַפט, געפיהרט צום רב, אויסגעטון ביז'ן לייב און געזוכט סימנים, צייכענס. אפילו צו אָרעמעלייט און מגידים האָט מען זיך געטשעפעט. צווישען די אויפגעקלערטע און אַפיקורסים איז געווען ששון ושמחה. קליינ-שטעטעלדיגע משכילים, יונגעלייטלעך אויף קעסט, נגיד'ישע בחורים, האָבען געשיקט צו די העברעאישע זשורנאַלען קיין רוסלאַנד לשון־קודש-בריף, פול מיט מליצות און פסוקים, וועגען דער מעשה-קאַלב און וועגען די קריגערייען אין די שטעטלעך. געענדיגט האָבען זיי אַלע מיט'ן פסוק פון דער מגילה „וכדי בזיון וקצף", און אונטערגעשריבען האָבען זיי זיך אַלע מיט משונה'דיגע נעמען פון נביאים און גרויסע העלדען פון תנ"ך. גאַליצישע אידישע לעהרער האָבען באַשריבען די זאַך אין ווינער צייטונגען אין זעהר אַ געהויבענעם פאָעטישען דייטש,

מיט ציטאַטען פון לעסינג און שילער. אַ קליינשטעטעלדיגער משומד, אַן אַדוואָקאַט, האָט וועגען דעם אָפּגעדרוקט אין אַ פּויליש אַנטיסעמיטיש בלאַט, און איינער אַ ווייבערשער לעהרער פון בראָד האָט גאָר פאַרפאַסט וועגען דעם אַ ליד אין גראַמען און פאַרקויפט עס צו אַ קרייצער אַ שטיק צו אַלע דינסטמיידלעך, משרתים און באַלמעלאָכעס. געשריבען איז דאָס ליד געווען אין הויל דייטש, צו זינגען מיט דער מעלאָדיע פון „דער בראָדער שרפה אין יום־כיפור צו כל־נדרי". אַ „מאַראַליש" ליד, וואָס טאַקע דער זעלבער לעהרער האָט פאַרפאַסט און אַלע האָבען עס גוט געקענט. די נעה־מאַשינען האָבען גאָר בעסער געקלאַפּט ביי אַלע שניידערס און נעהטאָריגס ביים שעהנעם ליד פון דעם בראָדער פאַרפאַסער.

אויך גוטע־אידען, שונאים פון ניעשאַווע, האָבען נישט גערוהט.

נישט נאָר אין גאָרביצ׳, נאָר אין אַלע אַנדערע הויפען האָט מען דערלעבט אַ נקמה אין ניעשאַווע. צופיל חסידים האָט ער געהאַט, דער ניעשאַווער, צו גרויס איז ער געווען. זיי האָבען געקוואָלען פון נחת, איצט. אַ שעהנע מעשה, דער ניעשאַווער בעל־מופת האָט זיך געלאָזט אָפּנאַרען פון אַ קאַלב...

זיי האָבען געוואוסט, אַז דער רבי ר׳ מלך איז שוין אַלט, אַז זיינע טעג זענען געצעהלטע. אָבער זיי איז נישט אַזוי געגאַנגען אין דעם רבי׳ן אַליין, ווי אין דער דינאַסטיע, אין הויף. מען האָט געוואָלט, אַז ניעשאַווע זאָל זיך צעפאַלען, דער הויף זאָל ווערען צו שפּאָט און צו שאַנד, אַז עס זאָל גאָר זיין אַ בושה צו פאָהרען אַהין. חסידים וועלען בלייבען אָהן אַ הויף, אָהן אַ רבי׳ן, וועלען זיי זיך מוזען זוכען אַנדערע רבי׳ס. דערפון קאָן יעדען אַריינפאַלען אַן עולם. עס איז דאָ פון וואָס צו יר׳שענען: חסידים, גבירים, רבנים, שעהנע־אידען. גלייך, ווי פריהער די רבנים, האָבען די רבי׳ס גענומען שטורמען ניעשאַווע, שרייען געוואַלד וועגען פייער, וואָס ברענט דאָרט.

בריף זענען געגאַנגען פון רבי׳ן צו רבי׳ן. בריף, אין וועלכע עס איז נישט געווען אַזוי פיל לומדות ווי אין די רבני׳שע

בריף, אויך איז דאָס לשון-קודש נישט געווען אַזוי גלאַטיג, מיט אַ סך גרייזען און טאַקע קרום געשריבען. אָבער די טיטולען פון איינעם צום אַנדערען זענען געווען נאָך גרעסערע און שטאַרקערע ווי די רבני'שע. מען האָט זיך גערופען מלאך, געטליכער מאַן, שטיק פייער, פלאַם, דונער און בליץ, הימלישע ליכט און אַ סך אַנדערע אַזעלכע נעמען.

צום לעצט האָט זיך אויך דאָס מלכות גענומען אַריינמישען.

ערשטענס, האָבען אידען געשריבען מסירות. קליינע אידען האָבען געשריבען קליינע מסירות צו קליינע באַאַמטע, אַז אין ניעשאַווער הויף זיצט אַ מענש, וואָס האָט צוויי ווייבער. אַז די קליינע האַרען האָבען זיך נישט-וויסענדיג געמאַכט, האָבען גרעסערע אידען געלאָזט אָנשרייבען אַ גרויסע אָנקלאַגע צום קייזערליך-און-קעניגליכען שטאַטהאַלטער. אָבער אויך פון דאָרטען האָט מען זיך נישט געאיילט אַראָפּצושיקען אַ קאָמיסיע צום ניעשאַווער הויף. האָבען אידען צווישען זיך צונויפגענומען געלט און אַוועקגעשיקט אַ דעלעגאַציע פון עטליכע רבנים, גרויסע דייטש-קענערס, מיט אַן אונטערטעניגסטער ביטע צו דער רעזידענץ אַליין, קיין וויען צום קולטוס-מיניסטער, ער זאָל זיך אָננעמען פאַר דעם כבוד פון דער רעליגיע און די אידישע קולטוס-געמיינדעס, וואָס ווערט דורך ניעשאַווע געטרעטען מיט די פיס.

ער האָט געמוזט די שליחים אויפנעמען אַליין, דער קייזערליכער און קעניגליכער מיניסטער. דער רויט-האָריגער רעפערענט איבער אידישע אָנגעלעגענהייטען, דער משומד האָפראַטה פעשעלעס, האָט זיי געוואָלט אַליין אַלץ באַזאָרגען, אַבי נישט מטריח צו זיין עקסעלענץ דעם מיניסטער, וואָס איז שטאַרק פאַרנומען מיט שטאַאַטס-אַנגעלעגענהייטען. אָבער די רבנים האָבען נישט געוואָלט אָפּטרעטען, ביז דער מיניסטער אַליין וועט זיי נישט אויפנעמען.

אין נייע זיידענע זשופּיצעס, וואָס זיי האָבען זיך ספּעציעל געלאָזט אויפנעהען צו דער נסיעה, אין קליינע סאַמעטענע

פֿאַרמעלקעלעך אויף די געגאָלטע קעפּ און מיט אויסגעקרייזלטע ייאות, וואָס האָבען אויסגעזעהען ווי פֿלעשעלעך, האָבען זיי זיך געבויגען ביז די גאַרטלען פֿאַר׳ן רויט־האָריגען האָפּראַטה, דעם משומד פּעשעלעס.

— וויר זענען זעהר דאַנקבאַר דעם גראָסען הערען פֿיר זיין גענאַדע — האָבען זיי געזאָגט — אָבער וויר ווילען האָבען דאָס גראָסע גליק דורך עקסעלענץ זעלבסט עמפּפאַנגען צו ווע־רען. אין דיזען זכות ווען זי האָבען לאַנגע יאָהרען.

דער קולטוס־מיניסטער, גראַף קערוויש נאַוואראַטני, אַן על־טערער גערמאַניזירטער האַלב־אונגאַר, האַלב־טשעך, אַ בלאַסער בלאַזירטער מיוחס און שוטה, וואָס טאַקע צוליב דעם האָט מען איהם געמאַכט פֿאַר קולטוס־מיניסטער, האָט געשאָלטען אין דריי שפּראַכען מיטאַמאָל, אין דייטש, אונגאַריש און אַפילו טשעכיש, ווען דער האָפּראַטה פּעשעלעס האָט איהם געמאָלדען וועגען דער ראַבינער־דעלעגאַציאָן. ביי איהם אין קאַבינעט איז גראָד געזעסען די באַלעט־טענצערין פּיפּי יאַראָוויצי. שוין דריי מאָל האָט ער פֿון איהר שעהן הענטעל געכאַפּט אַ שנעל אין דער נאָז. אָבער דערפֿאַר האָט ער שוין גאַנצע דריי מאָל אויפגע־הויבען איהר דאָס קלייד און מיט דעם ליאָרגניאָן באַטראַכט איהרע „געטליכע״ פיס. ער איז אַזש בלוי געוואָרען פֿון כּעס, ווען דער האָפּראַטה האָט איהם געבראַכט די מעלדונג. ער האָט גע־שאָלטען אַלע אידען ביז תּרח׳ן, אָבער נישט־אויפנעמען קיין גייסטליכע האָט ער נישט געקענט. זיין קייזערליך־קעניגליכע און אַפּאָסטאָלישע מאַיעסטעט האָט שטאַרק געהאַלטען פֿון אַלע גייסטליכע פֿאָרשטעהער. דערצו טאַקע האָט ער קיין אַנדערע אַרבעט נישט געהאַט, ווי אויפנעמען דעלעגאַציעס. ער האָט דע־ריבער אַרויפגעצויגען אַ וויכטיגע לייטזעליגע און פייערליכע מינע אויף זיין בלאַס אָפּגעלעבט פּנים, ער האָט צוגעגלעט די עטליכע שיטערע האָר אויף זיין אויספּאַרפומירטען פּליך, וואָס זענען ביי זיין קאַמף מיט פּיפּי יאַראָוויצי׳ס געטליכע פיס צע־שויבערט געוואָרען, און געהייסען אַריינפֿיהרען די דעלעגאַציע.

ווי נאָר מען האָט זיי אַריינגעפֿיהרט, די רבנים, האָבען

זיי זיך זעהר נישט-געשיקט פאַרבויגען גאָר טיף און געמאַכט הויך אַ ברכה מיט אַ לויב צו גאָט, וואָס ער האָט אָפּגעטיילט פון זיין כבוד צו אַ מענש פון בלוט און פלייש.

אין גרויס צעמישונג און דערשראָקענקייט האָבען זיי פאַר-געסען, אַז די דאָזיגע ברכה מאַכט מען נאָר פאַר'ן קייזער אַליין. דער מיניסטער האָט גלייך באַקומען רויטע פלעקען אין זיין בלאַס געזיכט פון דעם אומפאַרשטענדליכען העברעאישען שפּרוך.

— זעהר געריהרט, זעהר — האָט ער געזאָגט און אויס-געשטרעקט זיין אויסגעצערטעלטע אויסגעבריליאַנטעוועטע האַנט צו די האָריגע מאַכטלאָזע רבני'שע הענט.

אין עכט-גאַליציישען הויך-דייטש, מיט אַ גמרא-ניגון, האָ-בען די רבנים אויסדערצעהלט די גאַנצע געשיכטע מיט יאָשע קאַלב, מיט'ן ניעשאַווערס טאָכטער, מיט דער זאָרג, וואָס דאָס אַלץ פאַרשאַפט די אידען, די טרייע אונטערטאַנען פון זיין קייזערליך-קעניגליכען מאַיעסטעט. דער מיניסטער האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס די אידען ווילען פון איהם, וואָסער קאַלב זיי מיינען, און עס האָט זיך איהם שטאַרק געגלוסט דרימלען.

— זיי זאָלען וועניגסטענס זיין געוואַשען — האָט ער די גאַנצע צייט געקלערט מיט אומרוהיגקייט, וואָס ער האָט זיי די האַנט געגעבען.

פאַר'ן אַוועקגעהן האָבען זיי איהם דערלאַנגט אַ גרויסען בויגען פּאַפּיר און מיט אויפגעהויבענע הענט איהם געבענשט:

— וויר ווערדען אימער פיר איהרע גראָסע גענאַדע דען ליבען העררן גאָט בעטען, פיר דען געזונט, לעבען אונד וואָהל פאָן זיין קייזערליכער אונד קעניגליכער מאַיעסטעט אונד פיר זיין מיניסטער, זיין עקסעלענץ, דען גראָסען אונד עדעלען העררען דען פּרעמיער...

— איך בין עס ניכט — האָט דער קולטוס-מיניסטער גע-זאָגט מיט אַ לייכטען זיפץ.

— עקסצעלענץ ווערדען עס שאָן זיין, מיט הילפע גאָ-טעס — האָבען די רבנים אַלע דריי מיטאַמאָל אַרויסגעזאָגט, נויגענדיג זיך טיף — יעדער, ווער פיר דען פאָלק איזראַעל

גוטעס טוט, ווירד צו צווייטער האַנט דעס הערשערס. זאָ זאַגען אונזערע הייליגע, געלעהרנטע לייט, די טאַלמודיסטען.

גלייך נאָכדעם איז נאָך אונטערגעקומען אַ נייע זאַך. עס איז געקומען צו בלוט-פאַרגיסונג צווישען אידען.

איבער שטעט און שטעטלעך איז אַרומגעפאָהרען אַ טרופּע פון לעמבערגער בעלפערס, וואָס האָט פאָרגעשטעלט „דאָס פרעהליכע לוסטשפיעל פון ניעשאַווער צדיק אָדער יאָשע קאַלב און זיינע צוויי ווייבער". פריהער האָט מען זיי געכאַפּט, די לעמבערגער בעלפערס, ביי אַ זינד. אין דער תלמוד-תורה האָבען זיי דעם גבאי'ס גוי'אישע דינסט פאַרפיהרט. מען האָט זיי דערפאַר פון דער תלמוד-תורה פאַרטריבען און אַפילו פאַר'ן זמן שכירות נישט געוואָלט באַצאָהלען. זענען זיי פאַר כעס געוואָרען אַקטיאָרען. זיי האָבען פון דער ניעשאַווער געשיכטע אַ לוסטשפיל אין דייטשמעריש פאַרפאַסט, לידלעך דערצו געמאַכט און אין שענקען און קנייפּעס, וואו עס קומען אַריין באַלעגאָלעס, משרתים, דינסטמיידלעך און באַלמעלאָכעס, האָבען זיי דאָס געשפּילט. דערביי האָבען זיי זיך פאַרשטעלט איינער פאַר'ן רבי'ן, אַ צווייטער פאַר יאָשע קאַלב, אַ דריטער פאַר'ן רבי'נס טאָכטער און אַ פערטער פאַר צביה דעם שמש'ס.

די בעקער-יונגען און די באַלעגאָלעס איז שטאַרק געפעלען געוואָרען דאָס לוסטשפיעל מיט די לידלעך און זיי האָבען די בעלפערס אַ סך קרייצערס געוואָרפען אין טעלער. דאָס האָט די בחורים צוגעגעבען מוט און זיי האָבען גענומען פאָהרען פון שטאָט צו שטאָט, פון שטעטעל צו שטעטעל. זיי האָבען אַפילו אַ נקבה אין דער טרופּע אַריינגענומען, אַ דינסטמיידעל, אַ יתומה, וואָס האָט צביה די יתומה געשפּילט און זעהר טרויעריגע לידלעך וועגען דעם ביטערען מזל פון יתומות געזונגען. איהר געוויין אויף די קניהען פאַר'ן רבי'נס טאָכטער, זי זאָל ביי איהר נישט צונעמען דעם קאַלב, האָט אַ שטיין געריהרט. און אומעטום איז דערגאַנגען צו געשלעגען צווישען די ניעשאַווער חסידים, וואָס האָבען נישט געלאָזט שפּילען די בעלפערס, און די פּראָסטע יונגען, וואָס האָבען געוואָלט זעהן

דאָס טעאַטער-שפּיל. מען האָט זיך געשלאָגען מיט שטעקענס, מיט וואַלגער-העלצער.

אין סאַנדז איז אַ מלמד אַרויס אין מלחמה געגען די קאָמעדיאַנטען.

ער האָט צונויפגענומען אין שטאָט אַ סך אידען מיט שטעקענס, ווייבער מיט קאָטשערעס און לאָפּעטעס, אויך פרומע באַלמעלאָכעס האָט ער צונויפגערופען, און מיט געשרייען און געוואַלדען געלאָזט זיך צו דעם קאַסינאָ פון קאַפּראַלען, וואָס איז אָפּגעדונגען געוואָרען דורך די בעלפערס אויף טעאַטער.

— אידען, אויף קידוש-השם לאָמיר געהן! — האָט דער מלמד געשריגען און געגאַנגען פאָראויס געגען אַלע יונגען, וואָס האָבען דעם קאַסינאָ באַוואַכט — מיר'ן נישט לאָזען חוזק מאַכען פון אונזער הייליגען צדיק!

די יונגען האָבען איהם געוואָרענט, דעם מלמד, אַז ער וועט שלעכט אָפּשניידען, נאָר ער האָט זיך נישט אָפּגערוקט. מיט גרויסע אויגען, מיט אויפגעהויבענע הענט, איז ער געגאַנגען פאָראויס און גערופען די מחנה:

— אידען, לאָמיר זיך מוסר-נפש זיין! אומקומען!

מען האָט איהם אָפּגעוואָרפען, אָפּגעשליידערט אַזוי האַסטיג, אַז ער איז געפאַלען מיט'ן קאָפּ צו די שטיינער און זיך שוין מעהר נישט אויפגעהויבען. די אידען האָבען איהם איבערגעדעקט מיט דער זשופּעצע ביז איבער'ן קאָפּ און איהם געלאָזט אַזוי ליגען ביז פּאָליציי וועט קומען.

און אין גאַנצען לאַנד האָט זיך אויפגעהויבען אַ געשריי, אַ ליאַרם.

— עק וועלט! — האָבען אידען געזיפצט — צוליב'ן ניעשאַווער הויף איז אידיש בלוט פאַרגאָסען געוואָרען.

אויך די גוים האָבען גערודערט. אין אַלע וויענער צייטונגען איז זעהר פאַרביג באַשריבען געוואָרען די מלחמה צווישען די „לאָקען-יודען”, די פאַנאַטיקער פון גאַליציע. ספּעציעלע קאָרעספּאָנדענטען זענען געקומען. אַ דעפּוטאַט אַ גלח האָט אויך אַריינגעטראָגען אַן אינטערפּעלאַציע אין פּאַרלאַמענט.

— צי ווייסט דער הערר אינערן-מיניסטער — האָט ער געפרעגט — וועגען די בלוטיגע קאַמפּען צווישען די אויסדער-וועהלטע פון יעהאָווא אין גאַליציען, אין צוזאַמענהאַנג מיט ביגאַמיע, וואָס ווערט אין אַ צדיק'ישען הויף געטריבען, און אויב ער ווייסט, וואָסערע מיטלען רעכענט ער אָנצונעמען?

נאָך אין זעלבען טאָג איז איבער די טעלעגראַף-דראָטען פון וויען קיין לעמבערג געגאַנגען אַן אָנפראַגע פון אינערן-מי-ניסטער פון וויען צום קייזערליך-קעניגליכען שטאַטס-האַלטער גראַף קוטשעביצקי אין לעמבערג.

און די ניעשאַווער פעסטונג האָט זיך גענומען ברעכען.

## זעקסאונצוואַנציגסט קאַפּיטעל

ר׳ שכנא דיין האָט זיינס דערגרייכט.

צו פּסח-צו איז אויף אַלע ווענט פון אידישע שטעט און שטעטלעך פון גאַליציע און רוסיש-פּוילען פּאַנאַנדערגעקלעבט געוואָרען אַ קול-קורא, אַן אויפרוף פון זיבעציג רבנים און גאונים, אַזויפיל וויפיל עס זענען געווען אין סנהדרין, אין וועל-כען דער רבי ר׳ מלך פון ניעשאַווע איז גערופען געוואָרען צו שטעלען זיך צו אַ דין-תורה.

אויף די אַלטע מויערען און שטיינערנע צוימען פון אידישע שוהלען, בתי-מדרשים, שעכטהייזער און מרחץ׳ס, צווישען אַלערליי מודעות וועגען ליכט-צינדען, כשר׳ען כלים, הייצען אין מקוה, פאַרלוירענע און געפונענע זאַכען; צווישען אַלערליי מעלדונגען פון סופרים, וואָס קוקען איבער תפילין, פון ספּעציאַליסטען, וואָס היילען, ברוך-השם, אויס געברייכטע און „שבר׳ס״ אָהן אָפּעראַציע, נאָר בלויז מיט אַ גאַרטעלע; צוזאַמען מיט וואָרע-נישען פון בעקערס, אַז נאָך ליכט-צינדען וועלען זיי ביי קיין פאַל נישט אָננעמען קיין טשאָלענט אין אויווען, מיט נייעסען פון פּאַקען-טרעגער וועגען זייערע נייעסטע מעשה-ביכלעך, יאַר-מעלקעס און גאַרטלען, וואָס זיי פאַרקויפען ביליג; צווישען אַלערליי אויפרופען וועגען אידישקייט און אַ דייטשמערישער נאַכריכט פון אַ פריזירקע צו דען געעהרטען פראָם-געזאָנענען דאַמען וועגען די מאָדערנסטע שייטלען און פּאַרוקען פון

געוועהנליכע האָר און ציגען-האָר, וואָס זענען נאָר-וואָס אָנגע-קומען פון וויען, גראָסאַרטיג און עכט-כשר, — איז אַ גרויס, ריזיג פּאַפּיר אויפ׳ן בכבוד׳סטען אָרט געהאָנגען, אַ געדרוקטער אויפ-רוף אין לשון-קודש און עברי-טייטש, אַרום וועלכען אידען האָ-בען זיך נישט אויפגעהערט זאַמלען.

מיט דער הילף פין אויבּירשטין גילויבט זאָל זיין זיין נאָמין — האָט דער אויפרוף געשריבען — ריפין מיר דיא אינ-טערגעשריבינע ציא אַלע אינזערע ברידער פון גאָר דיא וועלט ציא פאַרנעמין אינזער קול וואָס איז וויא דאָס קול פון הימיל זאָגין אינזערע חכמים. אויך זאָגין זייא דאָס איין בית-דין איז גיגליכין צים אַלמעכטיגין דען ווען אינזער מיטער רבקה איז גיגאַנגין ציא שם אין עבר זאָגט דיא הייליגע תורה דאָס זיא איז גיגאַנגין צים אויבערשטין.

נישט חלילה צייליב מחלוקת אין שנאה קעגין עמיצין אָדער באַהיט גאָט צייליב אייגינניצען גייען מיר אַרויס מיט דיא דאָזיקע רייד דען מיר ווייסין דאָס מחלוקת איז ווי געצינדי-נעריא באַשירימט זאָל מען ווערין. נייערט פאַרקעהרט וויל אינזערע אויגין האָבין מעהר נישט גיקענט ציזעהין דאָס וואָס מיר האָבין גיזעהין אין אינזערע אויערין האָבין מעהר נישט גיקענט ציהערין דאָס וואָס מיר האָבין גיהערט. אַ גרויסער חלול-השם רחמנא ליצלן פאַרשפּרייט זיך אין דיא גיצעלטין פין יעקב וואָס ברעננט ציא קריגערייא אין מסירות. אין די בתי-מדרשים ווערט נישט גילערינט נישט גידאַווינט נור גיפיהרט מחלוקת אפילו אין מיטין דאַווינין בפרט ביים לייענין אין דיא תורה וואָס וועגין דעם זאָגט דער הייליגער זוהר דאָס מען איז דערפאַר חלילה פין גאָט אָפּגישיידט. אויך איז דערגאַנגין ציא אינזערע אויערין ווייא איז אינז ציא וואָס מיר זענין גיפאַלין דאָס איין יהודי דעם אַנדערין מסרט אין ענטפערט איבער ציא גוים. אַנדערע האָבין אויך שפּאָט ביכיר גימאַכט אין גיבראַכט ציא זינד דעם המון-עם די גימייני לייט דען די משרתים אין דיא דינסטין אין דיא ווייבער פין המון לייענין באַהיט זאָל מען ווערין, יצנות און זינגין אויך אומווירדיקע לידער מיט

שפּאָט אויף צדיקים אין גאָטספּאָרחטיקע לייט אינזערע צעדער־בּיימיר. ווייא איז אינז דען מיר זענין אויך גיוואָרין ציא שפּאָט אין שאַנד ציא דיא פעלקער. דען זייא לייענין אין די גאַזעטין וועגין אינזער שאַנד וואָס איז אַזוינס צווישין אידען נישט גי־הערט גיוואָרין. אין וויא וועלין מיר קענין דיא אויגין אויפ־הויבּין פאַר דיא שררות אין גרויסע לייט וואָס אינטער זייער שאטין לעבּין מיר. דען בּעט פאַר דעם מלכות זאָגין די היי־ליגע חכמים דען איין מענש וואָלט דעם אַנדערין לעבּעדיגיר־הייט איינגעשלינגין. בּפרט אינטער דעם שיץ פין אינזער גראָ־סען הערשיר דער קיסר המלך האדיר ירים הודו. דען זיי וועּ־לין זאָגין אויבּ אין דיא טענענבּיימיר האָט געטין טיען אויס־בּרעכין אַ פלאָם פייער וואָס זאָל דען טיען דאָס מאָך פון די וואַנט. אויבּ בּיי די צדיקים איז אַזוינס וואָס זאָל שוין זאָגין דער גימיינער המון. אַ ציטערניש נעמט אן אינזערע לייבּער אין אַ שטרויכלינג אינזערע הענט דאָס עס איז פאַרגאָסין גי־וואָרין אימשילדיג בּלוט גאָט זאָל זיך שוין אויף אינז דער־בּאַרמין.

מיט גיבּראָכינע הערצער אין מיט גיוויין אין דיא אויגין ריפין מיר ציא זיין הויכין כּבוד דעם רבּין פון ניעשאַווע שליטא ער זאָל זיך בּאַדענקין אין גיין צום דין דען עס פאָדערין איהם אויף זיבּעציק רבּנים וואָס איז וויא דער סנהדרין.

מיר זאָגין נישט פריהער אויס קיין זאַך אין מיר טראגין נישט אַרויס קיין פּסק חלילה. אָבּער אַ שלעכטע בּשורה איז דערגאַנגין צי אינזערע אויערין דאָס איין מאַן וואָס אַ שטאָט מיט עדות אויך בּאַגלויבּטע לייט תּלמידי חכמים דערקענין אין איהם אַן אינטער שמש פין דער שטאט בּיאלאגורה מיט דעם נאמין יאשע (קאַלבּ) דער האט אין בּיאלאגורה איבּערגילאזט איין ווייבּ איין עגונה די טאָכטער פון ר׳ קנה שמש האָט זיך אויסגיגעבּין פאַר אַן איידים פון ניעשאַווע אין ער וואוינט ווייא איז אינז מיט דעם רבּינס טאָכטער איין אשת איש. מיר זענין ניט חלילה מסכּים מיט די רייד בּעפויר די זאַך איז קלאָר גע־וואָרין דורך אַ דין תּורה. נייערט מיר פאַרלאַנגין דאָס דער

רבי פין ניעשאווע שליט"א זאָל נישט פארלאזין זיך אויף זיין דעה אין ניט זיין הארט אין זיין גידאַנק. אין אפילו ווען בלויז איין מענש ריפט איהם ציא א דין תורה דאַרף ער גיין בפרט ווען זיבעציג רבנים אין גרויסע לייט פאדערין. טיא אפּ פין דיר דאָס קרימינג פין מויל אין דערווייטער פין דיר דאָס שפליצערין פין לעפצין. דיא חכמים זאגין אפילו ווען די ביזט גירעכט. פאַר דער תורה איז גלייך דער רייכער ווי דער גי-מיינער מאַן. אפילו דוד המלך זיין זכות זאָל אינז ביישטיין אמן ווען אויף איהם איז גיפאַלין אַ פלעק אין דיא חכמים זאגין דאס ווער עס זאגט אז דוד המלך האט גיזינדיגט איז ניט אנדערש ווי ער האט א טעות דאך איז גיקימען ציא איהם דער נביא אין איהם גישטראפט אין דאס קינד ביי איהם צי-גענימען.

מיט דעם כוח פין דער הייליגער תורה אין מיט דער הסכמה פין גאונים אין צדיקים פאדערין מיר אויף זיין הויכין כבוד ער זאל זיך שטעלען פאר א בית-דין פון זיביציג רבנים שפעטסטינס ביז אנהויב פון חודש אייר מיר זאלין דערלעבין. צוליב זיין כבוד אין אויך צוליב זיין עלטער קיין עין-הרע אין בפרט ווען דער מאהנער מיז קימען צים גימאהנטין וועט דאָס בית-דין קימען מיט גאטס הילף קיין ניעשאַווע הגם די טרחה אין דיא הוצאות זענין גרויס. אבער ביז דיא צייט טאר דער פרעמדער מאן וואס אויף איהם איז דא א חשד לא-עלינו קיין איין אויגינבליק ניט זיין מעהר מיט דער טאכטער פין רבין שליט"א דיא אשת-איש וואס איז חלילה א ספק פין בליט-שאנד. נייערט זייא זאלין גלייך ווערין אפגישיידט אין נישט זיין אפילו אינטער איין דאך. אזוי זענין די רייד פין דיא וואס רעדין מיט גיבראכינע הערצער אין דערשלאגין געמיט. אין צי די וואס ווילין הערין וועט זיין זיס אין עס וועט קימען אויף זיי אַ בענשינג. אין חודש ניסן צים סדר דער כהן זאל פאַרגיבין צי איהם פאר גאט.

אונטערגעשריבען זענען דערויף געוועזן זיבעציג רבנים, אלע מיט די נעמען פון די פאָטערס און די שטעט פון זייערע

קהלות. דער רבי ר׳ מלך פון ניעשאַווע האָט זיך מעהר נישט געקענט געגענשטעלען. דערצו האָט מען איהם אויך פון שטאָט-האַלטער געגעבען צו פאַרשטעהן, אַז ער זאָל זעהן דורכצופיהרען די זאַך דורך אַ דין-תורה, אַ נישט וועט זיך די מאַכט מוזען אַריינמישען. און דער רבי האָט די דין-תורה אָנגענומען, אויף דעם ערשטען טאָג פון חודש אייר אין ניעשאַווע, און ער האָט אויך צוגעשטעלט זיינע רבנים, ניעשאַוועֶר חסידים, וואָס זאָלען זיצען אין בית-דין פון זיבעציג.

גלייך נאָך פסח האָבען אָנגעהויבען ציהען מחנות פון ביידע זייטען גרענעץ צו דער גרויסער ניעשאַווער דין-תורה.

עס זענען אָנגעפאָהרען גרויסשטעטישע רבנים פון גאַלי-ציע און רוסיש-פוילען, אידען מיט ברייטע אַטלעסענע כאַלאַ-טען, מיט גרויסע לעדערנע רייזע-טאַשען און מיט שמשים, און עס האָבען זיך געבראַכט צושלעפען קליינע, אויסגעדאַרטע, פאַרשוואַרצטע רבנים׳לעך, שלימאַזלען, וואָס מען וויל זיי אַרויס-טרייבען פון זייערע שטעטלעך און זיי זענען געקומען זוכען גערעכטיגקייט ביי די גרויסע רבנים, וואָס פאַרזאַמלען זיך אין ניעשאַווע. עס זענען אָנגעפאָהרען מיט טאַראַראַם גבירים, קהל-לייט, אידען תקיפים מיט גלאַנציגע סאַמעטענע קאַפּעלאַטשען און מיט אויסגעקעמטע בערד, וואָס מוזען זיין אומעטום, וואו עס קאָכט זיך, און עס האָבען זיך געצויגען פון אַלע וועגען פאַרבלאָטיגטע אָרעמעלייט, כדי צו כאַפּען אַ פעטע נדבה. אידען מחברים זענען געקומען מיט זייערע געדיכט-אָנגעשרי-בענע חיבורים, כדי אַריינצוכאַפּען ביי עטליכע גרויסע רבנים אַן הסכמה און קענען דערנאָך פאָהרען איבער דער וועלט און זאַמלען פרענומעראַנטען. אידען נשרפים, טאַטעס פון פאַרזעסענע טעכטער, מיוחסים, האָבען זיך באַצייטענס אַראָפּגעלאָזט קיין ניעשאַווע, כדי צו זאַמלען געלט אויפ׳ן אָרט און טאַקע איינ-איינוועגס נעמען עטליכע באַריהמטע חתימות פון אָנגעזעהענע לייט, וואָס מיט אַזעלכע קאָן מען דערנאָך אַ לעבען לאַנג אַרומפאָהרען איבער שטעט און שטעטלעך און זאַמלען בכבוד געלט. עס זענען געקומען פאַרזאָרגטע טאַטעס פון כלה-מיידלעך,

וואָס זענען געשטרויכעלט געוואָרען און זיי דאַרפען אַ כתב פון רבנים וועגען זייער עהרליכקייט. מענער פון ווייבלעך מרה־שחורה׳ניצעס זענען געקומען זאַמ׳ען מיט איין מאָל חתימות פון הונדערט רבנים, אַז זייערע ווייבער זענען משוגע און דע־ריבער מעגען זיי חתונה האָבען מיט אַנדערע אָהן אַ גט. יונ־געלייטלעך, וואָס לערנען זיך אויף רב, האָבען געזוכט צו פּאַ־קען ביי אַ גרויסען רב סמיכה. יונגע שוחט׳לעך האָבען גע־פיהרט מיט זיך זייערע שאַרפע חלפים, כדי צו באַווייזען, ווי גוט זיי קענען אָנשטעלען אַ חלף. עילוים, ווילדע בחורים, זע־נען געקומען שמועסען אין לערנען, אַרויסווייזען לומדות, כאַ־פּען אַ לויב פון אַ גרויסען רב און דערפאַר נעמען דעם אמת׳ן נדן אָדער קריגען אַ רבנות. עס זענען זיך אויך אָנגעפאָהרען גרויסע שדכנים, חוצפּה׳דיגע אידען לייזיגגעהער, וואָס זענען איינגעהערס ביי גבירים, כדי דורכצופיהרען אין ניעשאַווע אַ שידוך צווישען אַ גביר׳ישער טאָכטער און אַ מיוחס׳דיגען רבנישען זוהן. רבי׳צינס אלמנות מיט גרויסע אַטלעסענע טשי־פּיקעס, וואָס די קהלות באַ׳עולה׳ן זיי נאָכ׳ן מאַנס טויט, פאַר־דאַרטע רבנישע טעכטער יתומות, וואָס ווילען, אַז קהל זאָל זיי געבען דאָס רבנות פאַר אַ נדן און דערפאַר קריגען אַ חתן — זענען געקומען זוכען גערעכטיגקייט. אידען מוכר־ספרים׳ניקעס מיט אַלטע ספרים אַנטיקען, יקר־המציאות׳ען, טלתים־הענדלער, עטרה־מאַכער, ציצית־פלעכטער, קירזשנער מיט שטריימלען, קאַ־פּעלאַטש־מאַכער, דרוקער, וואָס נעמען זיך אונטער דרוקען חיבורים — אַלע האָבען זיך אויסגעלייגט מיט זייערע סחורות. עס זענען אָנגעפאָהרען דייטשלעך מיט דינע שטעקעלעך, אַגענ־טען, וואָס זוכען אַ הכשר אויף כל־ערליי ווייגען, סאַרדינען, בוימעל, קילקעס, פאַבריק־קיכלעך, טהעען און אַנדערע אַרטיק־לען. אפילו אַ גוי אַן אַפּטייקער פון מונקאַטש, וואָס האָט ער־פונדען אַ פּראָשעק צו ראַזירען זיך, האָט זיך אַרומגעדרעהט אַ פאַרבלאָנדזשעטער און געזוכט אַ גראַנד־ראַבי, וואָס זאָל איהם געבען אַ הכשר פאַר אַלע פראָם־געזאָנענע דייטשען, זיי זאָלען זיך מעגען גאָלען די בערד לויט דער מאָזאַאישער רעליגיאָן.

און עס זענען זיך אויף אָנגעפאָהרען מיט אייגענע פערד און וועגעלעך פאַרהאָרעוועטע דאָרפישע אידען און ווייבער מיט זייערע חולאים, אַלערליי עקרה׳ס, מרה-שחורה׳ניקעס, געליימטע, דיבוקים, כדי ענדליך אויסצופועל׳ן אַ הילף ביי די פיל פאַרזאַמעלטע הייליגע לייט.

צום סאַמע לעצט זענען אָנגעקומען די חשוב׳סטע פון די רבנים.

עס איז געקומען דער אייזערנער קאָפּ פון דינאַבורג, אַ אידעל אַ דיקס, אַ קיילעכדיגס, וואָס סאַי מיט זיין אויסזעהן, סאַי מיט זיין אָנטוען זעהט ער אויס ווי אַ קרעמערל, אָבער אויגען האָט ער גרויסע, ווילדע, וואָס שטעהען אויף קיין רגע נישט איין אויף קיין אָרט, לויפען הין און צוריק, ווי וועלף אין אַ שטייג. עס איז געקומען דער לובלינער גאון, אַן אַלטער מאַן מיט אַ ווייסער באָרד ביז׳ן גאַרטעל, עהנליך צו אַברהם אָבינו, וואָס גוים מאָהלען אויף די בילדער. עס איז געקומען דער ליזשאַנער צדיק, אַ איד, וואָס קיין למדן איז ער נישט אַזאַ גרויסער, אָבער ער מאַכט אַ סך ספרים׳לעך, אָהן אַ שיעור ספרים׳לעך, אין וועלכע ער האַלט אין איין פאַרביטען, אין איין שרייבען, אַז מען טאָר נישט. שוין לאַנג ווילען אידען צו איהם פאָהרען, פאַר אַ רבי׳ן איהם מאַכען, נאָר ער וויל נישט. און עס איז געקומען דער עלטסטער און דער גרעסטער פון אַלע, דער קראָקעווער רב, אַ איד אַ זקן, וואָס קיינער ווייסט גאָר אַליין נישט ווי אַלט ער איז, אַן איינגעשרומפען אידעלע, אויסגעטריקענט, ווי אַ שפאָן, וואָס צוויי מענשען מוזען איהם פיהרען אונטער די הענט, און זיין גרויסער קאָפּ הערט נישט אויף שאָקלען זיך אויף רעכטס און לינקס איבער זיין דאַר-איינגעשרומפען הינעריש העלזעל, גלייך ווי ער וואָלט אויף אַלץ אין דער וועלט נישט מסכים זיין, זאָגען: ניין, ניין!

פון ביאַלאָגורע איז אַ האַלבע שטאָט אָנגעקומען צוזאַמען מיט קנה שמש און זיין טאָכטער. אויסגעפּאַשעט זענען זיי געוועזן ביידע, קנה מיט זיין צביה. זיי האָבען געשיינט

איינגאַנצען פון די גוטע צייטען אין וועג. אויך אויסגעפוצט זע־נען זיי געווען. צביה האָט אַפילו געטראָגען אַ ניי טיכעל אויפ'ן קאָפּ. און ר' שכנא דיין האָט אַרומגעשפּאַנט מיט צעפּלאָנטענע זיגערישע גרויסע טריט. זיין נאָז איז געווען רויט ווי נאָך קיינמאָל נישט.

ער איז תּחילת נישט געווען זיכער, צי מען האָט טאַקע דעם יאָשע קאַלב אָפּגעשיידט פון רבינ'ס טאָכטער, ווי די רבנים האָבען געפּאָדערט, און ער איז געווען אומרוהיג. ער האָט נישט אויפגעהערט אַרומשנאַפּען און אַריינשטעקען אומע־טום די רויטע נאָז זיינע, כּדי צו דערגעהן ווי די זאַך האַלט. ענדליך איז ער דערגאַנגען, אַז ער איז באַזונדער, דער יאָשע, אין אַ זייט, אַפילו נישט אונטער איין דאַך, ווי ער האָט עס געוואָלט און ווי די רבנים האָבען עס געפּאָדערט. ער האָט זיך געפיהלט אַ זיגער, אַ זיגער אויף דעם גאַנצען פּראָנט, און ער האָט געשנייצט די נאָז מיט צופרידענקייט, געקייט די מאָגערע באָרד און געשטעקט הענט צו רבנים פון אַלע זייטען.

— שלום עליכם, רב, געלויבט דער אויבערשטער, וואָס מען האַלט שוין אַזוי ווייט. אַ וועלט איז, ברוך־השם, נישט הפקר...

דריי טעג צייט איז אין ניעשאַווער בית־המדרש אָנגעגאַנ־גען דער גרויסער משפּט. דריי טעג צייט האָבען זיך געוואָקעלט די וואָגשאָלען פון ניעשאַווער און ביאַלאָגורע. דאָ האָט איין וואָג־שאָל איבערגעוואויגען, באַלד די צווייטע.

אויבען־אָן, אויף אַ גרויסער, ברייטער פּאַטער־שטוהל, אויף עטליכע קישעלעך אונטערגעלייגט, כּדי צו קענען דערלאַנגען צום טיש, איז געזעסען דער קראָקעווער רב, דער זקן און גאון. זיין גרויסער קאָפּ האָט זיך נישט אויפגעהערט שאָקלען הין און צוריק, ווי ער וואָלט נישט איינגעהן אויף קיין שום זאַך. מיטביידע אויסגעטריקענטע הענט האָט ער אונטערגע־האַלטען די פאַרוואַקסענע אַראָפּהענגענדע אַלטע אויערען, כּדי צו דערכאַפּען, וואָס מען רעדט.

פון ביידע זייטען טישען, וואָס זענען געווען אויסגעשטעלט

ווי אַ „ח"‏, זענען געזעסען די איבעריגע ניין-און-זעכציג רבנים, יעדער לויט זיין אָנגעזעהענקייט. ביי אַ טיש דערנעבען איז געזעסען דער רבי ר' מלך מיט זיין איידעם. מען האָט איהם גע-וואָלט אַוועקזעצען אויבען-אָן, דעם רבי'ן, אָבער ער האָט זיך נישט געוואָלט זעצען נעבען די רבנים.

— עך וויל זיצען נעבען מיין איידעם ר' נחום — האָט ער געזאָגט.

דערמיט האָט ער ג,ייך געגעבען צו פאַרשטעהן, אַז ער האָט נישט דעם מינדסטען צווייפעל וועגען דעם צוריקגעקומע-נעם. דאָס האָט אַ שטיל מורמלען איבער'ן גאַנצען בית-המדרש אַרויסגעבערענגט. אַלע האָבען אויף דעם גע'משפט'ען די אויגען אָנגעשטעלט, אָבער ער אַליין האָט קיינעם נישט געזעהן. אַן אָנזעהעוודיגער, אַ געוואוקסיגער, אַ ביינערדיגער, איז ער גע-זעסען רוהיג אויף זיין אָרט און כסדר געווען פאַרטיפט אין אַ ספר, וואָס איז געלעגען פאַר איהם. ישראל אביגדור איז גע-שטאַנען גלייך, ווי אַ זעלנער, ביים רבינ'ס שטוהל.

אויף אַ באַנק פון אַ צווייטער זייט איז געזעסען קנה שמש צוזאַמען מיט ר' שכנא דיין. פונקט ווי ר' שכנא האָט זיך געקאָכט זיצענדיגערהייט, געשנייצט די נאָז, געשמעקט טאַ-בעק, געוואָרפען מיט די הענט, אַזוי איז קנה שמש געזעסען אַ רוהיגער, אַ קאַלטבלוטיגער, אַ גלייכגעזעצטער. אויף לאַנגע בענק זענען געזעסען אויסגעזעצט די עדות די מאַנסבילען. פאַר די ווייבער פון ביידע צדדים איז געווען אָפּגעטיילט אַ ווינ-קעל, פאַרהאָנגען מיט אַ טישטוך פון שולחן. דאָס איבעריגע בית-המדרש איז געווען געפאַקט מיט אָנגעפאָהרענע שעהנע-אידען, גבירים, מיוחסים, לומדים און רבני'שע מקורבים און שמשים, וואָס האָבען נישט אויפגעהערט קריגען זיך איבער אַן אָרט און איבער כבוד.

— שייגאַץ! — האָט מען זיך געזידעלט — דרך-ארץ דאַרפס-טו האָבען! וואו שטופסט דו זיך אויבענאָן, דו וויינער-יונג!...

אויפ'ן בעלעמער זענען געשטאַנען גרויסע ליכט, וואַקסענע און שוואַרצע, אַ שופר איז גע,עגען און אַ טלית מיט

אַ קיטעל צוגעגרייט אויף אַ שבועה. אין ווינקעל בית-המדרש איז געשטאַנען דאָס טהרה-ברעט, אויף וועלכען אידען האָבען אויס-געמיטען צו קוקען. פון דרויסען האָבען פראָסטע אידען, באַל-מעלאָכעס, ווייבער און חדר-אינגלעך אָנגעהאָנגען זיך אויף די פענסטער.

צום ערשטען זענען אַרויסגערופען געוואָרען די פשוט'ע עדות, ביאַלאָגורער אידען, אויך אַביש קצב.

— אידען — האָט דער קראָקעווער רב געזאָגט — אַן עדות גיט מען נישט קיין שבועה ביי אידען. אָבער זאָגען פאַר'ן בית-דין איז אַזוי גוט, ווי מען וואָלט געשוואוירען ביי אַ ספר-תורה. איהר שטעהט פאַר זיבעציג רבנים. דאָס איז אַזוי, ווי איהר וואָלט געשטאַנען פאַר אַ סנהדרין. באַטראַכט גוט, איידער איהר געהט עפּעס זאָגען, ווייל ברייט איז די טיר, וואָס פיהרט צום גיהנם, און שמאָל איז זי אויף אַרויס. דאָס לעבען און דער טויט איז ביי דער צונג אין דער האַנט. האָט איהר גוט פאַרשטאַנען, וואָס איך האָב דאָ אייך געזאָגט?

— גוט, רבי — האָבען אידען געזאָגט מיט מורא.

— געהט צו, קוקט נאָכאַמאָל אָן דעם בעל-דין און זאָגט ווער ער איז.

— יאָשע... יאָשע קאַלב פון ביאַלאָגורע.

— וואָסערע סימנים האָט איהר דערויף, אַז דאָס איז יאָשע פון ביאַלאָגורע? — האָט דער רב געפרעגט.

— מען דערקענט איהם, פון אָנבליק.

— ווייסט איהר, אַז עס קענען זיין צוויי מענשען, וואָס האָבען דעם אייגענעם אָנבליק?

— יאָ, רבי.

— אפשר דאַכט זיך אייך בלויז, אַז דאָס איז יאָשע?

— ניין, רבי.

— זענט איהר זיכער אין אייערע רייד?

— יאָ.

— אפשר האָט איהר דעם קלענסטען ספק? שעהמט זיך נישט.

— ניין, רבי, מיר'ן די נשמה נישט פאַרקויפען.

די ביאַלאָגורער וואָגשאָל האָט אַראָפּגעוואויגען אויף איהר זייט.

— ר' שכנא דיין — האָט דער קראָקעווער רב גערופען — איהר זענט אַ רב און איך דאַרף אייך נישט זאָגען, וואָס עס איז אַזוינס זאָגען עדות פאַר'ן בית-דין!

— איך ווייס — האָט ר' שכנא געזאָגט.

ער האָט עטליכע מאָל אויסגערייניגט די נאָז מיט אַ פייף-אַ סימן, אַז ער גיט זיך אָפּ אַ רעכנונג דערפון, וואָס דאָ גע-שעהט, און ער האָט געזאָגט מיט אַ הויך, נאָר הייזעריגליך קול

— איך זאָג עדות פאַר'ן בית-דין פון די גרעסטע גאונים און צדיקים, אַז דער איד, וואָס זיצט דאָ פאַר'ן משפט, איז דער אונטערשמש פון ביאַ-אָגורער בית-המדרש, יאָשע קאַלב, וואָס אַ בית-דין פון דריי האָט גע'פסק'ענט, אַז ער זאָל חתונה האָבען מיט צביה, דער טאָכטער פון קנה שמש פון דער איי-גענער שטאָט. זי האָט עדות געזאָגט פאַר'ן ביאַלאָגורער בית-דין, אַז זי איז געוואָרען מעוברת פון דעם יאָשע, און דערפאַר האָט מען זי חתונה געמאַכט אין ביאַלאָגורע אויפ'ן גוטען-אָרט. ער האָט די צביה מקדש געווען פאַר אַ שטאָט מיט אידען. אין דער חופה-נאַכט איז ער ענטלאָפען און די צביה איז גע-בליבען אַן עגונה. איך זאָג עדות פאַר'ן בית-דין, אַז דאָס איז דער אייגענער יאָשע.

אַ ברומעריי איז דורך איבער'ן בית-המדרש. זיפצען האָ-בען געשניטען ווי מיט מעסערס.

— שאַ, שטיל זאָל זיין! — האָט דער קראָקעווער רב גערופען.

— שאַ, שטיל זאָל זיין! — האָבען אַלע רבנים נאָכגע-רופען.

די ביאַלאָגורער וואָגשאָל האָט נאָך שטאַרקער אַראָפּגע-וואויגען.

באַלד איז געקומען ישראל אביגדור און אַזאַ ציה געטון

ביי דער וואָג, אַז די ביאַלאָגורער שאַל איז אַרויפגעפלויגען אין יער הויך.

ער האָט עס געמאַכט זעהר פייערליך, ישראל אביגדור. ער האָט זיך פריהער געוואַשען די הענט, ווי ער וואָלט גע-גאַנגען דאַוונען. ער האָט גלייך-געמאַכט די יאַרמעלקע מיט'ן קאַפעלאַטש אויפ'ן קאָפּ, אַרומגעבונדען דעם גאַרטעל און מיט אַזעלכע פרומע טריט צוגעגאַנגען צום טיש, ווי מען וואָלט איהם אויפגערופען צו דער תורה צו גאָר אַ פעטער עליה. דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט גלייך, ער האָט פאַרמאַכט די אויגען, און וואָרט ביי וואָרט, מיט אַ קול, וואָס לאָזט זיך הערען ווי ווייט, האָט ער געזאָגט:

— פאַר'ן בית-דין, פאַר מיין רבי'ן, פאַר אַן עדה אידען, אין בית-המדרש, זאָג עך, עך ישראל אביגדור בן פייגע לאה, אַז דער בעל-דין, וואָס זיצט דאָ פאַר אונז, איז ר' נחום, דער איידעם פון מיין רבי'ן. ער האָט געגעבען סימנים ביים צוריק-קומען זיינעם פון גלות-אָפּריכטען. איך האָב איהם בודק געווען און געזעהן, אַז די סימנים אויף זיין לייב, וואָס עס האָט גע-געבען דעם רבי'נס טאָכטער, סערעלע, זענען די אייגענע. איך בעט רשות ביים בית-דין, אַלץ איבערצוגעבען.

— זאָגט — האָט דער קראָקעווער רב באַפוילען.

ישראל אביגדור האָט דערצעהלט, דערצעהלט אַלץ, די מעשה מיט'ן ספר רזיאל-המלאך, מיט'ן גלאָז מילך, מיט אַלע איבריגע סימנים. קיין איינציגען פּרט, קיין איין קלייניגקייט האָט ער נישט דורכגעלאָזט. די גיעשאַוועור וואָג האָט זיך גע-צויגען אַראָפּ, אַראָפּ, אָבער מיטאַמאָל האָט זי אַזאַ ציה גע-טון אַראָפּ, אַז אַלע זענען געבליבען זיצען מיט אָפענע מיילער.

ער האָט געעפענט די אויגען, ישראל אביגדור, אַ קוק געטון אַרום זיך און גענומען די באָרד אין דער האַנט אַריין.

— רבותי — האָט ער געזאָגט — עך בין נישט מעהר קיין יונגערמאַן, כ'שטעה שוין נאָהענט פאַר'ן גרויסען דין, פאַר'ן דין-וחשבון אויף יענער וועלט, און ביי מיין גרויער באָרד

זאָג איך, אַז אַלץ, וואָס איך האָב דאָ געזאָגט פאַר'ן בית-דין, איז אמת, ווי עס איז אמת די תורה פון הימעל.

ער האָט נישט געהאַט קיין טעות, ישראל אביגדור, ניין. די גרויע באָרד זיינע האָט מיט אַזאַ שווערקייט אַ ציה געגעבען ביים צינגעל פון דער וואָג, אַז מיט ר' שכנא דיין האָט עס אַזש גענומען טרייסלען.

נאָך די עדות האָט מען ביידע ווייבער אַריינגערופען. צום ערשט האָט מען קנה שמש'ס טאָכטער אויסגעהערט.

זי איז גאָרנישט געווען צו דערקענען, די צביה. פון אַרומפאָהרען מיט איהר פאָטער איבער שטעט און שטעטלעך, פון באַגעגענישען מיט פרעמדע מענשען, איז זי אַ גאַנצער לייט געוואָרען. זי האָט פאַרשטאַנען, וואָס מען רעדט צו איהר געענטפערט מיט גאַנצע ווערטער, און אפילו ווייניגער געשטאַמעלט און זעלטען געהירזשעט.

— אשה — האָט דער קראָקעווער רב זי געוואָרענט — שטעהסט פאַר רבנים. פאַרשטעהסט וואָס דאָס הייסט? מוזט זאָגען דעם ריינעם אמת. פאַר זאָגען ליגען פרעגעלט מען אין גיהנום. ווייסט דערפון?

— יאָ — האָט צביה געזאָגט.

— געה צו נאָהענט צו דעם איד, וואָס זיצט דאָ ביים טיש, און זאָג ווער ער איז.

— יאָשע קאַלב — האָט צביה געזאָגט.

— ווער איז ער?

— מיין מאַן.

— וואָסערע סימנים קאָנסטו געבען דערויף, אַז ער איז דיין מאַן?

— איך יאָשען דערקען — האָט זי געענטפערט.

— קיין אַנדערע סימנים האָסטו נישט?

— כ'ווייס נישט.

— קאָנסטו שווערען ביי אַ ספר-תורה, אַז דאָס איז דיין מאַן, יאָשע?

— איך שווערען — האָט צביה געזאָגט.

נאָך איהר האָט מען אַרייַנגערופען סערעל דעם רבינ'ס טאָכטער. ישראל-אַביגדור האָט זי געפיהרט מיט אַזאַ דרך-ארץ, ווי זי וואָלט געווען דער רבי אַליין.

— אַ וועג מאַכטס! — האָט ער גערופען.

אַ בלאַסע, מיט רויטע אויגען, סימנים פון וויינען, איז זי מיט שטילע טריט דורכגעגאַנגען דאָס בית-המדרש. זי האָט אַ בליק געטון צום טיש, וואו עס זענען געזעסען איהרע, דער פאָטער און דער מאַן, איהר נחום, וואָס שוין זייט עטלי-כע וואָכען ווי מען האָט איהם פון איהר אָפּגעשיידט. דער פאָטער האָט אויף איהר אַ בליק געטון, אָבער דער מאַן נישט. ער איז געזעסען פאַרטיפט איבער זיין ספר. זי האָט גלייך דערפיהלט אַ שוואַכקייט אין די קניהען. ישראל אביגדור האָט איהר צוגעטראָגען אַ שטוהל.

— ניעשאַווער רבי'נס טאָכטער — האָט דער קראָקעווער רב געזאָגט — איהר ווייסט, וואָס דאָס איז אַזוינס אַ בית-דין פון זיבעציג?

— כ'ווייס — האָט סערעל געזאָגט שטיל — דאָס איז ווי אַ סנהדרין.

— אמת — האָט דער קראָקעווער רב געזאָגט — איהר קאָנט חומש, מעג זיין אין עברי-טייטש?

— יאָ.

— איהר ווייסט, וואָס עס קומט אַן אשת-איש פאַר וואוי-נען מיט אַ פרעמדען מאַן?

— פאַרשטיינגט צו ווערען.

— אמת. איהר ווייסט, אַז זינט דאָס בית-המקדש איז חרוב געוואָרען, האָט בית-דין נישט קיין רשות צו פאַרשטיינען. אָבער עס איז דאָ אַ שטראָף פון הימעל אָנשטאָט דעם.

— כ'ווייס — האָט סערעל געזאָגט — פאַרשניטענע יאָהרען.

— אמת — האָט דער קראָקעווער רב געזאָגט — געהט צו, קוקט אָן דעם איד, וואָס זיצט דאָ, און זאָגט פאַרן בית-דין, ווער ער איז.

— מיין מאַן ר' נחום — האָט סערעל געזאָגט פעסט

— ווי אַזוי זענט איהר זיכער? אייער מאַן איז דאָך פון אייך אַוועק אויף גאַנצע פופצען יאָהר. האָט איהר איהם דער־קענט?

ער האָט מיר געגעבען סימנים.

— וואָסערע סימנים?

סערעל האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— שעהמט זיך נישט. איהר שטעהט פאַר'ן בית-דין. זענען דאָס געווען סימנים צווישען מאַן און ווייב?

— יאָ.

— האָט קיינער נישט געקענט וויסען פון די סימנים? האָט איהר עס נישט אַמאָל דערצעהלט עמעצען פון אייערע נאָהענטע חבר'טעס?

— ניין.

— אפשר האָט עס אייער מאַן עמעצען דערצעהלט און יענער האָט זיך מיט די סימנים באַנוצט?

— איך האָב אויך געהאַט סימנים אויף זיין לייב — האָט סערעל שטיל געזאָגט און אַ רויטקייט האָט באַגאָסען איהר פּנים — דער טאַטע, זאָל לעבען, האָט געהייסען נאָכזעהען.

אַ מורמעל איז דורך איבער'ן בית-מדרש.

— שאַ! — האָט דער קראָקעווער רב גערופען.

— שאַ! — האָבען אַלע רבנים נאָכגעזאָגט.

סערעלע דעם רבי'נס איז צוריקגעגאַנגען אויף איהר אָרט. מען האָט אַרויסגערופען קנה שמש.

— ר' קנה — האָט דער קראָקעווער רב געזאָגט — איהר זענט אַ בעל-דין, דער פאָטער פון דער ביאַלאָגורער עגונה, וואָס טענה'ט, אַז דער איד, וואָס זיצט דאָ, איז איהר מאַן יאָשע. לויט'ן דין דאַרף אַ בעל-דין שווערען. אַזוי ווי אַן אשה גיט מען נישט קיין שבועה, וועט איהר, איהר פאָטער, דאַרפען שווערען. קאָנט איהר שווערען, אַז דער איד איז דער מאַן פון אייער טאָכטער.

— יאָ, רבי — האָט קנה שמש געזאָגט פעסט.

דער קראָקעווער רב האָט צעשאָקעלט דעם קאָפּ אויף אַלע זייטען.

— אַ שבועה איז נישט קיין קלייניגקייט — האָט ער גע־זאָגט מיט אַ פאָרכטיג קול — פאַר פאַלש שווערען, פאַר האָ־בען אפילו אַ טעות ביי שווערען, איז דער גיהנום צו קליין. אויב איהר האָט דעם קלענסטען קלעהר, זאָלט איהר זאָגען.

— איך וויל שווערען — האָט קנה געזאָגט — פאַר'ן אמת מעג מען שווערען.

— שמש, לעש אויס די וואַקסענע ליכט — האָט דער רב באַפוילען זיין שמש — און צינד אָן די שוואַרצע ליכט.

דער שמש האָט אַזוי געטוהן.

— טראָג צו דאָס טהרה־ברעט צום בעלעמער.

אַלע אידען זענען געוואָרען בלייך. קנה האָט זיך דערויף נישט אומגעקוקט. ער האָט די זאַכען געקענט.

— ר' קנה, געהט וואַשט אייך די הענט, געהט אַרויף אויפ'ן בעלעמער, טוט אָן קיטעל און טלית.

קנה איז צוגעגאַנגען צום האַנטפאַס, געוואַשען די הענט, דערנאָך איז ער רוהיג אַרויף אויפ'ן בעלעמער און אָנגעטוהן דעם קיטעל און טלית.

דער קראָקעווער רב האָט מיט וואַקלענדע טריט, אונטער־געהאַלטען פון צוויי רבנים, דערנעהנטערט זיך צום בעלעמער און אַ קלאַפּ געטוהן אין טיש.

— די גאַנצע וועלט האָט געציטערט — האָט ער געזאָגט מיט אַ שוואַך ציטערענדיג קול — ווען דער אויבערשטער האָט געזאָגט: זאָלסט נישט שווערען פאַלש. אַלע עבירות אין דער וועלט ווערען פאַרגעבען, די זינד פון פאַלש שווערען ווערט נישט פאַרגעבען. פאַר אַלע זינד ווערט מען בלויז אַליין גע־שטראָפט, פאַר פאַלש שווערען ווערט געשטראָפט די גאַנצע משפחה, ביז קינדס־קינדער. מען וואַרט אפילו נישט אין הימעל, נאָר מען נעמט באַלד געצאָהלט.

אַ ציטערניש איז דורך דעם גאַנצען בית־המדרש. אידען

זענען געשטאַנען בלאַסע, ווי נאָך אַ טאָג פאַסטען אין יום־כּיפּור פאַר נעילה.

— ווער! ווער! — האָבן זיך געהערט זיפצען.

— שופר! — האָט דער רב גערופן.

אַ איד אין אַ טלית האָט געבלאָזן שופר.

— זאָגט נאָך יעדעס וואָרט — האָט דער רב באַפוילן — איך, קנה בן העניע פעשע.

— איך, קנה בן העניע פעשע — האָט קנה נאָכגעזאָגט.

אָבער אין דער רגע איז דער ניעשאַווער רבי, וואָס איז געזעסן די גאַנצע צייט אין טלית און תפילין, אַ שפרונג אויף געגעבן פון זיין אָרט און אַ געשריי געגעבן מיט אַ פאַרכ־טיג קול.

— אויפהערען! — האָט ער גערופן — אויפהערען!

אַ טויט שטילשווייגען האָט אַרומגענומען אַלע. ביים קראָקעווער רב זענען די ווערטער פאַרגליווערט געוואָרען אין מויל.

דער נעשאַווער איז געשטאַנען אַ ווייסער, אַ שווערער, ווי אַ פאַרגליווערטע מאַסע.

— כ'וועל נישט דערלאָזן צו קיין פאַלשער שבועה אין מיין שטאָט! — האָט ער גערופן.

צווישען די רבנים איז געוואָרען אַ גערודער, אַ טומעל. דער רבי האָט אויפגעהויבען די הענט, אַ צייכען, אַז ער וויל רעדען. עס איז שטיל געוואָרען, ווי אין אַ קבר.

— איך, מלך, דער זוהן פון קדושים — האָט ער גע־זאָגט — זאָג עדות אין טלית און תפילין, אַז דער בעל־דין, וואָס זיצט דאָ פאַר אונז, איז מיין איידעם ר' נחום. ווען ער איז צוריקגעקומען נאָך פופצעהן יאָהר, האָב איך איהם נישט דערקענט. ער איז אַוועק אַ יונגערמאַן, אָהן אַ באָרד נאָך, און צוריקגעקומען מיט באָרד און פיאות. אָבער ער האָט מיר גע־געבען סימנים. ער האָט מיר דערמאָנט וועגען וואָס מיר האָ־בען געשמועסט אין לערנען. ער האָט מיר אויך דערמאָנט, אַז מען האָט פאַרקנייטשט אַ בלעטעל אין ספר רזיאל־המלאך. איך

האָב דאָס ספר נאָכגעזעהן און עס איז געווען, ווי ער האָט געזאָגט. ער האָט אויך געגעבן סימנים פון פראָסטע זאַכען, וואָס אַ שטייגער מען האָט געקאָכט אין טאָג פאַר'ן אַוועקגעהן זיינעם.

ער האָט פלוצלינג אַראָפּגעכאַפּט דעם של-ראש פון קאָפּ און, קלאַמערענדיג איהם מיט ביידע אַלטע הענט, האָט ער גערופען הויך:

— איך שווער ביים של-ראש דערויף!

ער איז שוואַך געוואָרען און זיך אַוועקגעזעצט.

אין בית-המדרש איז שטיל געווען. אין דער שטילקייט האָט זיך אַ געוויין דורכגעריסען. קיינער האָט נישט געוואוסט, פון וואַנען עס קומט.

קנה שמש האָט אַ פאַרלוירענער אויסגעטון דעם טלית און קיטעל. די ניעשאַווער וואָגשאָל איז געווען אינגאַנצען איבערפולט. אָבער ווי נאָר דאָס בית-דין האָט זיך צוריקגעזעצט און גענומען אויספרעגען איהם, דעם בעל-דין אַליין, אַז די וואָגשאָלען האָבען ווידער גענומען שפרינגען הין און צוריק, אַזוי אַז די רבנים אַליין האָבען זיי מיט'ן אויג נישט געקענט כאַפּען.

— בעל-דין — האָט דער קראָקעווער רב געזאָגט, נישט ווייסענדיג ווי אַזוי איהם צו רופען, נחום אָדער יאָשע — זאָגט פאַר'ן בית-דין, ווער זענט איהר?

— איך ווייס נישט — האָט געענטפערט דער גע'משפט'ער, נישט אויפהויבענדיג אפילו די אויגען פון ספר.

— איהר ווייסט נישט? — האָט דער קראָקעווער רב געזאָגט פול מיט שטוינען — ווען דען קען וויסען, אויב נישט יעדער מענש וועגען זיך אַליין?

— מען ווייסט גאָרנישט וועגען זיך אַליין — האָט דער בעל-דין געענטפערט.

— איך פאַרשטעה נישט — האָט דער רב געזאָגט.

— איך פאַרשטעה נישט — האָבען רבנים נאָכגעזאָגט.

דער ניעשאַווער רבי האָט אָנגעשטעלט די אויגען אויפ'ן בעל-דין.

— ר׳ נחום — האָט ער געזאָגט — איך פאַרשטעה דיינע רייד. אָבער פאַר׳ן בית-דין דאַרפסטו רעדען קלאָר. דו דאַרפסט זאָגען, אַז דו ביסט נחום.

— איך בין נחום — האָט דער בעל-דין נאָכגעזאָגט ווי אַ ווידער-קול.

— זאָג, ווען דו האָסט חתונה געהאַט מיט מיין טאָכטער — האָט דער רבי געזאָגט.

— אין ל״ג-בעומר תרכ״ט — האָט דער בעל-דין געזאָגט מיט דעם זעלבען פרעמדען קול.

דער רבי האָט אויסגעקוילערט די אויגען זיינע אויפ׳ן עולם.

— ווער פון עולם — האָט ער געפרעגט — איז געוועזען אויף דער חתונה פון מיין טאָכטער מיט מיין איידעם ר׳ נחום?

— איך! עך! יעך! — האָבען זיך געהערט שטימען.

דער רבי האָט אָנגעשטעלט די אויגען אויף דעם בעל-דין.

— איידעם מיינער, געדענקסט די דרשה, וואָס דו האָסט געזאָגט אויף דיין חתונה?

— יאָ.

— זאָג זי איבער פאַר׳ן בית-דין.

מיט אַ קול, וואָס איז פרעמד, ווי עס וואָלט געקומען נישט פון אַ לעבעדיגען מענשען, האָט דער בעל-דין די גאַנצע דרשה איבערגעזאָגט.

— אמת! — האָט אַ רב געררופען.

— כ׳געדענק! כ׳געדענק! — האָט אַ צווייטער איבער-געריסען.

דער רבי ר׳ מלך האָט געקוקט מיט צאָרן אויפ׳ן גאַנצען עולם.

— ביאַלאָגורער דיין! — האָט ער געררופען — איז דער יאָשע פון ביאַלאָגורע געוועזען אַ למדן, צי אַן עם-הארץ?

— ער פלעגט בלויז זאָגען תהילים — האָט דער דיין געענטפערט.

— אידען — האָט דער רבי געזאָגט — ר׳ נחום איז אַ למדן און אַ בעל-מקובל.

— נישט משיג צו זיין — האָט דער קראָקעווער רב גע-זאָגט.

— נישט משיג צו זיין — האָבען אַלע רבנים נאָכגעזאָגט.

דער רבי ר׳ מלך האָט זיך טיפער אַריינגערוקט אין שטוהל, ווי אַ זיגער. אָבער באַלד האָט ר׳ שכנא דיין אויסגע-שנייצט עטליכע מאָל די נאָז זיינע מיט אַ פייף און גענומען דעם בעל-דין אויפ׳ן פאַרהער, און די וואָגשאָל האָט ווידער גענומען שפּרינגען.

— יאָשע! — האָט ר׳ שכנא דיין געורופען — זאָג פאַר׳ן בית-דין, אַז דו ביסט נישט יאָשע קאָלב פון ביאַלאָגורע.

דער בעל-דין האָט געשוויגען.

— שווייגסט! — האָט ר׳ שכנא געשריגען — לייקענסט נישט! ביסט זיך, הייסט עס, מודה?

דער בעל-דין האָט געשוויגען.

ר׳ שכנא האָט זיך אויסגעצויגען, דאָפּעלט שמעלער און לענגער געוואָרען.

— רבותי — האָט ער געזאָגט — פּונקט אַזוי האָט ער געשוויגען אָדער נישט גערעדט צו דער זאַך אין ביאַלאָגורע, ווען ער איז געשטאַנען פאַר׳ן בית-דין. אין שטאָט איז, לא-עלינו, אַ מגפה אויסגעבראָכען. דעם שמש׳ס טאָכטער האָט אויף איהם עדות געזאָגט, אַז ער האָט, לא עלינו, מיט איהר געזינ-דיגט. אָבער ער האָט אויך געשוויגען ווי איצט. נישט מודה געווען זיך, נישט געלייקענט. מען האָט איהם מיט דעם שמש׳ס טאָכטער חתונה געמאַכט, אָבער ער איז אַנטלאָפען. זאָל ער מיר לייקענען!

איבער׳ן בית-המדרש איז אַ גרויל דורך.

— בעל-דין — האָט דער קראָקעווער רב געזאָגט — איהר האָט געהערט, וואָס דער דיין ר׳ שכנא האָט געזאָגט וועגען אייך פאַר׳ן בית-דין?

— יאָ — האָט דער בעל-דין געזאָגט.

— וואָס זאָגט איהר דערויף?

דער בעל-דין האָט געשוויגען.

ר׳ שכנא איז פון אָרט אויפגעשפּרונגען.

— לייקען! — האָט ער געשפּריצט מיט פייער — איך האָב עדות געזאָגט, אַז דו ביסט נישט נחום, נאָר יאָשע, יאָשע קאַלב, לייקען, אַז דו ביסט עס נישט.

דער בעל־דין האָט אַפילו אויף דעם שרייענדיגען דיין קיין בליק נישט געטון.

דער קראָקעווער רב האָט אַזוי גענומען טרייסלען מיט׳ן קאָפּ, אַז עס האָט אויסגעזעהן ווי אָט־אָט פאַלט איהם דער קאָפּ אַראָפּ.

— בעל־דין! האָט ער געזאָגט בייז — דאָס בית־דין פרעגט אייך, ווער איהר זענט?

— איך ווייס נישט — האָט דער בעל־דין געענטפערט.

דער קראָקעווער רב איז פון אָרט אויפגעשפּרונגען.

— איהר האָט געזאָגט, אַז איהר זענט נחום, דער איידעם פון ניעשאַווער רבין. זאָגט, פאַרוואָס זענט איהר אַוועק פון אייער ווייב?

— איך האָב אַזוי געדאַרפט.

— וואו זענט איהר געווען?

— אויף דער וועלט.

— רעכענט אויס די שטעדט, וואו איהר זענט געווען.

— זיי זענען נישט אויסצורעכענען.

— ווייסט איהר פון אַ שטאָט ביאַלאָגורע?

— יאָ.

— זענט איהר דאָרט געווען?

— איך בין אומעטום געווען.

— וואָס האָט איהר געטון אויף דער וועלט?

— איך ווייס נישט.

דער קראָקעווער רב האָט זיך אַוועקגעזעצט אַ שוואַכער. ער האָט נישט געקענט רעדען.

— אידען — האָט ער געזאָגט צו די רבנים, וואָס זענען געזעסען, ״עבען איהם — פיהרט איהר דערוויילע.

דער ערשטער האָט גענומען אויספרעגען דער אייזערנער

קאָפּ פון דינאַבורג. אָבער ער האָט גאָרנישט געקאָנט אַרויס־
קריגען. אַ גיכער, אַ צעטראָגענער, אַ פּלוט, וואָס פרעגט זיך
אַליין, ענטפערט זיך אַליין און רעדט גיך, האַלבע ווערטער,
מיט׳ן אויער נישט צו דערכאַפּען, האָט ער בלויז אַ צערודע־
רונג אַריינגעטראָגען.

— בעל־דין — האָט ער געזאָגט, רייבענדיק זיך אין שטערן
און בליצענדיג מיט די ווילדע אומרוהיגע אויגען — איינער
פון די צדדים מוז דאָך זאָגען ליגען. ווארים ממה־נפשך, זענט
איהר נחום, זענט איהר דאָך נישט יאָשע, און זענט איהר יאָ־
שע, זענט איהר דאָך נישט נחום, ראובן איז דאָך נישט שמעון
און שמעון איז דאָך נישט ראובן. אַזוי איז דאָך דער שכל
מחייב, יאָ, צי ניין? הע?

ער האָט זיגעריש אַ בליק געטון מיט די ווילדע אויגען
און, נישט וואַרטענדיג אַפילו אויף קיין ענטפער, האָט ער גע־
נומען מאָהלען גיך, שליגענדיג עטליכע ווערטער מיטאמאָל,
שיטענדיג מיט לומדות.

אָבער דער בעל־דין האָט איהם אַפילו נישט אָנגעקוקט.
האָט דער ליזשאַנער צדיק, דער, וואָס אידען ווילען איהם מאַ־
כען פאַר רבי און ער וויל נישט, איבערגעריסען דעם אייזער־
נעם קאָפּ אין דער סאַמע מיט.

ר׳ שמשון רפאל — האָט ער באַפוילען — זעצט זיך.

דער אייזערנער קאָפּ האָט נאָך אַביסעל זיך געהיצט, ווי
אַ ווילד פערד, וואָס לאָזט זיך נישט אָפּשטעלען אין מיטען
לויפען, און דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעזעצט. דער ליזשאַנער
צדיק האָט צוגעמאַכט די אויגען, ער האָט פאַרקנייטשט דעם
גרויסען שטערן, שטאַרק זיך פאַרטיפט, און מיט אַ סודות׳דיג
קול, וואָס האָט אויף אַלעמען גלייך אָנגעוואָרפען אַ מורא, האָט
ער גענומען פיהרען די זאַך גאָר אויף אַן אַנדער וועג. אָנ־
שטאָט אויספרעגען דעם בעל־דין, האָט ער גאָר גענומען אויס־
פרעגען אויפסניי די עדות, און פאַר אַלעמען די ווייבער, סע־
רעל דעם רבינ׳ס און צביה דעם שמש׳ס.

— גיעשאַוער רבינ׳ס טאָכטער — האָט ער געפרעגט —

איז אייער מאַן, נאָך זיין צוריקקומען צו אייך, אַ מענש גלייך ווי אַלע, אָדער ניין?

סערעל האָט געשוויגען.

— רעדט ער אַמאָל מיט אייך?

— ניין — האָט סערעל געזאָגט מיט טרויער.

— וואָס טוט ער? — האָט דער ליזשאַנער צדיק געפרעגט — ווי פיהרט ער זיך?

— ער זיצט פאַרשלאָסען ביי זיך אין שטיבעל.

— וואָס נאָך?

— אַ סך מאָל געהט ער אַוועק ביינאַכט אין פעלד און זוימט זיך לאַנג.

— אין פעלד ביינאַכט? — האָט דער ליזשאַנער איבער-געחזר׳ט — נו, און וואו נאָך געהט ער אַמאָל?

— צום בית-עולם — האָט סערעלע געזאָגט.

— צום בית-עולם? — האָט דער ליזשאַנער נאָך העכער איבערגעפרעגט.

ער האָט זי פלוצלינג באַטראַכט און געפרעגט:

— לעבט ער מיט אייך אין שטייגער פון מאַן און ווייב?

סערעלע האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— ענטפערט — האָט דער ליזשאַנער געזאָגט — בית-דין דאַרף עס וויסען.

— ווי אַ מאָל — האָט סערעל געזאָגט אַ פאַרפלאָמטע.

— האָט איהר איהם געזעהן אויסטון זיך? — האָט דער ליזשאַנער אַ פרעג געטון מיט גרויס וויכטיגקייט אין קול.

— ניין?

— פאַרהוילט ער זיך פאַר אייך?

— כ׳ווייס נישט.

— האָט איהר געזעהן זיינע פיס?

— ניין.

— איהר קאָנט שוין געהן — האָט דער ליזשאַנער געזאָגט.

סערעל איז אַוועקגעגאַנגען. אויף איהר אָרט האָט זיך געשטעלט צביה דעם שמש׳ס.

— אידענע — האָט דער ליזשאַנער געפרעגט — לאַנג האָט דער יאָשע אין ביאַלאָגורע געוואוינט ביים טאַטען דיינעם אין שטוב?

— לאַנג — האָט צביה געזאָגט

— פלעגסטו איהם זעהן ביינאַכט?

— יאָ.

— וואָס פלעגט ער טון ביינאַכט?

— געוויינט — האָט צביה געזאָגט.

— געוויינט? — האָט דער ליזשאַנער איבערגעפרעגט — פלעגט ער נישט אַרויסגעהן ביינאַכט אויפ׳ן בית-עולם?

— יאָ.

— האָט ער אַמאָל גערעדט מיט דיר?

— ניין.

— האָט ער געלאַכט אַמאָל? האָט ער געוויזען אַ פרעה-ליך פנים?

— ניין.

— האָסטו געזעהן, ווי ער טוט זיך אויס?

— הי, הי, — האָט צביה גענומען הירזשען.

— אידענע, לאַך נישט!—האָט דער ליזשאַנער אויף איהו אָנגעשריגען — האָסטו אַמאָל געזעהן זיינע פיס?

— ניין.

— האָט ער זיך פאַרבאָרגען פאַר דיר?

צביה האָט נישט פאַרשטאַנען. דער ליזשאַנער האָט זי באַטראַכט און געהייסען געהן.

ער האָט גענומען אויספרעגען די ביאַלאָגורער אידען.

— פון וואַנען איז דער יאָשע געקומען קיין ביאַלאָגורע?

— מיר ווייסען נישט — האָבען די אידען געזאָגט.

— איז ער געוועזן אַ מענש, צי האָט ער אַרויסגעוויזען מעשה-שטות?

— ער איז געווען אַ נאַר — האָבען די אידען געזאָגט — דערפאַר האָט מען איהם גערופען קאַלב.

— האָט ער עמיצען געטשעפעט?

— ניין, פאַרקעהרט, אַז מען האָט איהם געשלאָגען, האָט ער געשוויגען.

— פלעגט ער רעדען מיט עמיצען?

— ניין, ער האָט געשוויגען. שטענדיג אויסבאַהאַלטען זיך פון מענשען.

דער ליזשאַנער האָט די אידען דורכגענומען מיט די אויגען.

— האָט עמיצער געזעהן איהם אויסטוען זיך? — האָט ער געפרעגט.

— ניין.

— האָט עמיצער געזעהן זיינע פיס?

— ניין.

דער ליזשאַנער צדיק האָט אַראָפּגערוקט דעם ספּאָדיק איבער'ן קאָפּ און ווידער פאַרמאַכט די אויגען. אַלע זענען געזעסען אין מורא. באַלד האָט ער געעפענט די אויגען און מיט אַ ציטערדיג קול גענומען רעדען.

— רבותי — האָט ער געזאָגט — קלאָר ווי דער טאָג, אַז קיינער פון די צדדים האָט, חלילה, נישט געזאָגט קיין ליגען פאַר'ן בית-דין. אמת?

— אמת! — האָבען זיך געהערט ענטפערס פון פאַרשידענע זייטען.

— אידען — האָט דער ליזשאַנער געזאָגט — דער ניעשאַווער רבי האָט געזאָגט אין טלית און תפילין, אַז דער בעל-דין איז זיין איידעם. קיינער וועט, חלילה, נישט חושד זיין דעם רבי'ן אין שקר.

— חלילה! — האָבען קולות גערופען.

דער ליזשאַנער האָט אָנגעהויבען ציטערען.

— בעל-דין — האָט ער געזאָגט — זאָג, ווער דו ביסט!

— איך ווייס נישט.

— און איך ווייס יאָ — האָט דער ליזשאַנער געזאָגט — אַ גלגול ביסטו, הערסט!

איבער׳ן בית-המדרש איז אַ גרויל אַדורך.

— יאָ, יאָ — האָט דער ליזשאַנער צדיק געזאָגט, ציטערנ-דיג אינגאַנצען, קוקענדיג מיט דורכדרינגענדיגע אויגען דעם בעל-דין אין די גרויסע שוואַרצע אויגען אַריין — בלאָנדזשעסט אַרום, מאַכסט לצי-ליצנות און ווייסט אַליין נישט וואָס דו טוסט.

דער עולם איז געבליבען פאַרגליווערט. פון שרעק איז דאָס לשון אָפּגענומען געוואָרען.

דער ליזשאַנער אַליין האָט ווייטער גערעדט:

— ביסט נחום און דו ביסט יאָשע, ביסט אַ למדן און אַן עם-הארץ, קומסט פּלוצלינג אין שטעדט און פאַרשווינדסט פּלוצ-לינג פון שטעט, האַלסט זיך אויף אויף בית-עלמינ׳ס, וואַנדערסט איבער פעלדער ביינאַכט, וואו דו קומסט ברענגסטו אומגליק, מגפות, שרעקסט אויף בית-עולם׳ס, ביסט זיך מזווג מיט ווייבער, פאַרשווינדסט און קומסט ווידער, האָסט נישט קיין טעם אין דיין לעבען און אין דיינע מעשים, ווייל דו ביסט גאָרנישט, ווייל דו דרעהסט זיך אַרום אויפ׳ן עולם-התוהו, הערסט!

אויגען זענען געוואָרען דאָפּעלט גרויס, הערצער האָבען געפלאַטערט. ווי געפלאָגטע, ווי בלינדע, וואָס וואָלטען פּלוצ-לינג די אויגען געעפענט און דערזעהן מיטאַמאָל זייערע איי-גענע פּלאָג, אַזוי האָבען איצט מיטאַמאָל אַלע דערזעהן דאָס, וואָס האָט אַזוי לאַנג געמאַטערט, געלעגען אויף הערצער, ווי אַ שטיין.

— וועה איז מיר! — האָבען זיך זיפצען געטראָגען.

— לייקען! — האָט דער ליזשאַנער געשריגען צום בעל-דין — שווייג נישט!

דער בעל-דין האָט געשוויגען.

רוהיג, קאַלט און גלייך האָט ער געקוקט מיט זיינע גרויסע שוואַרצע אויגען, וואָס זענען אָפען, נאָר זעהען קיין זאַך נישט.

אַ ווײַלע איז געווען שטיל, ווי עס איז שטיל אין פעלד פאַר אַ שטורעם. פלוצלינג האָט זיך דער רבי ר׳ מלך אויפגע־הויבען האַסטיג פון זײַן אָרט און אויסגעקוילערט די אויגען זײַנע צום בעל-דין. אַ פאַרשטײנערטער, מיט אַן אָפען מויל, ווי אַ קבר, מיט גלעזערנע אויגען, וואָס קריכען אַרויס פון די אויגען-לעכער, האָט ער דורכגענומען דעם אײדעם זײַנעם און געמאַכט אַ טריט צו איהם.

— נחום — האָט ער געזאָגט.

אָבער אין דעם אויגענבליק האָט ער זיך אַ וואַקעל גע־טון און האַסטיג, ווי אַ באַרג, וואָס פאַלט אײַן, זיך אַראָפּגע־זעצט צו דער ערד.

אַלע מיטאַמאָל האָבען אויגענבליקלעך זיך אַראָפּגעלאָזט צום געפאַלענעם.

— רבי! — האָבען קולות געררופען.

ישראל אביגדור האָט גיך און מיט אַ געוואַלדיגען כוח אַלע אָפּגעשטופּט פון זיך. מיט דעם זעלבען כוח האָט ער גע־כאַפּט דעם שווערען רבי׳ן אויף די הענט און איהם אַרײַנגע־זעצט אין דער שטוהל, אָבער דער גוף איז געווען קאַלט און אומבאַוועגליך.

ישראל אביגדור האָט גענומען דעם טויטען גוף און איהם אַוועקגעטראָגען צום שולחן אויפ׳ן בעלעמער. דאָרט האָט ער איהם גלײַכגעלײגט, ווי מען לייגט גלײַך אַ ספר־תורה, און איהם איבערגעדעקט מיט אַ טלית.

— ברוך דיין אמת! — האָט ער געזאָגט הויך.

אַן אײַנצעלנער יאָמער, אַ מאַנסבילשער, נאָר אַ דינער, וואָס דערמאָנט אָן קלאָגען פון אַ נקבה, האָט דורכגעשניטען שאַרף דאָס גרויסע בית־המדרש, אַ יאָמער, אַ שווערער, אַ גרוי־ליכער.

## זיבעגאונצוואַנציגסטע קאַפּיטעל

אויף צומאָרגענס זענען אַלע וועגען, וואָס פיהרען קיין ניעשאַווע, געווען פול מיט אידען.

מיט באַהנען, מיט פערד און וועגען, צופוס, האָבען אידען געצויגען קיין ניעשאַווע אויף דער לויה פון רבי'ן ר' מלך. איבער גאַליצישע דערפער האָבען די פאַררעגענטע טעלעגראַפישע סלופּעס נישט אויפגעהערט צו ברומען, די דראָטען האָבען ווייט און ברייט געטראָגען די שלעכטע בשורה. פאַסטוכער זענען פון די סלופּעס גאָרנישט אָפּגעטראָטען.

נאָכ'ן רבינ'ס קבורה האָבען פינף זיהן געזאָגט קדיש. פינף פּאָר הענט האָבען אין אַטלעסענע קאַפּאָטעס די לאַצען איינגעריסען. גלייך דערויף האָבען מחנות אידען יעדען פון די זיהן אַרומגערינגעלט און מיט הויכע קולות גערופען:

— מזל-טוב, ניעשאַווער רבי!

ישראל אביגדור מיט אַן עולם האָט זיך אָפּגעטיילט און געזוכט אַרום זיך.

— ר' נחום! — האָט מען גערופען — וואו איז ר' נחום דער ניעשאַווער רבי? מיר ווילען איהם זאָגען מזל-טוב!

אָבער מען האָט איהם נישט געפונען.

מיט אַ שטעקען אין האַנט, מיט אַ פאַרלאַטעטען זאַק אויף די פּלייצעס, מיט אַ ליידיגען זאַק, אין וועלכען עס איז בלויז געווען טלית און תפילין און אַ שטיינדעל, צו האַלטען

געוויכט, איז ער געגאַנגען איבער פֿאַרשטויבטע וועגען מיט גרויסע ברייטע שפּאַן. דאָרפֿישע הינט זענען איהם נאָכגעלאָפֿען, פּאַסטוכער האָבען איהם שטיינדלעך נאָכגעוואָרפֿען, געשריגען: זשיד כאַלאַמיד! ער האָט זיך נישט אומגעקוקט. ער איז פֿאַרביי דערפֿער, לאָנקעס, וואַסערלעך, ווינט-מיהלען און געשפּאַנט אַלץ ווייטער און ווייטער.

פֿאַרנאַכט איז ער אָנגעקומען אין אַ אידיש שטעטעל און אַוועקגעגאַנגען צום בית-המדרש.

אָבער אידען האָבען איהם דערקענט און ענטלאָפֿען פֿון איהם.

— אַ שד! — האָבען אידען געשריגען און געלאָפֿען — אַ גלגול!

מען האָט פֿאַרהאַקט פֿאַר איהם טיר און טויער.

ער איז אַרויס הינטער דעם שטעטעל צום גוטען-אָרט. ער האָט אַוועקגעלייגט דעם זאַק צוקאָפּענס, דעם שטעקען דער-געבען, און ער איז איינגעשלאָפֿען.

די לבנה האָט איהם באַלויכטען און באַוואַכט.

# פון זעלבן מחבר

פערל און אנד. דערציילונגען

אויף פרעמדער ערד

שטאָל און אייזן

ניי־רוסלאַנד

די ברידער אשכנזי

1. געבורט
2. קוימענס אין הימל
3. שפינוועבס

פרילינג און אנד. דערציילונגען